יוד לאמעד מאלאמוט

# צוריסענע קיטען

ראמאן



מאלאמוט בוך קאמיטעט

פילאדעלפיא—נויארק

28

YUD LAMED MALAMUT

# BROKEN CHAINS

1946 - 1947

207 S. 42nd Street
PHILADELPHIA 4, PA.

# קיין אמעריקע און קיין ארץ ישראל

ווען עס איז אָנגעקומען א ידיעה, אז די ערשטע גרופּעס פון דעם עם-עולם זיינען זיך שוין פון א סאך שטעט און שטעטלאך צופאָרען קיין אמעריקא, און אז די מיטגלידער פון די אנדערע גרופּעס, די בי״לו׳צעס, קלייבען זיך גלייכצייטיג צו פאהרען קיין ארץ ישראל, האָט זיך גענומען רודערען אין קורילאָוועץ און אין מאָליוו.

יענע מיטגלידער וואָס זיינען געווען גרייט צו פאָהרען, האָבען געוואָלט אין וועג זיך באגעגענען מיט זייערע קרובים פון אנדערע שטעט און שטעטלאך, כדי, אז מען זאָל אין וועג זיך באקאנען, דערנעהענטערען, ווייל עס וועט אויסקומען צוזאמענארבייטען מיט זיי.

דער מאָליוור רב האָט גלייך באמערקט, אז יוחנן איז שטארק צערודערט, איז ער צוגעשטאנען צו איהם, ער זאָל איהם זאָגען די סבה פון זיין צורודערטקייט.

— מען דאַרף אָנהויבען טראכטען וועגען קלייבען זיך אין וועג אריין, — האָט איהם יוחנן געגעבען צו פארשטעהן: — ווי די זאך זאָל ניט זיין, האָב איך זיך דאָ שוין איינגעלעבט מיט אייך, און מיט גאנץ מאָליוו, און איצטער דאַרף מען ווידער וואָגלען, ווידער זיך איבערברעכען און איבעררייסען די ארבייט.״

— ווילען מיר זיך צוזאיילען, און פאָהרען מיט אייך אינאיינעם. — האָט איהם דער רב בארוהיגט, און באלד האָט ער אריינגערופען בתיה׳ן, און ער האָט א זאָג געגעבען:

— טאָכטער מיינע, דיין יוחנן איז אומרוהיג, ער וויל זיין צווישען דער ערשטער גרופּע עם עולם, און איך וויל איהם ניט פארהאלטען, ווייל איך ווייס אז זיין ארבייט איז שטארק נויטיג. ניט אלע קענען זיין חלוצים. מען דאַרף אויסטרעטען א וועג פאר אנדערע. מען דאַרף ברייגגען קרבנות, יוחנן איז פעהיג דערויף, און עס וועט נויטיג זיין, אז ער זאָל זיי אָנווייזען דעם ריכטיגען וועג. און זיי פיהרען, דעריבער איז מיין עצה, אז איהר זאָלט חתונה האָבען, כדי, אז מיר זאָלען זיך קענען אָנהויבען קלייבען קיין אמעריקע. — האָט דער מאָליווער רב פארענדיגט.

— טאַטע, לעבען. — האָט בתיה געשמייכעלט. — דו ווייסט, אַז ביי יוחנ'ן, און ביי מיר איז דאָס שוין אַ באַשלוס פון אַ שטיק צייט און פון דעם וועט קיין מניה ניט זיין.

כדי ניט אויפצומישען נאָכאַמאָל די געשיכטע פון יוחנ'ן'ס ערשטער ירידה, ווען מען האָט געמוזט אָפּלאָזען דעם שידוך, צו־ליב דעם, ווייל ער האָט זיך דערנסמאָלט אָפּגעריסען פון דער קייט, איז דער מאָליווער רב אַוועקגעפאָהרען קיין קורילאָוועץ, זיך דורכ־געדעדט מיט'ן רבי'ן, און דער רבי האָט מסכים געווען, אַז די חתונה זאָל ניט זיין אין קורילאָוועץ, נאָר אין מאָליוו.

צוליב דעם, וואָס דאָס פאָר פאָלק, וועט אינגיכען דאַרפען אַרויספאָהרען קיין אַמעריקע איז געמאַכט געוואָרען אַ שטילע חתונה, אָהן צופיל טאַראַראַם. דער רבי איז געקומען מיט זיינע נאָהענטע מקורבים און גבאים. עס האָט זיך אָפּגע'רעש'ט אַ וואָך צייט, און אין אַ קורצער צייט אַרום, ווען עס זיינען אָנגעקומען פון ניו יאָרק די שיפסקאַרטען פאַר'ן רב'ס בני בית, איז גאַנץ מאָליוו און אויך אַ שטיק קורילאָוועץ געקומען אַרויסבאַגלייטען ניט נאָר יוחנ'ן מיט בתיה'ן און דעם מאָליוווער רב, נאָר קורילאָוועץ איז אויך געקומען אַרויסבאַגלייטען איהר אייגענע גרופּע, וועלכע האָט זיך אין מאָליוו געדאַרפט אויפזעצען אויף דער באַהן ביז צו דער גרענעץ.

צוזאַמען מיט יוחנ'ן איז פון קורילאָוועץ געפאָהרען איציק דעם שוחט'ס פון דער עם עולם גרופּע קיין אַמעריקאַ, און בערעל מיט אַ קליינער גרופּע איז געקומען קיין מאָליוו, און איז געפאָה־רען מיט דער אייגענער גרופּע בלויז ביז דער גרענעץ, וואו זייערע וועגען האָבען זיך געדאַרפט צושיידען, וואָס אַנשטאָט דעם וואָס יוחנן איז געפאָהרען צו דער נייער וועלט. אין מערב, איז בערעל מיט זיין גרופּע געפאָהרען צו דער אַלטער וועלט. די אַמאָליגע אי־דישע היים, אין מזרח, קיין ארץ ישראל.

עס איז ניט געווען מעהר פאַרוואָס זיך צו שרעקען, כמעט אַלע זיינען געפאָהרען מיט פּאַספּאָרטען, און האָבען זיך צונויפ־געלעגט אַלע „קאַפּיטאַלען", און געמאַכט איין קאַסע, און האָבען אָנגעהויבען לעבען בשותפות'דיג. אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע.

די שטאָדט איז ארויסגעקומען צו דעם וואָקזאַל, זיך געזעגע-נען מיט יוחנ׳ן, און בתיה׳ן און מיט זייער ליבען מאָליוועך רב, וועלכער איז געווען באקאנט, אלס א גוטער ציוני, און האָט מעהר ווי איינמאָל פארשפראָכען, אַז אמעריקא איז ביי איהם נאָר אַ סטאנציע, ווייל ער האָט אן אָפמאך מיט זיינע מאָליוועך לאנדס-לייט, שוין פון יאָהרען צוריק, אַז ער וועט קומען צו זיי, און וועט רען זייער רב אין נויאָרק, אָבער ער האָט געהאָפט, אַז ערשט פון נויאָרק, וועט ער איננגיכען קענען פאָהרען קיין ארץ ישראל, און דאָרטען העלפען בויען דאָס נייע לאנד.

מען האָט זיך געקושט און געוויינט, זיך געווינטשעוועט, אַז איננגיכען זאָל מען זיך זעהן, ווער אין ארץ ישראל, און ווער אין אמעריקע. עס האָבען זיך אָפגעשפיגעלט הארציגע סצענעס ביי דעם געזעגענען זיך, און ווען מען איז געקומען צו דער גרענעץ, און די וועגען האָבען זיך ווייטער צושיידעט, האָט מען זיך ווידער צוזעגענט, ווידער געקושט און ווידער געוויינט.

ביידע מחנות זיינען געפאהרען מיט אַ זיסען חלום אין הארצען. די פאלעסטינצעס האָבען געטרוימט אז אין ארץ ישראל, וועלען זיי ווערען אידישע ערד ארבייטער, און וועלען ווייזען א גוטען ביישפיל. מאכען אַן אָנהויב פאר ניי, אידיש לעבען, א נאטור לעבען. זיי וועלען אַקערען און זעען, און וועלען לעבען יעדער אונטער ווייַנשטאָק, און אונטער זיין פייגענבוים, און אַז נאָך זיי וועלען אָנקומען פרישע, נייע חלוצים, וועלען אויפכאַפּען די אַר-בייט, קרעפטיגען זייערע הענט. עס וועט ווערען מעהר און מעהר ישוב, ביז עס וועט ווערען א קיבוץ גליות. עס וועלען זיך אָנ-זאַמלען אידען פון אַלע לענדער, פון רוסלאנד, פון פוילען, פון ליטע און אפילו פון אמעריקע, און אז אין ארץ ישראל, וועט זיך אָנהויבען שאַפען אַ ניי אידיש פאָלק, אַ פריי פאָלק, וואָס לעבט פון איינענער פראצע, פון קיינעם ניט געשטערט. אזוי האָבען גע-חלומ׳ט די מיטגלידער פון דעם קרייז בילו׳צעס.

יוחנן׳ס קרייז, ווידער, האָט דעם אייגענעם חלום געשפונען אינגאנצען אנדערש:

— ניט אָפזונדערען זיך, איזאָלירען זיך אין ארץ ישראל, און שלעפען צוריק צו דער פארגאנגענהייט, וועלכע איז שוין לאנג אָפ-

געווישט געוואָרען. און איז געבליבען נאָר א פרומער וואונש. א שלעכט פארשטאַנענער, אין דעם דאוונען פון פרומע אידען, און וועלכע פאָהרען אמאָל אויף דער עלטער אוועק קיין ארץ ישראל צו שטאַרבען אין דעם הייליגען לאנד, אָדער לעבען אויף חלוקה פון די פאָר גראָשען, וואָס ווערען אָנגעקליבען אין דער פושקע פון הרב מאיר בעל הנס, נאָר אויב פאָהרען, דארף מען פאָהרען אין דער נייער וועלט, וואו אלע מענשען זיינען פריי, און קענען ארבייטען און פארדינען. אמעריקע גיט ערד אומזיסט, יעדען איי-נעם, וועלכער וויל זיך אַוועקזעצען און קאָלאָניזירען דעם באָדען, און דאָס האָט יוחנן געהאָפט, וועט געשעהן מיט דער גרופּע עם עולם, זיי וועלען קומען אין אמעריקע, און וועלען ווערען ערד אַר-בייטער, אידישע האָרעפּאשניקעס. אידישע פּויערים, וועלען בויען אידישע קאָלאָניעס, אידישע פּויערים-דערפער, פארמערס, און אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, וועלען פּרעדיגען דעם סאָציאַליזם, לויט די לעהרען וועלכע זיינען שוין אָנגערעגט געוואָרען דורך די סאָציאַלע נביאים, ישעיהו א. און ישעיהו ב. עמוס, יחזקאל, יואל, און אנדערע.

— מיר אידען, וועלען אין דער נייער וועלט, אין אמעריקע, איבערפלאַנצען די נייע לעהרע פון די נביאים, און אַמעריקע וועט זיין דאָס מוסטער לאנד, פון וועמען אלע וועלען זיך ארונטערנע-מען דעם גוטען ביישפּיל. — האָט יוחנן גע'חלום'ט, וועגען אמע-ריקע, און אין יעדען פּראָיעקטירטען פּלאַן, פון דער גרופּע עם עולם, האָט ער געזעהן א שטיק גילדערנע, גליקליכע צוקונפט, ניט נאָר פאר אידען אַליין, נאָר פאר גאַנץ אמעריקע, און געהאָפּט האָט ער, אַז פון אַמעריקע, וועלען די נייע אידייען זיך אויך פארשפּריי-טען איבער דער גאנצער וועלט.

די גאנצע צייט אויף דער שיף זיינען געפיהרט געוואָרען דיס-קוסיעס וועגעןביידע פּארטייען. די עם עולם, און די בילו'צעס. מען האָט זיך געהיצט, געהאַמפּערט, געוויצלט, און וועגען קיין אנדער זאַך איז אזוי פיעל ניט גערעדט געוואָרען.

א סאך האָבען געחלום'ט, אז אין אמעריקע וועלען זיי אַר-בייטען, אָנקלייבען געלט, און דערנאָך פאָהרען קיין ארץ ישראל, און זיך דאָרטען באַזעצען אויף א נחלה. אנדערע האָבען גע'-טענה'ט:

— אז אמעריקע איז ארץ ישראל! וואָס דאַרף מען ארץ ישראל, ווען אין אַמעריקע זיינען אידען מעהר ניט אין גלות. ניטאָ קיין אוריאדניק, מיט קיין פריסטאוו. קיין כאבאר דאַרף מען קיינעם ניט געבען. אַלע זיינען גלייכע מיוחסים, פרייע בירגער. געבענשט זאָל זיין אמעריקע!”

צו דער שיף אין קעסל גארטען זיינען ארויסגעקומען צענדליגער מאָליוועד אידען, באגעגענען זייער רב מיט דעם בני בית. יעדער איינער האָט גאראנטירט אז דער רב וועט קיינעם ניט נאָר ניט פאַלען צו לאַסט, נאָר אז ער וועט אויסגעהאלטען ווערען בכבוד, אַלס אַ גייסטיגער פיהרער פון די מאָליוועד לאנדסלייט, וועלכע האָבען באוויזען, אַז זיי האָבען אויסגעבויעט פאר איהם אַ שעהנע, גרויסע שוהל, און איהם שוין אויך צוגעגרייט א באקוועמע דירה.

ווען דער רב איז ארונטערגעקומען פון דער שיף. איז עָר באגעגענט געוואָרען פון אן אָרקסטער, מאָליוועד כלי זמרים, וועלכע האָבען איהם געקענט, און עס איז איהם צוגעטיילט געוואָרען גרויס כבוד. מען האָט די רבנישע פאמיליע ארייגעזעצט אין אַ שעהנעם עקיפאזש, און אין דער באגלייטונג פון נאָך עקיפאזשען, אָפענע און פארמאכטע בריטשקעס האָט זיך געצויגען א פראָצעסיע פון דעם האַפען ביז צו דער שוהל.

די פּראָצעסיע איז געווען באַוואַכט פון נויאָרקער פּאָליציי, וועלכע האָט נאָכגעקוקט, אַז עס זאָל געהאלטען ווערען שטרענגע אָרדנונג.

אַביסעל פארשטערט איז יאָ געוואָרען די שמחה פון דעם פּאראַד, ווען פון אַ זייטיגער געסעל, איז געפלויגען אַ שטיין אַ אידען אין קאָפּ אַריין, און עס האָבען זיך געהערט מאָדנע קולות פון אַ ווילדען ניט אידישען המון, וועלכע האָבען אין יענער צייט ליב געהאט צו צופּען א גרינעם אידען ביי דער באָרד, און איהם מכבד זיין מיט זעהר ניט קיין שמייכלענדיגע צונעמענישען, און די פּאָליציי האָט געהאט א שווערע ארבייט דעם המון צו פּאַריאָגען פון דעם פּאראַד, וועלכער האָט געפיהרט דעם רב צו זיין ערשטען קבלת פּנים אין דער מאָליוועד שוהל.

— שנאת עולם לעם עולם ! — האָט יוחנן זיך איבערגעקוקט

מיט'ן שווער, און ער האָט עס איבערגעטייטשט פאַר דער רביצין און פאר בתיה'ן:

— עס איז די אייביגע שנאה פון דער וועלט צו דעם אייביגען אידישען פאָלק אין דער גאנצער וועלט... הייסט עס, אַז אויך אַמעריקע, איז נאָך ניט אינגאנצען קיין גן עדן פאר אידען, אָבער מען וועט זיי אויסלערנען, — האָט זיך יוחנן געטרייסט. זיצענדיג אין דעם עקיפּאזש. כל זמן אידען אליין געבען אָפּ גרויס כבוד צו זייערע פיהרער, איז שוין אלץ רעכט, פאר דאָס איבעריגע, וועט מען דארפען מיט די אומות העולם אריינקנעלען. מען וועט זיי אויסלערנען, אויסמענשלען.

די ערשטע עטליכע טעג זיינען אוועק אין רעש און אין טומעל. מענשען האָבען רק געהאלטען אין איין קומען צו דעם מאָליווער רב, אָפּנעהמען גרוסען. יעדער איינער האָט געלאָזט משפּחה אין דער היים, ווער אַ ברודער, ווער עלטערען, און ווער קען נאָך אזוי גאנץ מאָליוו, ווי דער מאָליווער רב, וועלכער איז ביי אלעמען גע-ווען אזוי באליעבט?

עס זיינען אריבער די ערשטע פּאַר וואָכען, און יוחנן האָט אָנגעהויבען פּלאַנעווען וועגען דורכפיהרען זיין פּראָיעקט מכח באזעצען זיך אויף ערד. נעמען זיך צו דעם פּלאַן, צוליב וועלכען ער איז געקומען אין אמעריקע, צו פארווירקליכען די חלומות פון דער גרופּע עם עולם.

עס איז פארופען געוואָרען אַ פארזאמלונג פון יענער גרופּע, וועלכע איז אָנגעקומען מיט א האלב יאָהר פריהער, און האָט באקומען א שטיק לאנד אויף יענער זייט האָדסאָן, אין דזשוירזי. די גרופּע האָט גערופען א פארזאמלונג, כדי אָפּצוגיבען א בא-ריכט, וועגען דעם לאנד, און וועגען די פּלענער.

יוחנן, צוזאמען מיט בתיה'ן, אין דער באגלייטונג פון דעם מאָליווער רב, זיינען מיט שמחה געלאָפען צו דער פארזאמלונג.

די פארזאמלונג איז פאָרגעקומען אויף ריווינגטאָן סטריט, אויף א דריטען פּלאָר, אין א חורבה מיט פאררויכערטע ווענט.

אין זאל האָבען זיך געוואלגערט אויף דעם דיל שטיקלאך פון אָפּגעברענטע ציגארעטען און ציגארען און אָפּגעברענטע שוועבע-

לאך. עס איז קענטיג געווען אז מען האָט דעם זאל שוין ניט אויפגעראמט עטליכע טעג, ווייל די ביינקלאך זיינען געשטאנען איבערגעדרייטע, ווי נאָך א פארזאמלונג וואָס מען פארלאָזט אין גרויס איילעניש.

די פארזאמלונג איז געווען פאררופען אויף אכט דעם זייגער, עס איז שוין געווען נאָך אכט, און איבער'ן זאל האָבען זיך ארומגעדרייט א פּאָר אָפּגעריסענע אידען, אין שמאטעס, זייערע קליידער האָבען דערציילט וועגען ניט קיין גרויס עשירות.

בתיה און דער רב, מיט זייערע גרינגע קליידער האָבען אויסגעזעהן אנטקעגען די אמעריקאנער, ווי אמת'ע אריסטאָקראטען. זיי האָבען מיט אומגעדולד ארויסגעקוקט אויף דער פארזאמלונג, כדי צו הערען א לעבעדיגען גערוס פון דער נייער באוועגונג, די „עם-עולם", צוליב וועלכער זיי זיינען געקומען קיין אמעריקא.

ענדליך זיינען זיך צוזאמענגעקומען אן עולם פון פופציג מענשען פון פארשיידענע עלטער, און אין גרויס רעש און טומעל איז געעפענט געוואָרען די פארזאמלונג.

א דריטעל פון דעם עולם האָט גערעדט אין אזא געמישטען אידיש, אז דער מאָליווער רב האָט א העלפט פון זייער לשון ניט פארשטאנען. דעם אידיש האָבען זיי געמישט מיט א גאסען ענגליש, און דער אידיש אליין איז געווען א געמישעכץ פון ליטווישען, פוילישען און אמעריקאנער אידיש, אן אמת'ער בבל, א צעמישעניש פון דיאלעקטען און לשונות. אָבער נאָך ערגער האָבען די געסט זיך דערפיהלט, ווען עס איז געקומען אויסצוהערען די באריכטען.

— דאס לאנד איז זומפּיג, פול מיט פליגען און מאסקיטאָס. — האָט אָנגעהויבען ספּעקטאָר, א איד, פון טיף רוסלאנד, ער האָט גערעדט מיט א רוסישען אקצענט, און גענוצט א סאך רוסישע ווערטער.

— איך בין געוואוינט צו זעהן גוטע ערד, פעטע, געזונטע, פּאָנימאיעטיע, ווי ביי אונז אין אדעס, און דאָ האָט מען אונז, אידעלאך, אויסגענארט, פארפיהרט, אונז אוועקגעזעצט אין אָ זומפּ, מען קען ניט אויסהאלטען פון די קריכעדיגע און בייסעדיגע א גאנצע נאכט. זיי דערגעהען אייך די יאָהרען.

— דאָס לאַנד אליין, אין דזשוירזי, איז מאָגער, אָרעם, איך וועל זיך דאָרט ניט באזעצען, און איך וואָרן אַלעמען צו זיין זעהר פאָרזיכטיג, זיך ניט צעברעכען, זיך ניט אומגליקליך מא-כען, ווייל קיין לעבען קען מען פון יענער ערד אין דזשוירזי ניט מאכען, — האָט ספעקטאָר פארענדיגט זיין באריכט.

עס זיינען אָבער געווען אנדערע, וואָס האָבען זיך געריסען צום וואָרט, אָבער זיי האָבען זיך ניט געקענט דערוואַרטען, ביז דער פאָרזיצער וועט אַלעמען איינשטילען, און דערנאָך זיי גיבען א וואָרט, האָבען זיך אָנגעהויבען טראָגען אַלערליי קולות איבער דעם זאַל:

— פאררעטער! בורזשוי! קאצאפ! אָט אזעלכע קאָמפּלימענטען זיינען געפלויגען איבער דעם זאל פון איינעם צו דעם אנדערען.

דער פאָרזיצער האָט געזעהן, אז ער קען דעם עולם ניט איינ-שטילען, האָט ער גענומען האמערען איבער'ן טיש, אז פון די קלעפּ פון דעם האמער אליין האָט מען געקענט טויב ווערען.

נאָכדעם ווי דער פאָרזיצער, פערלמאַן, א איד מיט א בלאַס פנים, מיט איינגעפאלענע באקען האָט אַלעמען בארוהיגט, זיך אויפגעשטעלט און גוט אויסגעמוסר'ט דעם עולם און אויף עט-ליכע מינוט, איז שטיל געוואָרען.

— ווי שעהמט איהר זיך ניט, אידען, — האָט פערלמאַן זיי געטאדעלט, — מיר זיינען אנטלאָפען פון רוסלאנד צוליב פאָגראָ-מען, צוליב רדיפות, מיר זיינען אין א פריי לאַנד, מיר האָבען אלע איין שעהנעם חלום, מיר ווילען בויען א נייע וועלט, אויף שעהנערע יסודות, מיר ווילען נאָך אפילו די מענשהייט לערנען וויסען, מיר טראָגען ליכט און אויפקלעהרונג. צו אלע אנדערע פעלקער דאָ אין דעם נייעם לאַנד, ווילען מיר דאָך זיי ווייזען א שעהנערעןביישפיל, אַז אַלע מענשען זיינען ברידער, יאָ? — האָט ער איראָניש באמערקט, און ווייטער גערעדט:

— נו, זעהט זשע, כאָטש ווי אזוי איהר אליין פיהרט זיך אויף ביי אייערער אן אייגענער פארזאמלונג. נאָך איצט, איידער איהר זייט אליין, ביי זיך אין דער קאָלאָניע, אויפ'ן לאַנד, וואו איהר שלאָגט פאָר צו לעבען ווי ברידער. געזעלשאפטליך, און קאָאָפּע-ראטיוו, לעת עתה זייט איהר נאָך אין דער פרעמד. דאָ איז נאָך

ניט די קאָלאָניע, און שוין ווארפט איהר איינער דעם צווייטען זלזולים אין פנים אריין, און יעדער איינער ביי זיך איז פול מיט פאראורטיילען קעגען דעם אנדערען, איז איינער ביי אייך א בור-זשוי, דער אנדערער, אַ קאצאפּ. — פוי, שעהמט זיך אידען!—האָט פערלמאן אויסגעשריען, און ער האָט זיך צוריקגעזעצט פיהרען די אָרדנונג פון דער פארזאמלונג.

פערלמאן איז פון אלעמען אפּלאדירט געוואָרען, אפילו פון יענע וועלכע האָבען אליין געטומעלט, און זיך ערשט געקריגט צווישען זיך.

ווען עס איז שטיל געוואָרען, האָט אנאנדערער גענומען דאָס וואָרט.

— מיר וועט איהר אנטשולדיגען. — האָט דער איד אָנגעהויבען. — איהר קענט מיך ניט. איך בעט אייך, אַז איהר זאָלט מיך אויסהערען. עס וועט אייך צונוץ קומען.

עס איז שטיל געוואָרען אין זאל. אלע האָבען זיך איינגעהערט און דער איד האָט ווייטער גערעדט:

— אָט ווי איהר קוקט מיך אָן, בין איך שוין אין אמעריקע צעהן יאהר. איך בין אפשר געווען אַן עם עולם'ניק. איידער מען האָט ביי אידען געוואוסט, וואָס אַן עם-עולם אידייע איז, אָבער איך בין אַ דאָרפ'ס איד פון דער היים. איך האָב אלע מיינע יאָה-רען געוואוינט אין א דאָרף, געהאלטען די מיהל, די ארענדע, דעם וואלד ביי די פּריצים, און איך פארשטעה זיך אויף ערד, און אויף תבואה, און אויף א סך זאכען וואָס האָבען צו טהאָן מיט דעם ענין קאָלאָניזאַציע, נו, אַז מען האָט אָנגעהויבען צו טרייבען אידען פון די דערפער, און זיי צושמעלצען מיט פּאָגראָמען פון אויבען, האָב איך זיך געזעגענט מיט'ן דאָרף, מיט דער אלטער וועלט, און בין געקומען קיין אמעריקע, און אַז איך האָב געזעהן, אַז ניט אידען קריגען ערד, און ווערען פארמערס, האָב איך אַ טראכט געטהאָן צו זיך אליין:

— די מלאכה קען איך דאָך אויך! אַ לעבען אפּגעלעבט אויפ'ן ישוב, אין א קרעטשמע, אין א מיהל, און האָב כסדר געאקערט און פארזעעט פעלדער און גערטנער, בוריקעס, און קארטאָפליעס, איז דאָך מיר גוט ווי די וועלט! נײן? דוכט זיך אַ פּשוטע זאך!

די גאנצע צייט, וואָס דער איד האָט גערעדט האָט יוחנן פון איהם ניט ארונטערגענומען קיין אויג, נאָכמעהר. עס האָט זיך איהם גערוכט, אז דעם אידענ'ס שטימע איז איהם באקאנט, און אז ער האָט איהם שוין ערגעץ געטראָפען און איהם געקענט.

דער גאנצער עולם איז אזוי פאראינטערעסירט געוואָרען אין דעם אידענ'ס רייד, אז מען האָט אָנגעהויבען צו פאָדערען פון דער פארזאמלונג, אז דער איד זאָל צוקומען צו דער פלאטפאָרמע, ווייל ביז איצט איז ער געשטאַנען און האָט אַדרעסירט דעם עולם פון זיין פלאַץ, וואו ער איז ביז איצט געזעסען.

— קומט ארויף אַהער — האָט דער פאָרזיצער איהם אַ פּאָר מאָל דערמונטערט, און פאָרגעשלאָגען, און ענדליך האָט דער איד איינגעווילעגט, און ער איז אַרויפגעקומען אויף דער פלאטפאָרמע, וואו עס איז געזעסען דער פאָרזיצער מיט אַ קאָמיטעט, אַ סעקרע-טאר, און אַ קאסירער.

ווען דער איד איז אַרויפגעקומען, האָט דער פאָרזיצער אַ זאָג געטהאָן צו איהם:

— זאָגט מיר אייער נאָמען, וועל איך אייך געהעריג פאָרשטע-לען פאר דעם עולם, און איהר וועט קענען ווייטער רעדען ניט געשטערט:

— יאָסעל זשיטניקער איז מיין נאָמען. — האָט דער איד אליין אויסגערופען צו דעם עולם, וואָס וועהרענד פאר אלעמען איז דאָס בלויז געווען אַ נאָמען, ווי א נאָמען פון דער הפטורה, אָבער ווען די ווערטער — יאָסעל זשיטניקער — האָבען זיך דערטראָגען צו יוחנן'ס אויערען, און ער האָט איצטער געכאפּט אַ קוק אויף יאָסלען האָט זיך ביי יוחנ'ן אָפּגעריסען אין הארצען.

פאר עטליכע מינוטען צייט, האָט יוחנן ניט געהערט מעהר קיין וואָרט, וואָס דער איד האָט גערעדט, נאָר פאר איהם איז דורכגעלאָפען זיין אייגענע יוגענט. דאָס דאָרף, וואוהין ער איז אָנגעקומען, ווען ער האָט אוועק געוואָגעלט פון קורילאָוועץ, און אויפמאָרגען ווי מען האָט איהם מכבד געווען אין א שכניש שטעד-טעל מיט די אמת'ע נאסע טיכער, און מיט מלקות.

— דאָס איז דאָך דער יאָסעל, ביי וועמען ער האָט געפונען אַ

היים. אין זיין הויז, לערנענדיג מיט יאָסעל'ס קינדער, וואו מען האָט איהם אפּגעהיט, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

— יאָסעל, דאָס איז דאָך געווען א איד, אַ ריעז, און איצטער, אינגאנצען עטליכע יאהר, וועה, ווי דער איד זעהט שוין אויס! קיין איין גרויע האָר אין קאָפּ האָט דאָך יאָסעל ניט געהאט. גע-ווען א יונגער מאַן נאָך. און איצטער, וויים, אינגאנצען ווייס. און שוין ניט איין צאָהן אין מויל, און ווי חושכדיק ער זעהט עס אויס!

יאָסעל האָט ווייטער גערעדט:

— צו ערד ארבייט אין אמעריקע דאַרף מען ניט נאָר האָבען אייזערנעם כח, נאָר אויך קרח'ס אוצרות. מען דאַרף מאשינעריע. מען דאַרף מאַכען איריגאַציע. מען טאָר זיך ניט פארלאָזען נאָר אויפ'ן רעגען, וואָס קומט פון הימעל. מען דאַרף אויך זיין צוגע-גרייט, אין פאַל דער הימעל גיט ניט קיין רעגען. אידען, וועלכע האָבען אין זייער לעבען קיין ערד ניט באארבייט, זאָלען זיין זעהר פאָרזיכטיג, ווייל אפילו אויף דעם בעסטען באָדען, איז דאָס א צו סעריעזער ענין. . . ניט אלע יאָהר איז אַ גערעטעניש. עס איז אמאָל גאָר אַ שפּעקולאציע. די רעגירונג וועט אייך געבען דאָס שטיקעל ערד נו, וואָס זשע וועט איהר טהאָן? גריזשען די ערד? איהר דאַרפט זריעה, איהר דאַרפט האָבען פון וואנעט צו לעבען דורך דעם שווערען ווינטער. איהר דאַרפט א בהמה, איהר דאַרפט עופות, און מען דאַרף וויסען, ווי אזוי צו געהן ארום אַ בהמה, און אַרום עופות, און אַרום אַ פערד. עס זיינען דאָ טויזענד און איין זאכען צו וואָס אַ פאַרמער דאַרף זיך צוגעוואוינען. טאקע, ווייל עס איז אַמעריקע. דאָס אַמעריקאנער קינד וויל ניט זיצען אויף דעם פארם. ווייסט איהר פארוואָס? ווייל ער וויל געהען אין אַ טעאטער. ער וויל געהען קיין נויאָרק, ווייל נויאָרק ציהט און רייצט צו זיך מיט טויזענד כישופ'ן, און דעם פאַרמער'ס קינדער, קענען ניט אויסשטעהן דעם נסיון, ווינטער. עס איז זיי אומעטיג, לויפען זיי קיין נויאָרק, און זיי באַקענען זיך ווינטער מיט נויאָרק, ווילען זיי שוין אפילו זומער, ווען עס איז שעהן, אויפ'ן פאַרם ניט זיצען.

— דאַרף דער פאַרמער אָנקומען צו געדונגענע ארבייטער. אָבער מיט פרעמדע אַרבייטער צו באארבייטען די ערד איז קיין

ברכה ניטאָ. . . — האָט יאָסעל ווייטער גערעדט, און אַלע האָבען געפיהלט, אַז דער איד רעדט פון סידור. . . ער ווייסט דאס פאַר-מער לעבען אזוי גוט, בעסער פון זיי אַלע. יעדעס וואָרט האָט גע-קלאפט ווי מיט אַ האמער איבער׳ן קאָפּ, און אין הארצען, אָבער עס האָט זיך געוואָלט הערען, מחמת, מען האָט געפיהלט, אַז דער איד דערצעהלט דעם ביטערען אמת.

ווען יאָסעל האָט געענדיגט, איז אמת קיין גרויסער אפּלאָדיס-מענט ניט געפאלען. מחמת עס זיינען אין זאַל דאָך געווען אידע-אַליסטען. גרינע, וועלכע זיינען קיין אמעריקע געקומען, נאָר צו-ליב דער אידייע פון דער גרופּע עם עולם, וועלכע האָט אין יענער צייט פּאָפּולער געמאכט די אידייע פון ערד ארבייט, און פון קו-מען אין אמעריקע, און זיך קאָלאָניזירען און ווערען אַן אגריקולטור פאָלק. זיי האָט יאָסעל׳ס רעדע, כאָטש אַן אמת׳ע, אבער פאָרט געשניטען דאָס פלייש, ווי מיט מעסערס.

מעהר ווי אַלעמען, האָט יוחנ׳ן געבלוטעט דאָס הארץ, ווייל ער האָט דאָך יאָסלען אזוי גוט געקענט! ביי איהם אין הויז גע-לעבט, געגעסען און געטרונקען. זיינע קינדער דערצויגען, און יוחנן האָט גאנץ גוט געוואוסט, אַז יאָסעל. דאָס איז דער אמת אליין. אַ פּראָסטאַק אַ איד, אָבער אַן עהרליכער ביז גאָר. יאָסעל האָט דאָך זיין מאמען אין גאנצען לעבען מיט קיין איין הויך וואָרט ניט מרגז געווען.

— וואָס פאַר אַ מאָדנער צופאַל! — האָט יוחנן אין דער שטיל אַ זאָג געגעבען צו בתיה׳ן: — דער איד איז יאָסעל זשיטניקער. דו האָסט דאָך געהערט דעם נאָמען. נו, זשיטניק איז דאָס דאָרף, וואו איך בין געווען אַ לעהרער, איידער איך בין אָנגעקומען קיין מאָליוו צו אייך אין הויז אַריין. ער איז דענצמאָלט ארויסגעטריבען געוואָרען פון זשיטניק, ווען איך בין אָנגעקומען צו אייך קיין מאָליוו, זעה נאָר, ווי אַ מענש קען דאָס דיר אין עטליכע געצעהלטע יאָהר אַזוי פארשווארצט ווערען, וועה. וואָס אַמעריקע מאכט פון אַ מענשען! עס ליגט דאָך שוין די ערד אויף איהם!״

בתיה און דער מאָליווער רב האָבען געגאפט, ווען זיי האָבען דערהערט וואָס יוחנן האָט דערצעהלט וועגען דעם אידען, און זיי-נען ביידע געבליבען זיצען ווי געפּלעפט.

— ווי אלט איז דער איד איצטער, יוחנן! — האָט דער רב אַ פרעג געגעבען, און יוחנן האָט געענטפערט: — אויב פינף און דרייסיג איז אַ סך! מחמת זיין עלטסטע קינד איז געווען אַ מיידעלע פון אַ יאָהר אַכט, ניין, אסתר'ל, און נאָך איהר איז געווען אַ קליינער אינגעלע, וועמען איך האָב געלערנט זאָגען — מודה. איך האָב איהם געזאָגט — שהחזרתה בי נשמתי, און ער האָט אַלע טאָג געזאָגט — שיכונזאָקען בין ניט שמוציג. איצטער זעהט שוין יאָסעל אויס, ווי אַ איד אריבער פופציג. אַט האָסטו דיר אמערי-קאנער גליקען פון ערד ארבייט, מיט אַ אידייע פאר דעם עם עולם. . . — האָט יוחנן פארענדיגט.

דערנאָך האָבען אידען גערעדט און געטומעלט. אייניגע האָ-בען גע'טענה'ט, אַז אַפילו דער פּלאַן זאָל דורכפאלען, איז כדאי אויספּרובירען, מחמת נויאָרק איז איבערגעפּאקט מיט אידען, און וואָס טהוען אידען אין נויאָרק, ווערען קאָלאָמבוסניקעס, פּרע-סערס, צושניידערס, שוין דאָ געננוג פון זיי, אָדער אידען ווערען „באָסעלעך. . .” זיי דינגען אַ קעלער, און ווערען קאנטראַקטאָר-לאַך. זיי עקספּלואטירען אנדערע . . . זיי קוועטשען ארוים די נשמה פון דעם גרינעם אידען, אָבער דאָס וועט אידען קיין גוטעס ניט טהאָן. זיי וועלען אמאָל אין אמעריקע טייער באצאָהלען דער-פאר. . . טו זאָל אַ קליינער פּראָצענט פון אידען דאָך זיך באַ-מיהען און זיך צושלאָגען צו ערד ארבייט. איינמאָל וועט דער עקספּערימענט דורכפאלען, אַ צווייטען מאָל, אָבער סוף כל סוף וועלען אידען אויך ליב קריגען די ערד, און די דערפאהרונג וועט זיי אויסלערנען, וואָס זיי האָבען צו טהאָן, און ווי אזוי צו באַ-זיגען די אלע שוועריגקייטען, מיט וועלכע ערד-ארבייט איז פאר-בונדען.”

עס איז געבליבען אויסצוקלייבען אַ נייעם קאָמיטעט, און דער קאָמיטעט זאָל פאָהרען קיין דזשוירזי, און אָנקוקען די ערד, זאָל רעדען מיט די פארמער, וועלכע זיינען שוין דאָרטען איינגעאָר-דענט, און זיך צופרעגען, וועגען די רעזולטאטען, און ווי אזוי עס לעבט זיך דעם פארמער, און אין צוויי וואָכען ארום, זאָל מען אריינברייגנען אַ באריכט צו דער קומענדיגער פארזאמלונג.

— שלאָגט פאָר אַ קאָמיטעט ! — האָט דער פאָרזיצער אויס-גערופען, און האָט זיך געווענדעט צום עולם.

— שלאָגט פאַר פון דעם פלאַר, פון די פּאָרזאמעלטע. שיקט מענשען, וועמען מען קען געטרויען. — האָט דער פאָרזיצער אלע־מען געראטהען.

— איך שלאָג פאַר יאָסעל זשיטניקער! — האָט יוחנן זיך אָפּ־גערופען, כאָטש קיינער האָט איהם דאָ ניט געקענט, אָבער אויך יאָסעל. אזוי גיך, ווי ער האָט דערהערט יוחנ׳ןס שטימע, האָט זיך אויסגעדרעהט, געזעהן פון וואנעט עס קומט דאָס קול, און ער האָט זיך אן איבערראשטער אויפגעשטעלט, און א קוק געטהאָן אויף יוחנ׳ן, און איהם דערקענט.

יאָסעל האָט זיך דערפרעהט, איז צוגעלאָפען גלייך צו יוחנ׳ן, איהם געכאפּט קושען, ווי מען קושט אן אייגענעם ברודער:

— יוחנן, דו אין אמעריקע! יוחנן טווערסקי! גאָט׳ס נסים. מיר זעהען זיך ווידער!

— פון וואנעט ווייסט איהר, ר׳ יאָסעל, אז איך בין א טווערסקי? — איך האָב אייך קיינמאָל דאָך מיין צווייטען נאָמען ניט געזאָגט. — האָט יוחנן אן איבערראשטער איבערגעפרעגט.

— פאַר אזא שוטה האָסטו מיך טאקע געהאַלטען, הא, יוחנן! — האָט יאָסעל געלאכט, און איהם דערצעהלט:

— דו מיינסט טאַקע, אז איך האָב ניט געוואוסט, ווער דו ביזט, הא? ווי ווייט איז אינגאנצען קורילאָוועץ פון זשיטניק? גאָרניט! איך האָב געוואוסט ווער דו ביזט, און אז דו ביזט דעם רבינ׳ס אן אייניקעל. א קליינינגקייט מיין קורילאָוועצער רבי, וועל איך ניט קענען זיין אייניקעל, הא? נאָר גאָרניט. . . דו ביזט געקומען, האָסט געוואָלט זיך אָפּשטעלען ביי מיר אין דאָרף, אין מיין הויז, זיין א מלמד ביי מיינע קינדער, מהיכי תיתא. . . אפילו ווען איך בלייב נאָך צעהן יאהר אין דאָרף, און ווען אפילו דו וואָלסט ניט געקענט זיין קיין לעהרער, וואָלט איך דיך דען אוועקגעשיקט? און סתם א אידען, שיקט מען דען ארויס פון א דאָרף? כ׳מיין, גויים שיקען ארויס אידען פון די דערפער, פון זשיטניק, פון פּאָפּעליוך, אָבער איין איד דעם צווייטען, וועט ניט ארויסשיקען, בפרט נאָך א יוחנ׳ן טווערסקי; דעם רבינ׳ס אן איי־ניקעל. . . — האָט יאָסעל נאָך אלץ גערעדט א באגייסטערטער פאַר יוחנ׳ן.

— יאָסעל, איהר נעמט אָן? — האָט פּערלמאַן, דער פּאָרזיצער איבערגעפרעגט, און יאָסעל, וועלכער איז איצטער געווען אויסער זיך פון פרייד האָט אויסגעשריען:

— אויב יוחנן טווערסקי, וועט אָננעמען, וועל איך אויך אָנ-נעמען.

— ווער איז יוחנן טווערסקי ? — האָט דער פּאָרזיצער אַן איבערראשטער איבערגעפרעגט.

— יאָסעל, האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט, האַלטענדיג יוחנ׳ן פאר דער האנט.

— ברודער פּאָרזיצער, דער יונגערמאן, וועמען איך האַלט איצ-טער פאר׳ן האנט, איז אַ גרויסער יחסן, ניט נאָר צוליב דעם יחוס פון זיין משפּחה, נאָר ער איז יחוס עצמו. . .

דער איד איז געווען לעהרער ביי מיר אין דער היים, ווען איך האָב געהאלטען די מיהל. איך קען זיין זיידען, וועלכער שמ׳ט איבער אוקראאינע. אָבער אויך דער יונגערמאן איז געקומען אהער קיין אמעריקע שוין מיט אַ גרויסען נאָמען. איך וועל ניט געהען איהם אין די אויגען איבערדערצעהלען די נסים ונפלאות, וועלכע ער האָט געטהאָן פאר אידען. זיי געראטעוועט פון בלבולים, פון מוסרים. איהר זעהט, ווי ער וויל דאָס ניט ליידען. ער האָט אפילו ניט געוואוסט, אויב איך ווייס פון דעם, נאָר מיין משפּחה פון קורילאָוועץ האָט מיר ווענען איהם די אלע יאָהרען ניט אויפ-געהערט צו דערצעהלען אזעלכע מופתים, אז ער איז אפשר נאָר אַ גרעסערער גוטער-איד פון דעם קורילאָוועצער. . .

עס איז געפאלען אַ גרויסער אפּלאָדיסמענט, און פּערלמאַן האָט אַ זאָג געגעבען:

— מיר ווילען מטריח זיין יוחנן טווערסקי, ער זאָל אונז אָנ-טהאָן דעם כבוד, און אַרויפקומען אויף דער פּלאַטפאָרמע, זאָל ער אונז זאָגען אַ פּאָר ווערטער, און אונז אָפּגעבען אַ גערוס פון דער אַלטער היים, פון וועלכער ער איז אפּנים ניט לאנג געקומען, אויב מען קען דערקענען אידען אין זייער הולך, פון דער גרינער הלבשה. . .

יוחנן האָט זיך דורכגעקוקט מיט בתיה'ן, און מיט'ן מאַליוווער רב, און ווען זיי האָבען איהם דערמוטיגט, מיט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ, איז ער לאַנגזאַם צוגעגאַנגען און ער איז אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע.

— חשוב'ע פארזאמלונג. — האָט יוחנן אָנגעהויבען. — איך ווייס ניט פארוואָס מיר קומט צוגעטיילט ווערען אַזאַ כבוד. דאָ זיצט אַ גרעסערער מענש פאר מיר, איהר ווייסט אפשר ניט, אַז דאָ אין זאַל, צוזאמען מיט מיר, זיצט די גאַנצע צייט דער מאַ-ליוווער רב, מיין שווער, אַ גרויסער אידעאַליסט, און איך האָב געהאט א סך צער, ווען אין אָנהויב פון דער פארזאמלונג איז ביי אייך ניט געווען קיין אָרדדונג, און קיין שלום, נאָר אפשר בין איך, ווי מען רופט דאָס ביי אייך אַ גרינער, וועט איהר מיר מוחל זיין, וואָס קען אַ גרינער וויסען, וועגען די אַמעריקאנער מנהגים ?. . . . האָט יוחנן געשפּאַסט — ווער ווייסט, קען זיין, אַז ווען גרינע אידען, רבנים, קומען ארונטער פון שיף, און איי-רישע זיינען זיי מכבד מיט שטיינער אין קאָפּ, איז דאָס אויך ניט קיין בזיון, נאָר גלאט אזא מנהג, און ווער ווייסט, אפשר, ווען פופציג אידען קומען זיך צוזאמען, איז אַזאַ מנהג אין אמעריקע, אַז די ערשטע שעה דאַרף אַוועקגעהן אויף קריגען און אמפּערען זיך, דערנאָך ערשט קלייבט מען אוים קאָמיטעטען. און אַלע מאַ-כען שלום, בעטען זיך איבער, קען זיין אַז אַזוי פאָדערט דער מנהג המדינה. . .

דער עולם אין זאַל, האָט שטאַרק פארשטאנען יוחנן'ס אָנדיי-טונג, און מען האָט איהם אַפּלאָדירט, זיינע ווערטער האָבען זיך גלייך איינגעוואָרעמט ביי מענשען אין די הערצער, דערמוטיגט פון דעם עולם האָט יוחנן ווייטער גערעדט:

— איך וועל ניט רעדען צו אייך וועגען אייערע הנהגות, מאכט ניט אוים, אויב זיי געפעלען מיר יאָ, אָדער ניט, כאָטש איך בין זיך מודה פאר אייך, אַז זיי געפעלען מיר ניט. איך וועל אייך אָבער איבערגעבען אביסעל איינדריקען פון וועג, איהר ווייסט דאָך: גרינע רעדען אַ לאַנגע צייט פון וועג. מיר זיינען דאָ ניט לאַנג, קען זיין אַז אונזער שיף האָט זיך נאָך אפילו ניט אומגע-קעהרט אויף איהר צוריק-רייזע. געקומען זיינען מיר אהער, ווייל דאָרטען האָט מען אונז גע'רודפ'ט, און ווען עס איז געבוירען גע-

וואָרען די אידייע פון דער גרופּע עם עולם האָבען מיר זיך אָנ-געשלאָסען. דאָס הייסט, מיין פרוי, דעם מאַליוועך רב'ס טאָכטער, און איך. ביז דער גרופּע עם עולם, האָבען מיר געהאט אויסצו-היטען אידען פון פּאָגראָמען, פון צרות, און מיר האָבען געזעהן אַ רעטונג אין דעם אידעאַל פון דער עם עולם גרופּע. אנדערע האָ-בען עס געזעהן אין דער אידייע פון די בילוצ'עס. אונזערע חברים זיינען מיט אונז געפאָהרען ביז דער גרענעץ און ביי דער גרענעץ האָבען מיר זיך צושיידעט, ווער קיין אמעריקע, ווער קיין ארץ ישראל, קען זיין, אז מיר מאַכען א טעות, און די געשיכטע וועט אונז ווייזען, אַז מיר דאַרפען זיך ערשט פאַרקירעווען און שאַפען אַ נייע היים, טאַקע אין ארץ ישראל, ווייל די ניט-אידען, איך וויל ניט זאָגען „גויים". עס איז אַ מיאוס וואָרט, וואָרפען נאָך אפילו אין אמעריקע שטיינער אויף אַ אידישען פּאַראַד, אפילו ווען די אידען זיינען מקבל פּנים אַ רב פון אייראָפּאַ, איז דאָך א סימן, אַז די ניט-אידען זיינען נאָך אַפילו ניט דערוואַקסען צו דער שטו-פע אויף וועלכער מיר געפינען זיך.

אלע האָבען דערפיהלט, אז דאָס רעדט א פיהרער, א יונגער מענש מיט אַ גרויסען אידעאַל אין האַרצען, פאַר וועלכען ער איז גרייט צו ברייננען קרבנות.

ספּעקטאָר האָט זיך אָפּגעזאָגט צו זיין אין דעם נייעם קאָמי-טעט. עס זיינען אריין דער פּאָרזיצער, פּערלמאַן, יאָסעל זשיטני-קער, יוחנן טווערסקי, און זיין פרוי, בתיה.

ערשט נאָך דער פאַרזאַמלונג, שוין גאַנץ שפּעטלאָך, האָט דער עולם פאַרהאַלטען דעם גאַסט אויף יאָסעל'ס א וואונק, און יוחנן האָט זיי איבערגעגעבען זיינע איינדריקען, פון דעם וואָס קומט איצטער פאָר אין רוסלאַנד, און ער האָט דערצעהלט:

— רוסלאַנד גראָבט איהר אייגענעם גרוב. די רעגירונג זוכט זיך צו ראַטעווען דורכדעם, וואָס כדי אָפּצוציהען דעם צאָרן פון דעם פּאַראָרעמטען, פאַרשקלאַפּטען אומוויסענדיגען פויער, רייצט די רוסישע רעגירונג אליין, צו פּאָגראָמען, און איהרע אוריאַדני-קעס, זיינען אפילו אַליין גרייט, צו העלפען אָרגאַניזירען די פּאָ-גראָמען אויף אידען. עס ווערט פאַר די אידען אונמעגליך ניט נאָר אין די דערפער, צו עקזיסטירען, נאָר אויך אין די שטעדטלאך,

ווייל דער פויער קומט מעהר ניט האנדלען מיט׳ן אידען, ווי אמאל איז געווען, נאר דער פויער קומט אויפ׳ן יאריד מיט לײדיגע זעק, צו פאגראמירען, צו ראבירען, פלינדערען און רויבען. — האט יוחנן דערצעהלט.

מיט א שווער געמיטה זיינען אלע געזעסען, און האבען זיך איינגעהערט, געשאקעלט מיט די קעפ, און האבען געזיפצט, ווייל די וואונד איז געווען פריש ביי אלעמען אין די הערצער. יעדער איי-נער האט געהאט משפחה, קרובים אין דער אלטער היים, און עס איז געווען אלעמענ׳ס אומגליק. יעדער איינער האט געטראכט, ווי מאכט מען, אז וואס שנעלער זאל מען קענען אריבערברייננגען די משפחה פון רוסלאנד קיין אמעריקא, און פטור ווערען פון דעם פינסטערען רוסישען צאריזם, אונטער וועלכען עס שמאכטען אלע, און עס זעהט זיך ניט קיין אויסוועג.

דערנאך האט ער זיי דערצעהלט, אז די ארבייט געהט איצטער אן אויף צוויי פראנטען. פון איין זייט ציהט זיך די אידעאליס-טישע יוגענט אונטער דער פאהן פון דאקטאר לעא פינסקער׳ס אוטא עמאנציפאציאן, פאר זיך צוגרייטען צו ארץ ישראל, און דער גייסט איז א אידיש וועלטליכער. דראנג צו ערד ארבייט, אויפהערען צו זיין א גלות פאלק, לופט מענשען, נאר זיך צובינדען צו אידישער נחלה, צו ערד ארבייט אין דעם לאנד פון די אבות, און דארטען צו בויען א צוקונפטיגע היים פאר אידישע דורות, וועלכע וועלען קומען שפעטער.

— די ארבייט איז א שווערע, אן אנגעשטרענגטע, — האט יוחנן זיי געגעבען צו פארשטעהן און כאטש ער איז ניט געווען איינער פון די אנהענגער פון יענער אידייע, האט עס איהם אבער ניט געשטערט צו קענען זעהן אויף דעם הייליגען, אידעאליסטי-שען פאקעל, וועלכער האט זיך געצויגען צו דעם וייטען מזרח, און האט באלויכטען א שטיק פון דעם פינסטערען, אידישען לע-בען אין גלות.

— דאס לאנד איז געלעגען אין חורבות קנאפע צוויי טויזענד יאהר. די טערקען האבען דאס לאנד ניט אנטוויקעלט, און דאר-טען וואו אמאל זיינען געווען וויינגערטנער און פרוכטבארע גערט-נער און סעדער, לויפען איצטער ארום שאקאלען, שלענג און עק-

דישען פויזען איבער דער ערד, וואָס איז איצטער שוין מדבר. דערצו איז די וואַסער פול מיט מאלאריע-באצילען, און טראכאָמאַ שטעכט זיך אריין אין די אויגען פון די קינדער, דורך דעם מדבר זאמד, וועלכעס ווערט אהין פארטראָגען, די היץ בייטאג, די קעלט ביינאַכט, מאַכט דאָס לעבען פון דעם נייעם אָנגעקומענעם אידען אין ארץ ישראל אויסערגעוועהנליך שווער.

— דאָס לאַנד פאָדערט קרבנות. אַ שטאַרקע פיזישע ווידער-שטאנדס קראפט, און אַ שטאַרקען גייסט צו בויען, ניט אזוי פאר זיך, נאָר ווי צו לעגען א יסוד, פאר יענע דורות, וועלכע וועלען קומען שפעטער. דערצו לויערט דער אראבער, דער מדבר-מענש, דער ווילדער בעדואין פון איין זייט, און דער טערקישער פאָלי-ציאנט פון דער אנדערער זייט, און די רעזולטאטען וואָס ווערען דערגרייכט אין משך פון אַ קורצער צייט, זיינען אַזעלכע אומ-באדייטענדיגע, אַז מען דאַרף באמת זיין באזעלט מיט אַ נביאישען גייסט ניט צו פארצווייפלען, ניט צו אנטלויפען, נאכדעם, ווי מען שטויסט זיך אָן מיט דער אמת'ער ווירקליכקייט, פנים אל פנים.— האָט יוחנן פארענדיגט.

ווען יוחנן איז פארטיג געוואָרען, האָט יאָסעל זשיטניקער זיך אָנגערופען:

— און אָט דאָס אלעס, דערצעהלט אייך איינער, זעהר אַ באַ-גלויבטער מענש, אָבער ער אליין, איז דאָך דאָרטען ניט געוועזן, האָט דאָס ניט געזעהען, נאָר באקומען ידיעות פון זיינע חברים, דורך בריעף, וואָס וועט איהר זאָגען, ווען איך וועל אייך דער-צעהלען, פון מיינע דערפאהרונגען, וועלכע איך האָב געהאט אין מיין ערשטען יאָהר אין אמעריקע, אַזש אין ריווערסייד, קאַליפאָר-ניע, אין די סאן בערנאדינער בערג, לעבען דעם פאסיפישען ברעג?

אלע האָבען אויפגעשטעלט מויל און אויערען. יאָסעל האָט דער-צעהלט:

— דעם ערשטען יאָהר, ווען איך בין געקומען אין אמעריקע, האָב איך געבראכט מיט זיך אָן ערך פון א פינף טויזענד דאָלאר. מיין משפחה איז באשטאנען פון א פרוי מיט צוויי קינדער. אַ מיידעל פון א יאהר עלף, און א אינגעלע פון א יאהר זיבען, און אַ מאַמע.

עס איז שוין דאן אָנגעגאַנגען א באוועגונג פון — צוריק צום לאנד, — און איך האָב אלעמאָל געלעבט אין דאָרף, נאָהענט צו דער נאטור, און איך האָב ניט געוואָלט צעמאָלען ווערען פון די רעדער פון דער אינדוסטריע. איך האָב געזעהן, ווי מיינע לאנדס-לייט האָבען זיך געפּלאָגט אין נויאָרק, אויף ריווינגטאָן און אויף עסעקס סטריט, פארקויפענדיג עפּעל און זאָקען פון די קעסטלאַך, אויף די גאסען און די טרעטוארען פון נויאָרק, און איך האָב עס קיינמאָל ניט ליב געהאט.

שווערע אַרבייט האָט מיך ניט אָפּגעשראָקען, און ווען איך האָב דערהערט, אַז מען קען זיך צושלאָגען צו אַ שטיקעל ערד, און נאָך דערצו, אין דער זוניגער קאליפאָרניע, וואו דאָס גערע-טעניש קומט צוויי מאָל אַ יאָהר אונטער די שטראהלען פון דער האלב טראָפּישער זון, האָב איך זיך אָנגעכאפּט אין דעם מיטביידע הענט, און איך האָב זיך צוגעשלאָגען צו דער גרופּע פון צעהן משפּחות, וועלכע האָבען דאן, פּונקט ווי איהר, איצטער, גע-רופען מאסענפאַרזאַמלונגען און האָבען אָרגאַניזירט אַ באַוועגונג, צוריק צום לאנד.

— פאָהרן קיין קאליפאָרניע, האָט אין יענער צייט געמיינט, מאַכען אַ רייזע, וועלכע געדויערט פּינקט אזוי לאנג, ווי פאָהרען קיין אמעריקע. מען האָט זיך געשלעפּט וואָכען לאַנג אין וועגע-נער, אין בוידען, מיט פערד, מיט אָקסען, מיט פּעקלאַך און מיט מעבעל, איבער די ווילדערנישען פון קענזעס, פון אָקלאַהאָמאַ, נע-בראסקאָ, און מעקסיקאָ, וועלכע איז שפּעטער געוואָרען „ניי-מעקסיקאָ" און איז איבערגעגאַנגען צו אמעריקע, מען האָט גע-דאַרפט איבערשניידען די נעוואדאָ, און ביז מען איז אָנגעקומען אין יוטאָ, איז מען געגנוג צרות אויסגעשטאַנען. אַ סך האָבען זיך אומגעקעהרט — אַנדערע זיינען אויף האַלב וועגס געבליבען שטע-קען, און אייניגע זיינען טאַקע אומגעקומען אין דער מדבר.

„מיר זיינען דורכגעפאָהרען געגענטען אין דער מדבר, וועלכע מען האָט גערופען — דער טהאָל פון דעם שאָטען פון טויט. . .

„קענט איהר זיך שוין פאָרשטעלען, פאַרוואָס מען האָט דאָס אָרט אזוי אַ נאָמען געגעבען :

קיין וואַסער איז דאָרטען אין דעם גאנצען געגענט לחלוטין ניט געווען צו געפינען. וואַסער האָט מען געפיהרט פון הונדער-

טער מיילען ווייט ארום, און ווען א רייזענדער האָט דאָרטען גע-דארפט קויפען וואסער, איז דאָס געווען מיט גאָלד צוגלייך, נאָר ניט אַלעמאָל האָט מען דאָרטען באוויזען צו קענען קויפען וואסער.

יאָסעל׳ס פנים, האָט זיך מיטאמאָל פארצויגען ווי מיט אַ גע-דיכטען וואָלקען, און אין אַ ציטעדיגער שטימע, האָט ער ווייטער דערצעהלט:

— פונקט, ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין דעם טהאָל פון דעם שאָטען פון דעם טויט, איז מיין זון קראנק געוואָרען, אויף טיפוס, ווייל עס האָט איהם פארשאַדעט די היץ, און דאָס וואסער איז ניט געווען גענוג ריין. שוין עטליכע טעג אלט, און די יסורים, וואָס מיין פרוי, און איך, און די אלטע מאמע האָט דורכגעלעבט, לאָזען זיך ניט דערצעהלען.

יאָסעל איז שטיל געוואָרען, און ווען ער האָט דערנאָך ווייטער פאָרטגעזעצט, זיינען אלע געשמאַנען ווי דערשלאָגענע, פונקט ווי פאר זיי וואָלט איצט דער מת געלעגען פאר די אויגען.

— מיין זון איז יענע נאַכט געשטאָרבען, ווייל עס איז ניט געווען קיין דאָקטאָר, און ווען מיר האָבען אויף מאָרגען איהם געוואָלט מיטנעהמען מיט זיך, און איהם ברייׂנגען צו קבר ישראל, האָבען די מענשען ניט דערלאָזט, און זיי האָבען גע׳טענה׳ט:

— עס איז אַ געזעץ אין דער מדבר, א ניט-געשריבען געזעץ, ווער עס שטאַרבט אין דער מדבר, מוז דאָ באערדיגט ווערען, ווייל די מדבר-פויגעל, וועלען נאַכפליהען, און וועלען קיין רוה ניט גע-בען די רייזענדע. . . קען זיין, אז דאָס איז אן אָבערגלויבען, אָבער ענדערען די מדבר-מנהגים, די מדבר-געזעצען, האָבען מיר גרינע, דערשלאָגענע טאטע-מאמע, ניט געקענט.

האָבען מיר שוין באצאהלט מיט איין קרבן, אויף דער רייזע, נאָך איידער מיר האָבען דערלעבט צו זעהן דאָס פארשפּראָכענע לאַנד, קאליפאָרניע.

— און איצטער, הערט אויס נאָך עפּעס:

— דאָס לאנד, וואוהין מען האָט אונז ארויסגענומען האָט געהייסען „ריווערסייד.” דאָס הייסט לאנד, פאזעוואסער, לעבען אַ טייך, יאָ איז הערט די איראָניע פון דעם שיקזאל:

„מיר קומען אָן אין ריווערסייד, גראָד אין מיטען זומער. בייטאָג ברענט די היץ, און בראָט, אַז עס איז ניט אויסצוהאַל־טען. ניטאָ קיין בוימער, קיין שאָטען, נאָר פלאַכע לאַנד. קיין שטיבעל, קיין דאַך איבער׳ן קאָפּ. עס איז אין גאַנצען ניט קיין ישוב. נאָך שפּייז און קליידער מוז מען פאָהרען איינקויפען הונ־דערטער מיילען ווייט. מען רייסט פרייזען, ווי פון מיליאָנערען, ווייל עמיצער האָט פאַרשפּרייט א לעגענדע אַז מיר האָבען גע־בראַכט א גרויס פאַרמעגען אין מזומן געלט פון יענער זייט ים.

פאַלט די נאַכט ווערט קאַלט, אַז עס איז ניט אויסצוהאַל־טען, און עס דערהערט זיך אַ וואָיען פון וועלף, אָדער שאַקאַלען, און היענעס, וואָס לעבערען דעם מח, מען קען ניט איינשלאָפען, און דאָ האָט מיטאַמאָל עמיצער געמאַכט נאָך אַ געוואַלד, אין מיטען דער נאַכט: א שלאַנג האָט ער באַמערקט פויזען לעבען א פענסטער פון אַ הילצערעןביידעל, דאָס איינציגע ביידעל, וואָס מען האָט אויפגעשטעלט צוליב די קינדער. דאָס וואַסער איז בי־טער. עס טראָגט זיך אַ שלעכטער גערוך דערפון, און איידער מען טרינקט דאָס, מוז מען דאָס איבערקאָכען, כדי ניט פאַרגיפטעט צו ווערען.

— מיין פרוי, האָבענדיג שוין געליטען אזא ביטערען פאַר־לוסט, פאַרלירענדיג אונזער זון, האָט שוין די ערשטע נאַכט צוזאַמענגעבראָכען, און אינאיינעם מיט מיין אַלטער מאַמען באַ־שלאָסען, אַז — זיי וועלען דאָ ניט בלייבען, ניט שטעלען אין גע־פאַהר דאָס לעבען פון אונזער מיידעל, דאָס איינציגע קינד, וואָס איז טייערער ביי אונז אַלעמען, ווי דאָס אויג פון קאָפּ.

עס האָט ניט געהאָלפען מיין איינטענה׳ן מיט זיי. אויפ׳ן דריי־טען טאָג, האָבען מיר זיך ווידער פאַרפּאַקעוועט, און האָבען אָנגע־הויבען מאַכען די נסיעה אויף צוריק.

ווידער וואַנדערען, ווידער זיך שלעפען מיט דער בויד, וואָכען לאַנג, און ביז מיר האָבען ווידער דערזעהן נויאָרק, איז אריבער זעקס חדשים.

קיין נויאָרק זיינען מיר אָנגעקומען רואינירטע, און מיט גע־צעהלטע פּענים, און ווידער האָבען מיר אָנגעהויבען טראַכטען פון צושלאָגען זיך צו א שטיקעל ערד, אין ניו דזשוירזי.

— ניט פיל בעסער איז געווען מיין דערפאהרונג אין דזשוירזי.

— מיר זיינען אריינגעקומען פון נויאָרק, האָבען זיך געשלעפּט מיט אונזערע „בעביכעס", און מיר האָבען געהאָפט, אַז דאָרט, אין ניו דזשוירזי, וועלען מיר זיך, ווי עס איז איינאָרדנען, אַזוי, אַז מיר וועלען ווידער קומען נאָהענט צו דער מוטער ערד, צו דער נאַטור, צו דעם בוים, גראָז, און צו דעם גאָרטען.

אָבער אפּנים, אַז פּאַר אידען איז אין ערגעץ קיין מקום מנוחה ניט פאראן אויף דער וועלט. . . — האָט יאָסעל ווייטער דערצעהלט:

ווען מיר האָבען באקומען די ידיעה פון דער רעגירונג, אַז מיר קענען האָבען דאָס שטיק לאַנד אין מאָריסוויל, ניו דזשוירזי, איז געווען אין מיטען יולי, אין די הייסעסטע טעג, זיינען מיר ניט נאָר געגאַנגען, נאָר געפלויגען.

מיר האָבען געדונגען אַ אידישען „עקספּרעסמאן", וועלכער האָט אונז איבערגעפיהרט מיט אונזערע זאכען, און מיר זיינען אָנגעקומען אויפ'ן לאַנד. דאָס איז געווען א פלאַך שטיק לאַנד, פון צעהן אַקער, ניט פארזעעט, און מיר האָבען זיך אין מיטען זומער גלייך גענומען צו דער ארבייט, צואקערט די ערד, איז אָבער גראָד דאַן געוואָרען אַ טרוקעניש, און זעקס וואָכען, כסדר, איז אינגאנצען קיין רעגען ניט געגאַנגען, און קיין הויז, איז אויף אונזער לאַנד ניט געשטאַנען, האָבען מיר אויפגעשטעלט א ביידעל פון לייווענט, און האָבען דאָרטען געפיהרט די באלעבאטישקייט. טאָמער האָבען מיר עפּעס געדאַרפט אָפּקאָכען, אנטקעגען דעם פייער, איז געווען אזאַ גרויסער ווינט, און אזאַ טרוקעניש, אַז מיר האָבען געמוזט היטען יעדען פונק, אַז ער זאָל ניט פאַנאַנדער גע-טראָגען ווערען פון דעם ווינט, און ניט אונטערצינדען דעם באָדען אונטער אונזערע פיס. . .

נאָך ערגער איז געווען די צרה, וואס מיר האָבען געהאַט אויס-צושטעהען פון דער מגפה, וואָס ניו דזשוירזי רופט — די מאָס-קיטאָ. . .

אַ גיפטיגע, לאַנגע, מאָגערע פליעג, וואָס דוכט זיך, אַז דאָס איז אַן אומשולדיגע באשעפעניש. . . אָבער, ווען די דאָזיגע

מאַסקיטע, עסט זיך איין מיט איהרע גיפטיגע שפּיצען אין אייער הויט, איז דאָס אַן אמת'ע פּיאַווקע, וועלכע זויגט אייער בלוט, און טרעט ניט אָפּ, ביז זי אליין, ווערט גראָב, און פעט, און לאָזט אייך איבער אַ בלוטיגען צייכען, וועלכען איהר האָט לאַנג צו געדיינקען.

פאַר דער „מאַסקיטע" איז דאָ נאָר איין רפואה: — זי אויסצורויכערען מיט רויך, אַזוי, אַז זי זאָל אויסגעבּרענט און אויסגעבּראָטען ווערען.

די מאַסקיטע האָט זיך אַזוי איינגעגעסען אין די ביינער פון מיין אַלטער מאַמען, און אין מיין פרוי לאה'ן און אין אונזער בת יחידה'קעלען, אין אונזער אסתר'קען, אַז זיי פלעגען פון דאָס לעצטע וואַרפען די פאַרמע. לויפען קיין ניו יאָרק, און פלעגען זיך וויצלען:

— בעסער אַפילו אויסגעהן פון הונגער אין נויאָרק, אין די גאַסען, אָבער, פּטור צו ווערען פון דער דזשוירזיער „מאַסקיטע" כאָטש אויף עטליכע שעה, דאָס אליין, איז שוין אַ דערפרישונג.

און אַזוי האָבען מיר זיך געפּלאָגט אַ יאָהר, און אַ צווייטען יאָהר, ביז מיר האָבען דערלעבט אַ „אוראָזשיי", אַ גערעטעניש, און מיר האָבען דאָך ארויסבּאַקומען פון דער מוטער-ערד די פרוכט פון אונזערע שווערע האָרעוואַניע פון דריי יאָהר ארבייט.

יאָסעל זשיטניקער האָט זיך צולאַכט, און ער האָט אַ זאָג געגעבען:

— איצטער וועל איך אייך עפּעס זאָגען, וואָס איהר וועט מיר קיינער ניט קענען גלויבען:

— מיר האָבען אויסגעגראָבען אַזוי פיל קאַרטאָפעל פון דער ערד, אַז מיר האָבען אויף דער פאַרמע מעהר ניט געהאַט קיין פּלאַץ, וואו זיי אוועקצולעגען זיכער, אַז די חזירים פון דעם געגענט פון די קריסטליכע פאַרם'ס זאָלען זיי ניט צופרעסען. מיר האָבען געהאַט אַזוי פיל „טאָמייטעס" (פּאַטליעזשאַנעס), נאָר מיר האָבען ניט געהאַט קיין איינציגען סענט מעהר, צו קויפען זאַלץ, אַז מיר זאָלען קענען עסען און הנאה האָבען.

און „דזשוירזי" איז נאָך געוועזען אַ מדבר. . . קיינער געהט

ניט ארויס, און קיינער קומט ניט אריין. . .

פערלמאן, דער פאָרזיצער, האָט באמערקט:

— עס איז אזוי אינטערעסאנט, אז מיר וועלען זאָגען דעם בעל הבית, פון דעם האָל, אז מיר עפענען ווידער א „מיטינג", און מיר וועלען זיך אוועקזעצען".

יוחנן האָט זיך אָנגעכאפּט אין דעם פאָרשלאָג, און ער האָט א זאָג געטהאָן:

רבותי, דער מענש דערצעהלט פאָרגעשיכטע, און אויב מיר ווילען זיך אָפּגעבען מיט ערד-ארבייט, און מיט פיהצוכט, איז דאָס מעהר ווי וויכטיג, כדי מיר זאָלען ניט דארפען נאָכאמאָל דורכמאכען די אייגענע טעות'ן, און פעהלערן. טו לאָמיר שוין בעסער אויסהערען דעם גאנצען באריכט, כדי מיר זאָלען עפּעס לערנען דערפון.

דער רב האָט זיך אנטשולדיגט און איז אוועק אהיים. בתיה און יוחנן האָבען זיך אוועקגעזעצט, און זיינען פאראינטערעסירט געוואָרען, און צוזאמען מיט זיי, איז געבליבען בלויז א קליינער עולם, די, וועלכע זיינען געווען אמת פאראינטערעסירט מיט לייב און לעבען אין דער פראגע פון קאָלאָניזאציע, אין ערד-ארבייט, און וועלכע האָבען פארזוכט דעם טעם פון דער „שוויץ-פאבריק", (סוועט-שאפּ) און האָבען זיך געוואָלט ארויסרייסען פון נויאָרק, און פטור ווערען פון דעם גרויסען אומגליק, די גרויסע שטאָדט, וואָס שלינגט איין א מענשען, און דערווארגט איהם, זויגט פון איהם אויס יעדען טראָפּען בלוט, דערנאָך שפּייט זי איהם אויס, מיט א לונג פעהלער, אָדער מיט א שוואַך הארץ, ביז ער פאלט אין מיטען גאַס, אָדער ווערט דערשטיקט פון פארפּעסטעטער לופט אין דעם גרויסען טענעמענט.

ווען יאָסעל האָט איבערגעהאקט זיך אויף א ווײלע, כדי אָפּ-צוכאפּען דעם אָטהעם, איז אין די רייד אריינגעפאלען אן אפּעריי-טאָר, חיים, א איד, מיט א בלאַס פּנים, מיט אן אויסגעצויגענעם האלז, מיט א פלאַכער ברוסט, און ער האָט אַ זאָג געטהאָן:

— און ארבייטען אין נויאָרק, אין א „שוויץ-פאבריק" און טראָגען אַלע אינדערפריה אויף דער פּלייצע, א זינגער-ניי-מאשין,

און ארבייטען פערצען שעה, פאר א דאָלאַר מיט א פערטעלע, און אַלע וואָך פאַרלירען דאָס פּלאַץ, ווייל איך וויל היטען שבת, איז בעסער? גלויבט מיר, לאָזט מיך ארבייטען אין פעלד, צווישען מאָסקיטעס, אַפילו צווישען הינט און וועלף, און איך פאַרלאָז גלייך, היינט, ווי איהר קוקט מיך אָן, אפילו אין מיטען דער נאַכט, נויאָרק, און איך שרייב זיך אייך אונטער, אז איך וועל קושען די ערד, אינאיינעם מיט די מאָסקיטעס, ווייל וואָס איז דען א „באָס", ניט קיין מאָסקיטע? — האָט חיים דער אפּערייטאָר פאַרענדיגט. און אַלע האָבען זיך אָפּגעשטעלט, האָבען איהם באַטראַכט, און עס איז אויף דעם מענשען געווען א גאָט'ס רחמנות.

עס איז געוואָרען שפּעט, און יוחנן האָט א זאָג געגעבען:

— נו, מיר וועלען היינט שוין קלוגער ניט ווערען. מיר וועלען זיצען נאָך א שטונדע, צוויי, מיר וועלען אויסהערען אַלערליי קינות, כאָטש עס איז זעהר וויכטיג, אָבער, נאָך וויכטיגער, איז, אז אַלע זאָלען זיך פאַרשרייבען, איבערלאָזען זייערע נעמען, אויב זיי מיי- נען ערענסט, און ווילען זיך באַזעצען אויף לאַנד ,באארבייטען די ערד, און ווערען אידישע פאַרמערס, ערד-ארבייטער, און מיר וועלען שוין די זאַך חוקר ודורש זיין, זיך גוט ארומקוקען, און מיר וועלען אַריינברייינגען א באריכט. וועט די לאַגע זיין א גינס- טיגע, וועלען מיר אייך זאָגען, און טאָמער, חלילה, ניט, וועלען מיר פון אייך קיין זאַך ניט פאַרהוילען. קיין מרגלים וועלען מיר ניט זיין. . . . קיין רכילת אויפ'ן לאַנד וועלען מיר ניט אַרויס- טראָגען. ניט מעהר, מיר פאַרשטעהען איצטער פון דעם אלעם, וואָס יאָסעל זשיטניקער האָט אונז דערצעהלט, אז סיי אין קאַלי- פאָרניע, אין ריווערסייד, און אויך אין „דזשוירזי", זיינען די ערשטע אידישע פאַרזוכען געווען א קאָלאָסאַלער דורכפאַל.

פון די פופציג מענשען, וועלכע זיינען געווען אין זאַל, ניין א זייגער, ווען די פאַרזאַמלונג האָט זיך געעפענט, זיינען שוין איצטער געבליבען, נאָר צוועלף, וועלכע האָבען אָנגעגעבען זייערע נעמען און אַדרעסען, אָבער די צוועלף זיינען אַלע געווען אָנגע- הויכט מיט דעם זעלבען גייסט ווי פערלמאַן, דער פאָרזיצענדער, יוחנן, און בתיה. יאָסעל דער זשיטניקער, וועלכער איז ביי אַלע- מען געווען ליב און טייער צוליב דער דערפאַהרונג, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים, פון דער מיהל, און פון דער

פארמע, און אויך פון ריווערסייד, אין קאליפארניע, און פון „דזשוירזי."

עס איז אפגערעדט געווארען, אז דער קאמיטעט וועט זיך באגעגענען אין א פאר טעג ארום, אויף איסט בראדוויי, אין א אידישען רעסטאראן, אין דער מיטאג שטונדע, ווען אלע קומען ארויס פון די פאבריקען, עסען מיטאג, און דארטען וועט מען אפרעדען, ווען מען קען ארויספאהרען, זיך ארומקוקען אין דזשוירזי, וואו עס איז אנגעבאטען פרייע לאנד, און וואס דארטען לאזט זיך אויפטהאן אויף דעם געביט פון אגריקולטור, ערד-ארבייט.

יאסעל האט יוחנ'ן מיט בתיה'ן באגלייט אהיים, און אויפ'ן וועג, האט יוחנן איהם א זאג געגעבען:

— ר' יאסעל, איהר האט מיר נאך אלץ ניט פארענדיגט די מעשה, און איך וויים נאך אלץ ניט, וואו איהר, און אייער אסתר, א יא, אסתר, הייסט אייער פרוי, הא? און די מאמע געפינען זיך?

יאסעל האט זיך צולאכט:

— איצטער, זעה איך טאקע, אז איהר האט ניט אזא גוטען זכרון. . . אסתר הייסט מיין ווייב?

יוחנן האט זיך אנטשולדיגט:

— זייט מיר מוחל, טויזענד מאל. אסתר איז דאך גאר מיין תלמידה, אייער טאכטער, און ער האט זיך אליין קארעגירט: אייער פרוי הייסט דאך לאה, אוודאי, לאה. אסתר איז דאס מיידעל, אייער טעכטערל, ווי אלט איז שוין אסתר?

— אסתר ווערט שוין זיבעצען.

— הייסט עס, אז אכט יאהר זיינען שוין אריבער זינט איך בין ביי אייך געווען אין זשיטניק — האט יוחנן א זאג געגעבען.

— אכט יאהר ,און איך בין שוין עלטער געווארען אויף אכציג, — האט יאסעל א זאג געגעבען, און ווען יוחנן האט אויף איהם א קוק געטהאן, האט ער איצטער, אין גאס דערזעהן אן אלטען אידען, מיט אויסגעפאלענע, גרויע האר, אפגעלעבט, אין דער גרעסטער פארצווייפלונג.

יאסעל האט גענומען יוחנן'ס אדרעס, און ער האט איהם צו-

געזאָגט, אַז ער וועט קומען מיט אסתר׳ן, און מיט לאה׳ן צו זיי צוגאסט, און אָפּנעמען אַ גערוס פון זייער משפחה אין קורילאָ-וועץ, און אין מאָליוו.

ווען זיי זיינען אהיימגעקומען, איז שוין אין הויז געווען פינס-טער. דער מאָליווער רב איז אַוועק פון זאל אַן אַנטוישטער אין אמעריקע און אין אַלץ, וואָס ער האָט צוגעזעהן די לעצטע צייט, זינט ער איז אָנגעקומען קיין נויאָרק.

אָנגעהויבען האָט זיך עס דערמיט, וואָס מען האָט איינגע-שטעלט דעם קבלת פּנים פאר דעם מאָליווער רב, אַ וואָך נאָך זיין אָנקומען, האָבען זיך די באאמטע ניט געקענט צוטיילען מיט׳ן כבוד.

דער פּרעזידענט איז געווען אַ פּשוטער איד, וועלכער האָט אין מאָליוו, אמאָל געהאַלטען די פּאָטשט. אין נויאָרק, האָט ער די ערשטע צייט געטריבען אַ „קערידזש״, און געפיהרט גרינע פון „קעסעל גאַרטען״ אין שטאָדט אריין. שפּעטער האָט ער געדונגען אַ „ליווערי סטייבעל״ און האָט אריינגענומען פערד, צו האַדעווען זיי ביינאַכט, און אין די קאַלטע ווינטער-חדשים. דאָס געשעפט האָט זיך זעהר גוט געצאָהלט, און ער האָט מצליח געווען.

ווען עס איז געקומען צו בויען אַ שוהל פאר מאָליווער לאַנדס-לייט, איז שמואל שמשון דער מאָליווער בעל עגלה אויך געקו-מען, און ווען מען האָט אַ פרעג געגעבען: ווער וועט געבען די ערשטע פינף הונדערט דאָלאר צו בויען אַ מאָליווער שוהל אין ריווינגטאָן סטריט? האָט שמואל שמשון ניט גערעדט קיין איין וואָרט, נאָר אויפגעהויבען דאָס פעלצעל ביז איבער די קניע, און אַ זאָג געגבען:

— ברידער, פאַר אַ מאָליווער שוהל, וועל איך פאַרזעצען אפילו מיין פערד, מיט די וויאשקעס, מיט מיין שטאהל, דאָס „סטייבעל״ — ווי מען רופט עס דאָ, אין אַמעריקע, נאָר איך וועל אָפּציילען פינף הונדערט קניאקערס, פאַר אַן אַדעראָף אויף אַ מאָ-ליווער שוהל אין ריווינגטאָן סטריט.

אין זאל איז געוואָרען אַ פּאַטשעריי מיט די הענט און אַ טופּעריי מיט די פיס. גבירים אדירים, פּראָצענטניקעס, פאַבריקאַנ-

טען פון מאטראצען, פון העמדער און פון דאמען בלאוזעס (ליי-דיעס וויסטס) האָבען איהם אפּלאָדירט, און זיי האָבען געלאָזט זויסען, אַז זיי ווען אויך געבען צעהן דאָלאר, און פינף און צוואנציג דאָלאר, און שמואל שמשון האָט זיך געפּיהלט באגראָבען און זיך געטראַכט:

— זיי, די פאלגעס. . . זיי פארמאָגען דאָך צעהן מאָל מעהר. . . איך פארמאָג אפילו ניט זייער מיסט. . . זיי געבען צעהן און פינף און צוואנציג דאָלאר. . . און איך, איין אָרעמער שמואל שמשון, אַ בעל עגלה פון דער היים, איך אַליין האָב געגעבען מעהר פאר זיי אַלעמען.

און ווען מען האָט דאַן איבערגעצעהלט, וויפיל עס איז אַריינ-געקומען פאר דער שוהל, האָט מען געזעהן, אַז עס איז אריינגע-קומען זעקס הונדערט מיט דריי דאָלאר.

דערנאָך, האָט מען זיך געדארפט שטעלען בויען, און מען האָט געדארפט נעמען אַן ערשטען מאָרטגיידזש אויף דער מאָלי-ווער שוהל אין באַנק, האָט די באנק געוואָלט האָבען אַ פאראנט-וואָרטליכען מענשען, וועלכער האָט אייגענע „פּראָפּערטי”, וואָס עס איז עפּעס ווערטה, ממשות'דיגעס, האָט זיך קיינער פון די מאָ-ליוווער שעהנע בעלי-בתים ניט גערוקט, — און האָט זיך געמאכט, ווי גע'פגר'ט, ביז שמואל שמשון איז אריינגעגאנגען צו דער „גרענד סטריטער באנק”, און האָט אַוועקגעלעגט זיין באנק ביכעל, און אַ זאָג געטהאָן אויף זיין פשוט'ען אידיש, צו דעם פּרעזידענט:

— לוק, פיפטין טויזענד מיי געלט. . . גימי פאר די שול סיקס טויזענד. . .

דער פּרעזידענט האָט נאָר פאַרשטאנען, אַז שמואל שמשון לעגט אַוועק זיינס אַן אייגענס פון פופצעהן טויזענד דאָלאר, אַ באלאנס, און ער וויל אונטערשרייבען פאר דער שוהל זעקס טוי-זענד דאָלאר. . .

מיט די זעקס טויזענד דאָלאר האָט מען אויסגעבויעט און אויסגעשטאטעט די שוהל, און די שוהל האָט נאָך געהאט אַ גע-בליבענעם איבערפלוס פון צוועלף הונדערט דאָלאר און ווען מען האָט געדארפט שיקען שיפס-קארטען קיין מאָליוו פאר'ן רב, האָט

זיך קיינער ניט גערוקט מיט קיין מזומן געלט, און די מאַליוווער שעהנע בעלי בתים האָבען גע׳טענה׳ט:

— ווער קען וויסען? אין מאַליוו ריכט מען זיך אויף פּאָגראָמען... אין אַ פּאָגראָם קלייבט קיין כוליגאַן ניט איבער... ווער עס איז א רב, און ווער אַ בעל עגלה...

מען האָט ניט פאַרענדיגט, נאָר שמואל שמשון, דער בעל עגלה, וועלכער איז געזעסען ביי דער פאַרזאַמלונג, אין ריווינגטאָן סטריט, אין דער האַלב-איבערגעבויעטער שוהל, האָט געהאַט דאָס געפיהל, ווי מאַליוווער אידען, וואָלטען געזעסען אין נויאָרק, און געבעטען גאָט, אַז עפּעס זאָל זיך טרעפען אין מאַליוו, אין דער צייט פון אַ פּאָגראָם, און זיי זאָלען ניט דאַרפען ברייננגען צו זיך דעם מאַליוווער רב, און דערנאָך איהם דאַרפען געבען צום לעבען, און עס האָט שמואל שמשונ׳ען שטאַרק וועה געטהאָן דאָס האַרץ, און ער איז אויפגעשטאַנען און אַ זאָג געטהאָן:

— מאָלט אייך, מאַליוווער בעלי בתים, איך זעה דאָך שוין ווער איהר זייט!... איהר האָט קיין פּעני ניט געגעבען צושטייער. ווען מען האָט גענוּג געדאַרפט געבען אַ „מאָרטגיידזש" און גאַראַנטירען דאָס געלט צו דער גרענד סטריטער באַנק, און איצטער, ווען עס האַנדעלט זיך, וועגען שיקען נאָך דעם רב׳ס פאַמיליע, זיצט איהר און בעט גאָט, אויף פּאָגראָמען. נו, פרעג איך אייך, מאַליוווער בעלי בתים, פאַבריקאַנטען פון מאַטראַצען, און פון ווייכע מעבעל, שעהמט איהר זיך ניט פאַר זיך אַליין, האַ? — פאַרוואָס זאָגט איהר בעסער ניט, אַז איהר ווילט ניט דעם מאַליוווער רב, און אַז איהר ווילט זיך ארויסדרעהען פון דעם תקיעת-כף, וואָס איהר אַליין, האָט געגעבען צו דעם מאַליוווער רב, איהר אַלע, ווען איהר האָט זיך מיט איהם געזעגענט, בעת איהר האָט פאַרלאָזען אייער געבורטס שטאָדט, אונזער מאַליוו, האַ?

— ער איז אַ שייגעץ. אַ גראַביאַן! — האָט געדונערט אברהם ציק, אַ גביר פון דער היים, און אין נויאָרק אַ גרויסער פאַבריקאַנט פון דאַמען בלויזקעס, — וואָס מיינט ער, ער איז אין מאַליוו. רייסט זיך אַריין אין שוהל אַריין, און וויל אויסקויפען דעם מפטיר? אַ זאַסיע איהם!!! אין אַמעריקע איז אַ בעל עגלה נאָך אַלץ אַ בעל עגלה!

— טו, לאָמיר זעהן, באוווייזט, איהר, אברהם ציק, גרויסער פארדינער, גביר אדיר, אַז איהר קענט אויסקומען אָהן שמואל שמשונ'ען. . . צאָהלט מיר אַרויס פאר מיין מאָרטגיידזש און איך גיב אייך אָפּ די שוהל, און וועל אפילו צו אייך קיינמאָל ניט קומען דאוונען. — האָט שמואל שמשון גע'טענה'ט און עס האָט אין איהם געזאָטען דאָס האַרץ פון רציחה.

— אַ מכה. קיין איין פּעני וועלען מיר אייך ניט געבען, — האָט אברהם ציק געריצט זיך מיט איהם, און ער האָט שוין געזעהן, אַז קיינער זאָל ניט בייטראָגען ניט צו דער שוהל, און ניט צו דעם ארונטערברייינגען פון דעם רב'ס בני-בית.

— אויב אַזוי — האָט שמואל שמשון געזאָטען פון רציחה, — זעה איך מיט וועמען מען געהט צום טיש — און ער איז אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט גאָרנישט.

נאָך אויף מאָרגען אין דער פריה איז ער ווידער אַוועק אין דער גרענד סטריטער באַנק, און אַרויסגענומען זיין באַנקביכעל, און באַוויזען דעם פּרעזידענט פון דער באַנק, און איהם אַ זאָג געטהאָן:

— מיסטער פּרעזידענט — אִי פּעי די שוהל . . . (איך באַצאָהל פאַר דער שוהל. . .) און דער פּרעזידענט איז איבערראַשט געוואָרען, און דערזעהן, אַז שמואל שמשון איז פאַר די דריי פערטעל יאָהר רייכער געוואָרען אין „דעפּאָזיטס" אויף נאָך אַכט טויזענט דאָלאַר.

— איהר האָט נאָך אַלץ מיט פינף טויזענט דאָלאַר מעהר, ווי פריהער, דער מאָרטגיידזש איז אייערער אינגאַנצען „קליער". (ריין, אָפּגעצאָהלט). דער פּרעזידענט האָט איהם דערלאַנגט דאָס פּאַפּיר, וועלכעס איז געוועזן אַן אָפּגעצאָהלטער זעקס טויזענד דאָלאַרדיגער „מאָרטגיידזש" פון דער מאָליוּוער שוהל, אויפ'ן נאָמען פון שמואל שמשונ'ען.

— אויב אַזוי וויל איך פינף שיפּסקאַרטען, פאַר די מענשען, פון מאָליוו. דער רב פון דער שוהל, און נעמט ארונטער פון מיין באַנקביכעל מזומן געלט פאַר אַלע פינף פאַרשוינען, — האָט שמואל שמשון ווייטער גערעדט צו דעם פּרעזידענט פון דער באַנק.

דער פּרעזידענט האָט געטהאָן ווי שמואל שמשון האָט פון איהם געפאָדערט, און ווען ער האָט אַרויסגעשיקט די שיפסקאַר-טען, זעהענדיג, אַז דאָס איז פאַר אַ רב, דעם רב'ס פאַמיליע, האָט דער פרעזידענט איהם אַ זאָג געגעבען:

— נא'ט אייך מיינעם אַ בייטראָג פאַר אייער רב, און פאַר אייער שוהל. אין דער גרענד סטריטער באַנק האָב איך נאָך ניט באַגעגענט, קיין איין אידען, וועלכער זאָל איינער אַליין אַזוי פיל טהאָן פאַר אַ שוהל און פאַר א רב, — און דער פרעזידענט פון דער באַנק האָט איהם דערלאַנגט אַ „טשעק" פון אַ הונדער-טער, און האָט אַ זאָג געגעבען:

— פאַרשרייבט מיך פאַר אַ מיטגליד אין דער מאָליוועך שוהל, און איך וועל צאָהלען הונדערט דאָלאַר א יאהר, געדיינקט, ווען איהר דאַרפט פאַרגרעסערען אייערע געשעפטען, קענט איהר באַ-קומען געלט, וויפיל עס וועט נויטיג זיין, און טאָמער ווילט איהר האָבען געלט אויף אייער ערשטען מאָרטגיידזש, קענט איהר איצ-טער באַקומען צוויי מאָל אַזוי פיל, ווייל די הייזער אין ריווינגטאָן סטריט זיינען געשטיגען הונדערט פּראָצענט.

שמשון בעל עגלה האָט גענומען דעם „טשעק" פון די הונ-דערט דאָלאַר, האָט געהייסען אַרונטערנעמען פון זיין אייגענעם חשבון נאָך אַ הונדערט דאָלאַר, און האָט דעפּאָנירט אויף דעם חשבון פון דעם מאָליוועך רב, וועלכער איז נאָך אפילו אין אַמע-ריקע ניט געוועזן, די סומע פון צוויי הונדערט דאָלאַר, און דער-ווייל איז געוואַקסען פּראָצענט אויף דעם געלט.

דערווייל האָט זיך די צייט פאַרצויגען, די שיפסקאַרטען זיי-נען ניט אָנגעקומען אין צייט, און ווען זיי זיינען ענדליך אָנגע-קומען קיין מאָליוו, זיינען די אַדרעסען געוועזן געשריבען אַזוי שלעכט, אַז דער פּאַקעט איז געגאַנגען צוריק קיין נויאָרק, און ווען זיי זיינען צוריקגעקומען אין דער גרענד סטריטער באַנק, איז דער פרעזידענט געוועזן אויף וואַקאַציע, אין די האַוואַיער אינז-לען, און די שיפסקאַרטען זיינען געלעגען ביי דעם פרעזידענט פון דער באַנק אויף זיין „דעסק" דריי חדשים, און דערווייל איז שמואל שמשון געקומען אַלע חודש און אַוועקגעלעגט אין דעם באַנק-ביכעל, וואָס איז געגאַנגען אויף דעם מאָליוועך רב'ס נאָ-

מען, א פרישען הונדערטער, און ווען שמואל שמשון איז געקומען און אוועקגעלעגט דעם פערטען הונדערטער, איז שוין דער באַנק פּרעזידענט געווען צוריק פון זיין וואקאציע, האָט ער שמואל שמשונ׳ען אַריינגערופען צו זיך אין זיין פּריוואטען קאנטאָר, און ער האָט זיך פאַר איהם טויזענד מאָל אנטשולדיגט, וואָס צוליב זיין וואַקאַציע, זיינען די שיפסקארטען געלעגען ביי איהם אויף זיין „דעסק״ דריי חדשים, און איצטער, אויב שמואל שמשון וועט איהם געבען אַ בעסערען אַדרעס, וועט מען גלייך אַרויסשיקען די שיפס-קארטען אויף די הוצאות פון דער באַנק, און מען וועט זעהן גרייכען דעם מאָליוואער רב.

שמואל שמשון האָט זיך געפיהלט געשמייכעלט, און פיהלענ־דיג, אַז ער האָט שוין אין אַ באזונדער ביכעל אָפּגעשפּאָרט פאַר דעם מאָליוואער רב די סומע פון גאנצע פינף הונדערט דאָלאַר, האָט ער זיך געפיהלט נאָך בעסער, ווי פון דעם, וואָס ער אַליין האָט שוין געהאט אַ „דעפּאזיט״ אין דער גרענד סטריטער באַנק פון צעהן טויזענד דאָלאַר מזומן, וואָס ער האָט ניט געדאַרפט ריהרען, און דערצו, האָט ער געהאלטען זיין „מאָרטגיידזש״ אויף דער מאָליוואער שוהל אויך אין דער זעלבער באנק, און ער האָט געוואוסט, אַז די זעקס טויזענד דאָלאַר, אָפּגעצאָהלטער, ערשטער „מאָרטגיידזש״ זיינען איצטער שוין ווערטה ניט נאָר קיין צוועלף, טויזענד דאָלאַר, נאָר אכצעהן טויזענד דאָלאַר.

די מאָליוואער שוהל איז געווען די שעהנסטע געביידע אין דעם גאנצען געגענט, און באצאהלט פאר איהר, האָט קיינער ניט מיט קיין איין דאלאר, נאָר, ער, שמואל שמשון.

דער רב האָט געמיינט אז צו דעם קבלת פּנים, זיינען זיך צו־זאמענגעקומען די שעהנע מאָליוואער בעלי בתים, האָבען איינגע־שטעלט דעם קבלת פּנים, האָבען באצאָהלט פאר די כלי-זמר, צו באַגעגענען דעם מאָליוואער רב, און האָבען אין אַ וואָך ארום גע־מאַכט א חנוכת הבית, און האָבען אריינגעשיקט אין הויז, מכל טוב, אָבער שבת, אין שוהל, האָט מען זיך געקריגט.

עס איז זיי מעהר ניט אָנגעשטאַנען שמואל שמשון פאַר אַ פּרעזידענט, וויסענדיג אז דער רב וועט געוואויר ווערען, וואָס שמואל שמשון האָט פאַר איהם געטאָן.

ערב שבת, איז שמואל שמשון געקומען צו דעם מאַליוועער רב, גענומען יוחנ׳ן מיט בתיה׳ן, און זיי אַוועקגעפיהרט אין באַנק. דאָרטען האָט ער זיי פאָרגעשטעלט פאַר דעם פרעזידענט פון דער באַנק, און דער פרעזידענט האָט אריינגערופען דעם געהילפ׳ס קאַסירער, און דער אידישער קאַסירער האָט פאַר יוחנ׳ן און פאַר בתיה׳ן דערצעהלט אַ מאָדנע געשיכטע:

— די זעקס טויזענד דאָלאַר פאַר דער שוהל האָט קיינער ניט געגעבען נאָר דער איד, שמואל שמשון, דער בעל עגלה.

— מיר האָבען דאָ פינף הונדערט מאַליוועער אידען, דעם טאַטענ׳ס גוטע פריינט. — האָט בתיה אַ פאַרטרעהרטע געטענה׳ט. נאָר ווען די ווערטער זיינען אָנגעקומען דורך דעם איבערזעצער צוריק צו דעם פרעזידענט פון דער גרענד סטריטער באַנק, האָט דער פרעזידענט, אַן אויפגערעגטער געטענה׳ט:

— דער מאַליוועער רב האָט נאָר צוויי מיטגלידער: שמואל שמשון בעל עגלה, און דער פרעזידענט פון דער באַנק, וועלכער צאָהלט הונדערט דאָלאַר אַ יאָהר, און איצטער, ווען דער רבי איז שוין דאָ, אין נויאָרק, מיט דער פאַמיליע, וועט דער פרעזידענט אַליין „העכערען זיינע „דיום״, אויף צוויי הונדערט דאָלאַר אַ יאָהר, אָבער די שוהל, געהערט אינגאנצען צו שמואל שמשונ׳ען, און אויך דאָס געלט פאַר די שיפּס-קאַרטען האָט שמואל שמשון אַליין באַצאָהלט פון זיין אייגענער קעשענע.

שמואל שמשון האָט געהייסען איבערשרייבען דאָס ביכעל מיט די פינף הונדערט דאָלאַר אויף דעם נאָמען פון יוחנ׳ן, און בתיה׳ן, און ער האָט איבערגעהאַקט דעם שמועס, און געטאַדעלט דעם באַנקיר:

— נאָ מיי ביזנעס, נאָ יור ביזנעס... (ניט מיין עסק, ניט דיין עסק...)

אָבער ווען יוחנן און בתיה זיינען צוריקגעקומען מיט דעם ביכעל אין דער האנט און זיי האָבען דערצעהלט דעם מאַליוועער רב, די אַמעריקאַנער „ביזנעס״, אַז דער איינציגער נסתר, דער אמת׳ער גוטער פריינט, וואָס האָט געבויעט און באַצאָהלט פאַר דער שוהל, איז גאָר שמואל שמשון, דער מאַליוועער בעל עגלה,

דער פראסטאק, דער הארעפאשניק, וואס קומט אלע טאג, ליגט איבער אין הויז, און ער העלפט ארוים מיט אלץ, וואס עס נויטיגט זיך, און אז די אנדערע אידען, זוכען מן הסתם גרוים כבוד, האט דער מאליוווער רב זיך פארשפארט א שעה פאר ליכט בענשען, און דערנאך, איידער די רביצין, האט צום ערשטען מאל אנגעצונדען די ליכט, צום בענשען אין אמעריקע האט דער רב אריינגערופען די קינדער, יוחנ'ן, און בתיה'ן, און די צוויי אינגלאך, וועלכע זיינען געגאנגען אין דעם פאטער'ס וועגען, נאר האבען נאך ניט געפונען זייער וועג, און ער האט א זאג געטהאן צו זיי:

— מארגען וועלען געווים קומען די שעהנע אידען, די מאליוווער גבירים, די ציק'ס, און די אנדערע און וועלען מיר וועלען ווייזען, אז זיי האבען זיך מוסר נפש געווען פאר מיר, וויל איך, אז מען זאל זיי אפצאהלען — עין תחת עין. — מיט דער אייגענער מטבע. . . — און ער האט א רוף געטהאן זיין אינגסטען זוהן, נפתלי, א אינגעל פון א יאהר פופצעהן:

— נפתלי, — זאלסט געדיינקען, דו שטעהסט ביי דער טיר פון דעם הויז, און ווען עס קומט א גרויסער גביר, א שווערער איד, אויסגעפוצט אין עסיג און אין האניג, זאלסטו איהם לאזען שטעהן אין דרויסען, און ווארטען. דו זאלסט איהם זאגען, אז דער טאטע שלאפט איצטער, און ער וועט דארפען קומען פארנאכט... נאך שבת. . . פארשטעהסט, נפתלי!

— יא, טאטעשע, — האט נפתלי געענטפערט.

— נאר טאמער וועסטו זעהן, אז עס קומט א איד, א פשוטער, א בעל עגלה, מיט פשוטע מאניערען, ניט אויסגעפוצט, נאר מיט אן אמת'ן אידישען אנשטעל, און ער וויל אריינקומען זעהן דעם מאליוווער רב. זאלסטו איהם עפענען ברייט די טיר, און איהם אריינלאזען, וויל דער איד איז דער אמת'ער משמש בקודש, וועלכער האט, איינער אליין, אונז אלעמען געראטעוועט פון יא(מער)טהאל, ער איז דער אמת'ער גרויסער פאלקס-מענש. . .

דערנאך האט דער רב צוגערופען דעם צווייטען זוהן אריה ליב'ן, א יונגען מאן פון א יאהר אכצעהן און ער האט איהם א זאג געטאן:

— און דו, מיין קינד, אריה ליב, אויב דו וועסט זעהן, אַז אידען, מיט גרויסע בייכער, מיט שווערע זילבערנע און גילדערנע קייטען, אידען, וואָס מען רופט אין נויאָרק „אָלרייטניקעס" שטו- פּען זיך צו מיר, מחמת זיי ווילען, ווי מען רופט עס איז דער אמעריקע, האָבען „פּאָהן. . ." זאָלסטו זיי האלטען אין דרויסען, און זיי זאָגען, אַז שבת נעמט דער טאטע ניט צו קיינע געסט, נאָר אַז זיי וועלען דאַרפען קומען שבת-נאכט'ס, און זיך פּראוועז ביי מיר, און זיי וועלען מיך קענען זעהן נאָר עטליכע געצעהלטע מינוטען, ווייל איך בין זעהר שטאַרק פארנומען, נאָר שמואל שמשונ'ען זאָלסטו אַריינלאָזען, תיכף ומיד, צו מיר אין חדר מיוחד אַריין, און מיר וועלען לערנען די מאָליוועד אידען דרך ארץ — האָט דער מאָליוועד רב פארענדיגט.

די קינדער האָבען אַלץ פארשטאנען, און זיי האָבען צוגעזאָגט אויסצופאָלגען אלץ, ווי דער טאטע, האָט געבאָטען.

אָבער דער רב אליין, האָט פון דעם אלעמען געהאט שברת הלב. ער האָט געפיהלט, אַז אייגענטליך האָט נאָך איהם קיינער ניט געשיקט, נאָר איין בעל עגלה, שמואל שמשון. אַ מענש מיט אַ שעהנער נשמה, מיט אַ ברייט האַרץ, וועלכער האָט געוואָלט דאָ האָבען דעם מאָליוועד רב, ווייל ער, שמואל שמשון אַליין, איז אויך אַ מאָליווער, און ער וויל זיך פיהלען ווי אין מאָליוו ווי אין דער היים. . .

— אָבער נויאָרק איז דאָך ניט מאָליוו. — האָט דער מאָליוועד רב געטראַכט, און געהאט עגמת נפש פון דעם אַלעמען, ווען ער איז געוואויר געוואָרען, אַז קיינער פון די מאָליוועד אידען האָבען אין דער אמת'ן נאָך גארניט געטהאָן פאר זיין קומען אהער, און אַז נאָר איין שמואל שמשון האָט זיך איינפאך מקריב געווען צוליב זיין קומען אהער מיט דער גאנצער משפּחה.

שבת אין שוהל זיינען געקומען אַ פּאָר געצעהלטע מענשען, ניט קיין גבירים. די גבירים די „פּאבריקאנטען" זיינען געווען פּארנומען, אין זייערע פּאבריקען, ווער מיט אויסצאָהלען די „פּיידע", אַנדערע, מיט לויפען צו די „מאנופעקטשורערס" נאָך דער „פּיידע". מחמת זיי אַליין, זיינען נאָר געווען די „קאָנטראַק- טאָרלאָך", און האָבען געארבייט פּאַר יענעם און האָבען נאָר

ארויסגעקוועטשט די עצמות און די בלוטען פון אנדערע, און ווען דער מאָליווער רב איז געוואויר געוואָרען, האָט ער אַ זאָג געטהאָן:

— נארישע מענשען, וואָס זשע האָבען זיי געדארפט קומען פון מאָליוו, אזש קיין נויאָרק און ערשט דארפען דריקען אַנדערע, האָבען זיי דאָך געקענט בלייבען די זעלבע לופט-מענשען אין דער היים, און ניט שלעפּען זיך אַזאַ ווייטע נסיעה. . .

עס איז קענטיג געווען, אַז דער רב האָט מיט די „קאָנטראַק-טאָרלאַך" ניט געהאט קיין ברעקעל סימפּאַטיע, און זיינע קינדער, יוחנן און בתיה אוודאי ניט. . .

שמואל שמשון איז געקומען שבת אין דער פריה אין דער מאָליווער שוהל אריין, און ער האָט אויסגעקויפט דעם מפטיר פאַר אַ פופציגער, און פאַר'ן בעביר שנדר פאַר'ן רב, האָט ער ווידער אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, און ווען דער רב האָט דערהערט אַז דער מאָליווער פּשוטער איד לאָזט זיך קאָסטען אַ שלל מיט געלד, און גיט אויס די מוזינקע, און וויל מכבד זיין פאַר אַלע רייכע בעלי בתים, וואָס זיינען שוין דעם ערשטען שבת, צו דעם קבלת פּנים ניט געקומען, האָט דער רב אָנגעהויבען פאַרשטעהן, אַז שמואל שמשון האָט געשיקט די „ברידזשקעס" פון זיין שטאהל... און באַצאהלט פאַר די כלי-זמר, און אַזוי כסדר פאַר אַלצדינג, וואָס האָט איהם דאָ די אויגען פארבלענדעט, און ער האָט דער-פיהלט, וואָס פאַר אַ פאַרשאָלטען, טרוקען, פּראָזאאיש לאַנד, אַמעריקע איז, און עס האָט איהם פאַרשאַפט זעהר אַ סך יסורים.

שבת-נאָכט זיינען די גבירים זיך צונויפגעקומען, און דער מאָליווער רב האָט זיי דורך זיינע זיהן, נפתלי און אריה ליב, געהאַלטען פון דער ווייטען, און זיי געלאָזען פאַרשטעהן, אַז ער יאָגט זיך ניט נאָך זיי, און זיי מעגען וואַרטען.

נפתלי איז אריינגעלאָפען אַ באַגייסטערטער צו דעם מאָליווער רב, באַלד נאָך הבדלה, און אויסגערופען:

— טאַטעניו, יאָסעל דער זשיטניקער איז דאָך דאָ. דער דאָרפס איד, וואָס אונזער יוחנן האָט ביי דעם שבת טיש אַזויפיל דער-צעהלט וועגען איהם. . .

— נפתלי, געה לאָז איהם גלייך אַריין. דאָס איז אַן אמת'ער

פאָלקס-מענש. יוחנן׳ס א בעל הבית פון דער היים, איידער ער איז געקומען צו אונז, — האָט דער רב אַ זאָג געגעבן מיט פרייד.

— אַ גוטע וואָך, רבי, — האָט יאָסעל אַ זאָג געטהאָן, און אין דעם קול האָט זיך ניט געפיהלט קיין ברעקעל אָנשטרענגונג.

— א גוטע וואָך, אַ גוט יאָהר, יאָסעל, זיץ, דערצעהל, וואָס מאַכסטו, יאָסעל!״

בתיה איז דערווייל אַריינגעקומען, און האָט געבראַכט טיי פאַר דעם פאָטער, פאַר יוחנ׳ן, און פאַר דעם גאַסט.

— „שמואל שמשון!״ האָט נפתלי ווידער, אַריינקומענדיג, אַ זאָג געטהאָן דעם מאָליוּוער רב.

דער רב האָט זיך אָנגעהויבען בייזערען אויף נפתלי׳ן:

— שמואל שמשון דאַרף ניט, אַז מען זאָל איהם אַריינפיה-רען, זאָג איהם, אַז פאַר איהם, איז דעם מאָליוּוער רב׳ס הויז אַלעמאָל אָפען, און אַז ער וועט מאַכען מיט מיר אַזעלכע שטוקעס, וועל איך איהם „אַרויסטרייבען״, — האָט דער מאָליוּוער זיך גע-בייזערט אויף נפתלי׳ן.

שמואל שמשון איז אַריינגעקומען, און האָט געטראָגען איןביידע הענט אַ גרויסען בוטעל וויין, און אוועקשטעלענדיג דעם בוטעל אין אַ ווינקעל, איז ער צוגעלאָפען צו דעם רבין׳ און אַ פאַרלוירענער געמורמעלט:

— אַ גוטע וואָך, רבי שמואל מאָליוּוער. אַ גוטע וואָך, מאָ-ליוּוער רב, אַ גוטע וואָך!

— אַ גוטע וואָך, בעל הבית! — האָט דער מאָליוּוער רב איהם באַגעגענט מיט ביידע הענט, און איהם אַוועקגעזעצט לעבען זיך, און ווייטער גערעדט:

— שמואל שמשון, ווי איך זעה, האָב איך און יוחנן דאָ אַ גלייכען חלק: יוחנן האָט דאָ אין נויאָרק געטראָפען זיין ערשטען בעל הבית, — יאָסעל זשיטניקער, און איך, דער מאָליוּוער רב, האָב דאָ געטראָפען מיין שמואל שמשונ׳ען. . . אָבער ניט גע-זאָרגט. מיר ביידע, יוחנן און איך, זיינען צופרידען, ווייל מיר זיי-

נעןביידע, מבינים אויף אמעריקע, און אויף מענשען, אויף בעלי-בתים, און אויף קאָנטראקטערלאך, מיר לאכען ביידע פון אמע-ריקע, און אויב דאָס איז אמעריקע, וועלען מיר, ביידע דאָ לאנג ניט זיין. איך בין שוין מוכן ומזומן, צו פארפאקעווען, און אפילו היינט אויף דערנאכט, נאָך דער מלוה-מלכה, זיך געזעגענען מיט נויאָרק, און פאָהרען קיין ארץ ישראל. . . — האָט דער מאָליוועער גערעדט מיט גרויס פארדרוס.

ווען בתיה האָט אוועקגעשטעלט די טיי, האָט יוחנן א פרעג געגעבען ביי יאָסלען:

— פארוואָס האָט איהר ניט געבראכט אסתר׳לען אהער, — איך האָב איהר שוין לאנג אזוי לאנג ניט געזעהן? און אז עס האָט שוין יאָ אזוי פאסירט, אַז גאָט האָט אייך און מיר געבראכט קיין אמעריקע, האָב איך געוואָלט האָבען די זכיה, כאטש צו זעהן, וואָס עס איז געוואָרען פון מיין ערשטער תלמידה. — האָט יוחנן געענדיגט.

יאָסעל האָט זיך ווי פארשעהמט, און אַ זאָג געטהאָן: —

— איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, יוחנן, דו וועסט אפשר ניט גלויבען, נאָר ווען איך בין אהיימגעקומען, און האָב דער-צעהלט ביי מיר אין הויז, אז דו ביזט אין אמעריקע, און אַז איך האָב זיך מיט דיר געטראָפען, אָפגעשילדערט פאר מיין בני בית פאַר דער פרוי, פאַר לאה׳ן, און פאַר דער מאמע׳ן, ווי אַזוי, דו זעהסט אויס, זיינען זיי כמעט אין חלשות געפאלען, און האָבען געבעטען זיך ביי מיר, אַז איך זאָל זיי נעהמען צו דעם מאָליוועער רב, אָבער געפיהלט האָב איך, אַז מיין לאה און מיין מאמען געהען אוים די כוחות, אַזוי שטארק, ווילען זיי דיך זעהען. נאָר פונ-דעסטוועגען האָב איך זיי בארוהיגט, און האָב זיי געזאָגט: —

— דער מאָליוועער רב איז נאָך דאָ אַ גרינער, דארף זיך ערשט איינשטעלען, און מען דארף צוואווארטען, מען קען ניט קומען אַ גאַנצע פאַמיליע און ארויפוואַרפען זיך אויף „גרינע,״ גלייך די ערשטע וואָך, און שוין קומען צו זיי, צו גאסט. . .

בתיה איז געשטאנען מיט די צוויי הייסע גלעזער טיי אין די הענט, און האָט אליין ניט געפיהלט, ווי זי ציטערט פון אויפרע-

גונג, מיט וועלכער יאָסעל זשיטניקער האָט גערעדט פון יוחנ'ן, איהר יוחנ'ן. דער הארצענס געליבער, צוליב וועמען זי האָט אָפּ-געגעבען איהר גאנץ לעבען, נאָר ווען יוחנן האָט אַ זאָג געגעבען:

— אָבער מיין אסתר'לען, מיין ערשטע תלמידה, האָט איהר דאָך מיר כאָטש על כל פנים געמעגט פארגונען, און מיר בריינגען היינט, אַז איך זאָל אַ קוק טאָן, און זעהן, וואָס דאָס לעבען האָט פון איהר געמאכט!"

אין דעם אויגענבליק האָט זיך ביי בתיה'ן עפּעס איבערגע-ריסען אין הארצען, און זי האָט שנעל אַ שטעל געטאָן די צוויי גלעזער טיי אויפ'ן טיש, איז אַרויס און האָט זיך אַ ווארף געטאָן אין בעט, איינגעגראבען ביידע הענט אין קאָפּ האָר, שלוכצענדיג, האָט זיך איהר הארץ געריסען אויף שטיקער.

— יוחנן, מיין יוחנן, צי ווייסט ער גאָרניט, אַז ביי מיר אונ-טערן הארצען וועבען זיך די פעדים פון אונזער ערשטער פרוכט פון אונזער הייליגער ליבע, וועלכע איז צונויפגעוועבט געוואָרען אינאיינעם מיט דעם חלום, וואָס איך האָב געוועבט אין מיין הארצען פון דעם ערשטען אויגענבליק, ווען איך האָב איהם דער-זעהן אין מאָליוו, ביי מיין טאַטען אין הויז! צוליב איהם בין איך אין קאמעניעץ מעהר ניט אוועקגעפאָהרען, צוליב איהם האָב איך אַ קאריערע איבערגעפיהרט, איהם זיך געווידמעט, און איצטער, ווען מיר זיינען שוין אין אמעריקע, פריי פון די פּראוואָקאטאָרען, שפּיאָנען. און מיר דארפען זיך איינאָרדנען, און פיהרען אַ פאַ-מיליע, איצטער, אנשטאט, זיך אָפּגעבען, איינגאנצען מיט מיר, האָט ער זיך גאָר דערמאנט אין דער ערשטער תלמידה, זיינע, און ער פרעגט זיך, גאָר נאָך, אויף אסתר'לען, דעם זשיטניקער ארענ-דאר'ס מיידעל. . . — האָט בתיה צו זיך אליין געטראכט, און איז געלעגען, און איהר הארץ איז צוריסען געוואָרען אויף שטיקער.

מיט אמאָל איז איהר ארויפגעשוואומען אויפ'ן געדאנק, אז כאָטש זי איז שוין יוחנן'ס פרוי, איז יעדעס מאָל, ווען זיי בלייבען אליין, אפילו אין די אינטימסטע מאָמענטען, איז ער צו איהר אַזוי קאלט, אסקעטיש, אז ער ריהרט זיך צו איהר ניט צו, ווי עס איז דער שטייגער פון מאַן און פרוי, און נאָך גרויסער אָנ-שטרענגונג, באַקומט זי ערשט דאָס געפיהל, ווי אז ער וואָלט איהר אַ טובה געטאָן, מיט זיינע לאסקעס, מיט יעדער באַריהרונג.

— וואָס זאָל דאָס באַדייטען? — האָט בתיה איצטער גע־טראַכט — איז דאָס מעגליך, אַז ער האָט מיך ניט גענוג ליעב, אָדער וואָס? —

אין דער חופּה־נאַכט, — האָט בתיה ווייטער געטראַכט, — האָט ער זי בלויז געקושט און געצערטעלט, און מעהר גאַרניט...

— וואָס זשע איז דאָס? איז ער אַזאַ היילינער? פאַרוואָס־זשע באַציהט ער זיך צו אַלע מענשליכע פּראָבלעמען מיט אַזוי פיעל ערדישע השגות? —

זי האָט זיך איצטער דערמאָנט, אַז אין יענער ערשטער חופּה־נאַכט, ווען דער אַלטער רבי, זיין קורילאָוועצער זיידע, האָט איהם געדאַרפט פיהרען צו דער חופּה, האָט ער אויך פאַראורזאַכט אַזאַ שטורעם, אַז דאָס שטעדטעל איז מיט איהם געגאַנגען „כאַדאָראָם" און עס איז דאַן קיין חופּה ניט געווען. . .

בתיה האָט זיך אָנגעהויבען מאַכען פאָרוואורף: —

— ניט שעהן פון מיין זייט, — דאָ האָב איך איבערגעלאָזען מיין יוחנ'ן, מיין געליבטען מיט געסט, מיט זיין ערשטען ווירטה, יאָסעל דעם זשיטניקער, און איך בין אַנטלאָפען ווי אַ נאַרישע גימנאַזיסטקע, און האָב זיך אַריינגעוואָרפען אין בעט, און בין זיך מצער, וואָס מיין מאַן, מיין געליבטער האָט מיך נאָך אַלץ ביז איצטער ניט איבערגעזעטיגט מיט זיין ליבע און ליידענשאַפט, כאָטש ווילענדיג ניט ווילענדיג, פיהל איך שוין, אַז איך בין אַ צוקונפטיגע מוטער פון אַ קליינעם — יוחנן אָדער אַן אַנדער נאָ־מען פון זיין קורילאָוויצער דינאַסטיע. . .

בתיה האָט ניט געוואוסט, וואָס עס איז פאָרגעקומען פאַר דער צייט, ווען זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אין איהר שלאָפצימער, און זיך בעגאָסען אין טרערען, אַלס פּראָטעסט, דערפאַר ווייל „איהר" יוחנן האָט זיך נאָכגעפרעגט, אויף זיין תלמידה, אסתר'ל, זשיטניקער, נאָר ווען זי האָט זיך באַמיהט צו באַרוהיגען, און זי האָט זיך אַליין געמאַכט פאָרוואורף אַז אַזוי „האַנדעלט אַ יענטע", אָבער ניט קיין פּראָגרעסיווע פרוי, — און איז צוריקגעקומען און האָט דערזעהן, אַז עס זיצט אַ יונגע מיידעל, אפשר איינגאַנצען, אַ יאָהר זיבעצען, מיט אַ בלאָנדען קאָפּ, גילדערנע האָר, פאַרקעמט

אזוי, אַז דער גאַנצער קאָפּ איז ווי אריינגענומען אין אַ גילדערנער קרוין, און פון דעם יונגען פּנים, לויכטען ארוים, צוויי בלויע אויגען, ווי אַ חלום, פון אַ זומער-נאַכט, און די גאַנצע פּרוי זעהט אויס ווי אַ שמעטערלינג, און אַז יוחנן שטעהט, קוקט איהר אין די אויגען, און ער ווייסט גאָרניט, וואָס צו טהאָן מיט איהר, ער מישט די טיי אין איהר גלאָז, און וואַרפט דעם צוקער, און ער איז גרייט צו קניען פאַר איהר, ער איז פאַרלוירען, — האָט בתיה, ווען זי האָט דאָס דערזעהן, געוואָלט זיך צוריקציהען פון דעם צי-מער, אָבער יוחנן איז איהר פאַרלאָפען דעם וועג, און אין עקס-טאַז אויסגערופען: —

— בתיה, טייערע, קום אַהער, באַקען זיך, דאָס איז דאָך אסתר'ל, — יאָסעל זשיטניקער'ס מיידעל, דו האָסט מיך געהערט רעדען פון איהר, אמת, בתיה, טייערע? נו, אסתר'ל, דאָס מיידעלע, וועמען איך האָב אין זשיטניק, איידער איך האָב דיך נאָך גע-קענט, געלערענט ווי אזוי ריכטיג צו לייענען די תחנות פון ראש חודש בענשען, און — מאַלע, וואָס, מען לערענט אַ אידישע טאָכ-טער אין אַ דאָרף, אין אוקראַינע! —

בתיה האָט מעהר ניט געוואָלט, און ניט געקענט פאַרטראָגען די רייד, פון יוחנ'ן, און זיינע ווערטער האָבען איהר געגרילצט אין די אויערען, און איהר הארץ האָט זיך געבאָדען אין שווערע עגמת נפש און אין יסורים, צו וועלכע עס איז גאָר ניט געווען קיין גלייכען.

אסתר, דאַגעגען, וועלכע האָט אין פאַרלויף פון די עטליכע יאָהר אין אמעריקע באַוויזען דורכצומאַכען עטליכע יאָהר פּאָבליק און „היי-סקוהל, אין צווישען די צייטען, וואָס איהר פאָטער האָט פּרובירט מזל אין קאַליפאָרניע און אין ניו דזשוירזי, איז שוין אין איהרע קורצע זיבעצען לעבענס יאָהר געווען אזוי דערפאַהרען, און אָנגעשמעקט מיט אַלע ראַדיקאַלע אידייען און מיט דעם אמע-ריקאַנעם גייסט, אַז זי האָט דערפיהלט, אַז דער סענטימענט, פון דעם, וואָס יוחנן איז געווען איהר ערשטער לעהרער, האָט איהר ווי געגעבען דעם פאָרצוג איבער איהם, און זי האָט זיך געהאַלטען מיט איהם אזוי פריי, אזוי ווי עס איז פריי די דורכשניטליכע אמעריקאַנער מיידעל, ווען זי באַגעגענט זיך מיט עמיצען, וועל-כער געפעלט איהר, און זי ווייסט, אַז זי דאַרף זיך מיט איהם באַ-

געהן, ווי מיט אַ גוטן ברודער. וועט עפּעס ווערען פון דער באַגע-געניש, איז אוודאי גוט, און טאָמער אפילו וועט דערפון גארנים ווערען, וועט זי קענען זאָגען:

— עס איז ניט מיין שולד. . . איך האָב געטאָן דאָס בעסטע,

דאָס אייגענע האָט געטאָן אסתר.

זי איז געזעסען און האָט געטראַכט: —

— יוחנן, מיין ערשטער רבי, אין אַ דאָרף, אין דער אַלטער היים, אין זשינטניק. ווען איך בלייב אין דער היים, אין זשיטניק, וואָלט איך געווען זיכער געהייראַטה מיט אַ דאָרפס מאַן, אַ מילנער, אָדער אַן אַרענדאר פון אַן אַנדער דאָרף. נו, זיינען אָנגעקומען פּאָגראָמען, און דער טאַטע האָט געדאַרפט אנטלויפען, און זיך ראַטעווען, און צוזאַמען מיט אונז אַלעמען, איז ער געלאָפען קיין אַמעריקע. געוואַנדערט איבער אמעריקע, קיין קאַליפאָרניע, ניט געטראָפען, צוריקגעקומען קיין נויאָרק, געווען אין ניו דזשוירזי, און עס געהט ניט, אָבער איצטער האָט ער אָנגעטראָפען דעם ערשטען רבי'ן, דעם לעהרער מיינעם, א וואוילער יונגערמאַן, איז אַזאַ טייערער בחור. . . אבער — האָט אסתר ווייטער געטראַכט — ער האָט דאָ שוין אַ ווייב: בתיה, און ווי עס ווייזט אויס, האָט ער זי אפילו ניט שטאַרק ליעב, ווייל ווען ער וואָלט זי יאָ ליב גע-האַט, וואָלט ער זי ניט איבערגעלאָזען, און ניט געזעסען, און מיר געקוקט אין די אויגען אריין!

אזוי האָט אסתר געטראַכט, ווען יאָסעל האָט זי אריינגע-בראַכט און א זאָג געגעבען צו יוחנ'ן: —

— אָט דאָס איז מיין קליינע אסתר'ל, — !"

אסתר האָט זיך פאַרנויגט, און אַ קוק געטהאָן אויף יוחנ'ן, און איז צוגעפאַלען צו איהם, און ווען זי האָט איהם אויסגע-שטרעקט איהרע ביידע, קליינע קינדערשע הענטלאַך, און פון איהרע בלויע אויגען, האָבען אַ שטראָם געטאָן צוויי בלויע פאַסען העל-שטראַהלענדע פונקען, איז יוחנן געבליבען שטעהן אָהן לשון, נאָר ארומגענומען, און זי צוגעדריקט צו זיך, און אויסגערופען: —

— גאָט גרויסער, דאָס איז אסתר, יאָסעל זשיטניקער'ס!"

און ער איז געבליבען שטעהן מיט איהר אין זיינע ארעמס, ניט געוואוסט, וואָס מיט איהם קומט פאָר, און ער האָט לאַנג גע-קוקט אויף איהר, און זיך געכאפּט, אַז דער מאָליוועער רב שטעהט און זעהט צו די גאַנצע סצענע, האָט ער אסתר'ען ענדליך ארויס-געלאָזט פון זיינע ארעמס, און א זאָג געטאָן:

— זיץ, אסתר'ל, טייערע, דערצעהל, וואָס זשע מאכסטו, וואו ביזטו אויסגעוועזן אין דער גרויסער וועלט. ווי שנעל די צייט לויפט. ערשט נעכטען בין איך געוועזן אַ לעהרער אין דיין זשיט-ניק, און איצטער ביזטו שוין אַ גרויסע מויד, אַז עס איז אַ נחת אַ קוק צו טהאָן אויף דיר!"

— הער נאָר אַ לשון פון אַ בחור! — האָט אסתר א זאָג גע-געבען — אין זשיטניק, אז איך האָב געלערנט ביי איהם, האָט ער אויף מיר זיך אפילו ניט געוואָלט אומקוקען, און איצטער, האסטו געהערט מיט וויפיל קאָמפּלימענטען, ער האָט דאָס מיך באַ-שאָטען! —

דער מאָליוועער רב איז געוואָרען פארנומען מיט שמואל שמשונ'ען, וועלכער איז מיט איהם אריינגעגאנגען אין א באזונ-דער חדר, זיך פאר איהם אויסגערעדט זיין שווער, ביטער האַרץ, וואָס די לאנדסלייט ווילען נאָר פאר זיך דעם כבוד, וואס ער, שמואל שמשון, איז זיי מוחל מיט'ן גאנצען הארצען, כאטש זיי, די פּאסקודע „אָלרייטניקעס" די פאבריקאַטען, און די קליינע מענשעלאך האָבען דאָס ניט פארדינט. . .

בתיה איז ווידער, נאָכדעם, ווי זי האָט דערזעהן, ווי איהר יוחנן, איז צוגעקלעפּט געוואָרען צו אסתר'לען, איז אריין צוריק צו זיך אין שלאָפצימער, האָט זיך אריינגעווארפען אין בעט, און אין זיך געשטיקט איהרע טרערען, האָט ניט געוואָלט, אַז אימיצער פון די שטוב-מענשען זאָלען דערהערען איהר געוויין, און גע-וואויר ווערען פון איהר צער, אָבער יוחנן איז פאר איהר איצטער דערשינען ווי אַ רעטעניש.

ביז איצט, איז זי געווען מעהר ווי זיכער, אַז זי פארנעהמט דעם שעהנסטען פּלאַץ ביי איהם אין הארצען, און דא, מיטאמאָל, האָט זיך באוויזען יאָסעל דעם זשיטניקער'ס מיידעל, אסתר'ל, און אזוי שנעל ווי ער האָט זי נאָר דערזעהן, איז ער, יוחנן צוגעקלעפּט

געוואָרען צו איהר, און ער האָט איהר שוין, ביי דער ערשטער באַגעגעניש, געשאָנקען אזוי פיל אויפמערקזאמקייט, און ער קען זיך שוין גאָר ניט אוועקרייסען פון איהר, און זי, בתיה, זי עקזיסטירט שוין גאָר ניט פאר איהם. . . —

שפּעט אין דער נאכט, ווען יאָסעל האָט שוין געמאכט אַ באַמערקונג, אז:

— שוין צייט צו געהן אהיים, אסתר'ל, — איז אסתר נאָך אַלץ געזעסען מיט יוחנ'ן, פּארטיפט אין אַ שמועס, געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט איהר דערצעהלט און ער האָט געזשלונגען די בלויע שטראַהלען פון איהרע פינקלענדיגע אויגען, וועלכע האָבען זיך געלעגט איהם אין הארצען, און אנגעצונדען טויזענדער פארלאנגען, האָט אסתר, וועלכע איז שוין צוגעוואוינט געווען ארויסצוגעהן אָהן דעם פאָטער יאָסלען אַ זאָג געגעבען: —

— טאָמער האָב איך שוין אין מיין לעבען אַן אינטערעסאנטע באַגעגעניש, שטעהסטו און רייסט פון מיר שטיקער, איך זאָל געהן אהיים. איך וויים, וואו איך וואוין, טאטע, געה אהיים, יוחנן וועט דאָך מיר געוויס ניט לאָזען געהן אהיים, אליין, ער וועט מיך צופיהרען, הא, יוחנן, וואָס זאָגסטו, לעהרער מיינער?

— וואָס דען, איך וועל לאָזען אסתר'לען אַליין געהן אהיים?

— האָט יוחנן זיך ווי אנטשולדיגט, און דאָס האָט יאָסלען, וועלכער האָט זיך געפיהלט זעהר געשמייכעלט, בארוהיגט, און ער האָט אַ זאָג געטהאָן:

— נו, האָט זשע מיר אַ גוטע נאכט, און אַ גוטע וואָך — און ער האָט אסתר'ן אַ זאָג געגעבען:

— מען וועט דיר לאָזען אָפען די טיר, אסתר'ל, אָבער זיי ניט זעהר שפּעט, ווייל די מאמע, און די באבע וועלען ניט קענען שלאָפען. — און יאָסעל איז אוועק.

אזוי שנעל ווי איהר טאטע איז אוועק, און זי איז געבליבען מיט יוחנ'ן אויג אויף אויג, האָט אסתר אַ זאָג געגעבען:

— איצטער, טהו מיר אַ טובה, קום ארויס מיט מיר אויפ'ן הויף. איך וויל זיין מיט דיר אויג אויף אויג איך וויל ניט אז מען

זאָל קוקען אויף מיר מיט בליקען, ווי איך וואָלט געווען עפּעס אַ מאָדנע באַשעפעניש, אַ גנב'טע. איך גנבע ביי קיינעם גאָרניט. . . —

— אסתר׳ל, — האָט יוחנן אַ זאָג געטהאָן — וואָס רעדסטו, ווער האָט דיר דען עפּעס געזאָגט? —

— ניט געזאָגט, יוחנן, טייערער — האָט אסתר געענטפערט, — אָבער איך דערפיהל זעהר גיך אַ סך זאַכען. איך בין געוואַקסען אין דאָרף, און אויף דער נאַטור, און איך דערשמעק געפאַהר. די געפאַהר ליגט דאָ ביי דיין טיר . . . בתיה פאַרגינט מיר ניט און אויך דיר ניט, וואָס דו האָסט מיר געשאָנקען אביסעל אויפמערקזאַמקייט היינט אויף דערנאַכט, און איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, יוחנן, טייערער, איך פאַרגין איהר אויך ניט. דו ביזט מיין ערשטער לעהרער, און — זי האָט זיך איבערגעהאַקט, האָט איהם אַ ציה געטהאָן פאַר דער האַנט, און אַ זאָג געטהאָן:

— קום אַרויס, יוחנן. דו וועסט מיר אַנטשולדיגען, וואָס איך קען דיר ניט זאָגען „איהר", דו ביזט געווען מיין ערשטער לעהרער, אמת? — ביי די ווערטער זיינען זיי שוין געווען אויפ'ן גאַס.

— יוחנן האָט זיך געלאָזען פיהרען פון איהר, זיין קאָפּ איז געווען באַרוישט און ער האָט געדאַנקט גאָט, וואָס זי האָט איהם אַריינגעפיהרט אין אַ שטאָדטישען גאָרטען, דערביי און זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק.

ציטערענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער, האָט ער געטראַכט: —

— מאָדנע, זעהר מאָדנע. אסתר, דאָס קליינע נייַן יעהריג מיידעלע, וועמען איך האָב געלערענט אין אַ דאָרף, אין זשיטניק, צו מאַכען די ערשטע טריט אין לעבען. זי געלערענט לייענען און שרייבען, לייענען תחנות, און צו בענשען ראש חודש. איז זי נאָך קיין צעהן יאהר ניט אַלט געווען, און איך, אפשר צוויי מאָל אַזוי פיל, און איך האָב אליין נאָך ניט געהאַט קיין וועג אין לעבען. דערנאָך פאַסירען אַזוי פיל געשעהענישען אין צווישען, און ווען איך בין שוין אַ מאַן, פאַרהייראַט און אין אַן אַנדער טייל פון דער וועלט, דערשיינט יענע מיידעל, דאָס ערשטע — צאַרטע וועזען, צו וועמען איך האָב נאָך געהאַט געגלוסט, ווען זי איז נאָך אַפילו געווען מינדעריעהריג, און נאָר דערפאַר, האָב איך איהר אַפילו די מינדעסטע אָנצוהערעניש ניט געגעבען. . . ניט צוגעלאָזען קיין שלעכטע מחשבות. —

פונקט אין דעם מאָמענט, ווי יוחנן איז געזעסען מיט איהר אין דעם שטאָדטישען פּארק פאַרטיפט אין זיינע געדאנקען, האָט זיך אסתר אנגערופען: —

— יוחנן, איך וועל דיר עפּעס זאָגען. —

— נו, זאָג.

— איך וועל דיר זאָגען, וואָס דו האָסט איצטער געטראכט. —

— טו, זאָג. —

— אסתר, דאָס דאָרפישע מיידעלע, דאָס זשיטניקער, וועמען איך האָב געלערענט ווי אזוי אוועקצושטעלען אן — אלף — א — בית — און צו שרייבען א ריכטיגען זאץ אין אידיש — אָט דאָס מיידעל, האָט דאָס מיך איצט אָפּגעריסען פון מיין אינטעליגענטער פרוי פון בתיה'ן, און וועט מיך וויקלען ארום איהרע פינגער, און מאכען פון מיר אַ שמאַטע און מיך מאַכען טהאָן איהר ווילען, איך וועל זיך דאַרפען נויגען, בויגען, און זיך לאָזען, און ווען איך וועל זיך ניט לאָזען, וועלען, אָדער דריי מענשען באגעהן זעלבסטמאָרד, אָדער עמיצער וועט דאַרפען זיין גוט און פרום, און זאָגען:

—יוחנן איז טאקע מיינער, נאָר איך האָב איהם אזוי שטארק ליב, אז איך וועל פארלייקענען מיין לעבען, צוליב איהם. און איהם אויפגעבען, כדי עמיצער אנדערש זאָל זיין גליקליך מיט איהם....—

— דאָס איז אביסעל שוין צו ווילד — האָט יוחנן אויסגערופען, נאָר ער האָט אליין ניט געפּיהלט, ווי שטייף ער האָט געהאלטען אסתר'ן אין זיינע ארעמס, זי געדריקט צו זיך, און ווען זי האָט א זאָג געגעבען: —

— נו, אלזאָ, גענוג. געזעהן יוחנ'ן, גענוג!. איצטער, דארף מען געהן, ווייל מען וואַרט אויף מיר. איך בין טאקע שוין ניט מעהר אסתר, דאָס מיידעל פון זשיטניק, אָבער איך האָב אַ טאטען מיט א מאמען, זיי זאָלען געזונט זיין, און נאָך אַ באבע דערצו, זיי קומען פון זשיטניק. . . יוחנן, מיר וועלען זיך מעהר ניט זעהן. . .

יוחנן האָט פּראָטעסטירט, און געטענה'ט: —

— משוגע זיינען מיינע שונאים, — וואָס הייסט, מיר וועלען זיך מעהר ניט זעהן? —

— אָדער איצטער, אָדער קיינמאָל מעהר נישט, — האָט אסתר געענטפערט: — דו ביזט געוועזן מיין חתן נאָך אין זשיטניק איי-דער איך בין אַלט געוועזן צעהן יאהר. דו קענסט עס אפשר ניט גלויבען, אבער דו ביזט געוועזן דער ערשטער, וועמען איך האָב דערקענט, און אַלע נאַכט, ווען איך פלעג געהן שלאָפען, האָב איך צו זיך אַליין געטראַכט:

— ווען איך וועל גרויס ווערען, וועל איך זיין יוחנ׳ןס כלה. . . דו לאַכסט? אבער אזוי האָב איך געטראַכט. . .

יוחנן איז געזעסען, האָט זיך איינגעהערט, און אַלע איברים אין איהם האָבען געציטערט.

אסתר האָט ווייטער גערעדט:

ווען דער טאַטע האָט אונז אוועקגענומען פון דאָרף, זיינען מיר געבליבען אין מאָליוו פיר חדשים, האָב איך זיך געדרעהט ארום די פענסטער פון דעם מאָליוּוער רב׳ס הויז, און דו האָסט מיר קיין איינציגן מאָל ניט באמערקט, און איך בין געוועזן אזוי בייז אויף דיר.

— נארישער בחור. — האָב איך אַלע אָוועגט געטראַכט: ער מיינט טאַקע, אז איך בין ערשט צוועלף יאהר אַלט. איך בין גרייט פאַר איהם מיין לעבען צו שטרעקען, און ער ווייסט דאָס אפילו ניט . . . —

— אסתר, טייערע, מיידעלע, מיינע — האָט יוחנן איצטער גע-מורמעלט, וואָס איז מיט דיר, אסתר ? —

— איצטער איז מיר שוין גאָרנישט, — האָט אסתר געענט-פערט, און האָט זיך איהם פארטרויט — איצטער, ווען איך בין שוין גרויס, און איך קען דיר שוין דערצעהלען, וואָס איך האָב דאַן געפיהלט איצטער מאַכט שוין ניט אויס. . . איצטער קען איך שוין, ווען עס איז נויטיג אונטערדריקען אַלע מיינע געפיהלען און פארלאַנגען, און אויב דיר איז גוט אָהן מיר, וועל איך זיך אויס-שטרעקען צו דיינע פיס, און ווערען דיין פוסבייינקעלע, און

זיך לאָזען, אַז דו זאָלסט מיך איננאַנצען פאַרצעהרען, אבער אינ־גאַנצען, געדיינק, יוחנן! — און זי האָט צועפּענט די פאָלדען פון איהר אויבערשטער קלייד, זיך אַנטפּלעקט פאַר איהם, איהר גאַנ־צע, נאַקעטע הארץ, און זאָג געטהאָן:

— אָט אזוי בין איך, אסתר, דיין אסתר, וועלכע וואַרט אויף דיר, זינט איך בין אַלט געוועזן, צעהן יאהר אין דעם דאָרף, אין זשיטניק. נעהם מיך, אָדער לאָז מיך, און א סוף...! —

— וואָס ווילסטו פון מיר, אסתר, זאָג! — האָט יוחנן געפּי־בערט, געציטערט און ניט געוואוסט, וואס זי וויל האָבען פון איהם, און אסתר האָט זיך צוגענויגט צו איהם און האָט געענט־פערט:

— יוחנן, מיין לעהרער! דער ערשטער אמת'ער מענש, וועמען איך האָב דערקענט, נאָך איידער איך האָב זיך געצייטיגט, דו ביזט דער וועגען וועמען איך האָב געחלומ'ט אויף מיין געלעגער, אין דעם דאָרף, אין זשיטניק, ווען דו ביזט געשלאָפען מיט מיר אונטער איין דאַך, און איך האָב דענצמאָלט, ווען איך בין געוועזן א קליינע מיידעלע, געטראַכט, אַז ווען איך וועל גרויס ווערען, וועל איך פאַר קיינעם ניט וועלען ווערען אַ כלה, נאָר פאַר דיר. דו ביזט שעהנער און ריינער, און קלוגער פאַר זיי אַלע־מען! — האָט אסתר ווייטער גערעדט.

— אָבער איך בין שוין א מאַן פון אַ פרוי, און דו האסט איהר געזעהן. בתיה איז איהר נאָמען. וואָס זשע ווילסטו פון מיר, איצטער, אסתר, טייערע? — האָט יוחנן געטענה'ט.

— וויל איך גאָר ניט. נעהם מיך אריין אין דיינע ארעמס. מאַך מיך פיהלען, אַז דו ביזט מיט מיר, און אַז דו האסט פאַר מיר אויך אַ שעהן געפיהל, און אַז איך בין דיין כלה, און אַז איך בין דיר געשמאַק און אַנגענעהם, און אַז דו ביזט מיט מיר, און שוין. . . ווייטער גאָר ניט. . . — האָט אסתר געמורמעלט, און זיך ניט אויפגעהערט צו טוליען צו איהם.

— ניין, דאָס קען איך נישט — האָט יוחנן געטענה'ט, — דאָס וואָלט געוועזן פאַראטה צו בתיה'ן, צו דער פרוי, וועמען איך האָב מקדש געוועזן, און געבראַכט מיט זיך, אַזש פון יענער זייט ים.

— אָבער איך האָב אויף דיר געוואָרפען אַן אויג, נאָך איידער זי האָט דיך געקענט! — האָט אסתר ניט אויפגעהערט צו טענה'ן.

— איך האָב דיך דערקענט, ווען איך בין נאָך אפילו צייטיג ניט געווען. איך האָב דיך געגלוסט, און באגעהרט, ווען איך בין נאָך קיין צעהן יאָהר ניט אַלט געווען, יוחנן, אָבער איך בין געשטאַנען, זיך געטוליעט צו דיר, דיך באגעהרט, און אַלע מיינע באגעהרען זיינען אין מיר צייטיג געוואָרען פאר דיר, און איך וועל ניט רוהען ביז איך וועל ניט זיין דיינע — האָט אסתר ניט אויפגעהערט צו רעדען און צו בעטען זיך ביי איהם.

דער נסיון איז געווען צו גרויס:

פאר איהם איז געשטאַנען א יונג פרוי אין איהר פולער גלוסטונג, און וואָס האָט זי געוואָלט פון איהם? ווייסט זי דאָך, אז ער איז דעם מאַליוּוער רב'ס איידעם, און אז בתיה איז זיין פרוי!

— האָט יוחנן ניט אויפגעהערט צו טראַכטען.

— אסתר'ל, — האָט יוחנן איהר א זאָג געגעבען, — דו ווייסט אז איך בין פארהייראַט, און ווען איך זאָל איצטער האנדלען איבערגעאיילט, און זיך נאָכגעבען, דאַן וועל איך דיך און אויך זיך אריינפלאָנטערען אין זעהר ניט קיין שעהנער זאַך, און מיר וועלען עם אַלע דארפען באדויערען, און טאקע טייער באצאָהלען דערפאר. דעריבער פאָלג מיך, אסתר'ל, בארוהיג זיך. מיין לעבען איז פארבונדען געוואָרען מיט בתיה'ן, און איך קען זיך איצטער נישט צוהערען צו דיינע געפיהלען, פארשטעהסט, אסתר? מאָראַליש פיהל איך זיך ניט מעהר קיין פרייער מענש. איך טראָג פליכטען, איך האָב פאראנטוואָרטליכקייטען. — האָט יוחנן געענדיגט.

פליכטען. פאראנטווארטליכקייטען! — האָט אסתר אָנגעהויבען צו איראָניזירען, — דו רעדסט ווי אַלע קליינשטעדטעלדיגע, ווי אַן אמת'ער קליינבירגער, א איד א בעל הבית'ל, דו האָסט זיך מורא איינצורייסען מיט דער וועלט, מיט דער עפענטליכער מיינונג, מיט די חסידים פון דעם מאַליוּוער רב, הא? אָבער ווייסטו, לעהרער מיינער, אז דאָס איז היפאָקריטססטוואָ, אָפּנארעריי, אויגען פארבלענדעניש, און ווייטער גאָר ניט, מחמת טיף אין דיין נשמה האָסטו פאר מיר א שעהן, ווארעם געפיהל, דאָס קענסטו ניט לייּ-

קענען! — האָט אסתר איהם פאַרגעווארפען, און זי האָט ווייטער גערעדט:

ווען איך בין היינט אויפדערנאכט אריינגעקומען צו דעם מאָליוועך רב אין שטוב. און דו האסט מיך דערזעהען, ביזטו פאר אַ מאָמענט געוואָרען גאָר אַן אנדערער. דו האָסט אין יענעם אוי-גענבליק פאַרגעסען, אַז דו ביזט בתיה'ס מאַן, האָסט געפיהלט אייז זאך: דו האָסט מיך געטראָפען, און דו ביזט גלייך פאראינטערע-סירט געוואָרען אין מיר.

— דאָס וועל איך ניט לייקענען, — האָט יוחנן, ווע͏לכער האָט קיינמאָל קיין ליגען ניט געקענט זאָגען, צוגעגעבען.

— דו האָסט דערפיהלט, אַז עפּעס געמיינשאפטליכעס איז דאָ צווישען דיר און מיר. אמת, לעהרער? —

און גראד, ווייל זי האָט איהם איצטער אדרעסירט — לעהרער — און ניט מיט דעם נאָמען, האָט איהם נאָך מעהר פאראינטערע-סירט, און ער האָט ווייטער צוגעגעבען:

— אמת. —

— איצטער, זיי עהרליך צו זיך אליין, און זאָג: האסטו טאקע אזוי ליב בתיה'ן, אז ביי דיר אין הארצען איז פאר מיר ניטאָ קיין פּלאץ? דו ווילסט מיך מעהר ניט זעהן? —

— דאָס האָב איך דיר ניט געזאָגט. — האָט יוחנן געענטפערט.
— איך האָב נאָר געזאָגט אז איך טראָג פאראנטוואָרטליכקייטען צו אַ פרוי, מיט וועמען איך האָב זיך פארבונדען, און בין צו איהר מאָראליש פארפליכטעט. —

— דיין מאָראל אינטערעסירט מיך ניט. — האָט זי צארנדיג געענטפערט. מיך אינטערעסירט דער פאקט; איך האָב דיך גע-טראָפען. דו האסט מיך צוּאוואַרעמט, ארויסגערופען אין מיר יענע געפיהלען, וועלכע איך האָב געטוליעט און געווארעמט אין מיין הארצען פון דער פריהעסטער יוגענט, און איצטער זיינען זיי געקומען צו דעם קלימאקס, און איך בין פאר דיר גרייט. גרייט צו שטרעקען מיין לעבען פאר דיר. גרייט פון דיר פארצעהרט צו ווערען ווי אַ שמעטערלינג פון דעם פייער, און איך דערווארט

אפילו פון דיר קיין דאנק ניט. אבער איין זאך: פארשטויס מיך ניט איצטער, לאז מיך זיין נאהענט לעבען דיר, לעהרער מיינער.—

— וועסטו זיך אבער האלטען און באציהען צו מיר, ווי מען באדארף זיך באציהען צו א לעהרער? —

— יא. —

— נו, טו געה אהיים, און באַרוהיג זיך — האט יוחנן גע-רעדט מיט א באפעהלענדען טאן.

— גוט. איך געה, לעהרער! —

— אסתר האט שטייף פארביסען איהרע ליפען, האט זיך פאר-קנעפעלט צוריק די קליידער, האט ניט געוויזען מעהר קיין ברעקעל אויפרעגונג, כאטש אינעווייניג אין איהר האט געקאכט ווי אין א קעסעל, און מעהר ניט רעדענדיג קיין איינציג ווארט האט זי גע-שפאנט א שווייגענדיגע אין דער ריכטונג, וואו זיי האבען גע-וואוינט, און צוקומענדיג צו א הויז אויף גרענד סטריט, האט זי א זאג געגעבען:

— דא וואוין איך. א גוטע נאכט ! — זי האט אפילו ניט גע-ווארט אויף זיין ענטפער, און איז ארויפגעלאפען די פאר טרעפ-לאך, וועלכע האבען געפיהרט אין הויז אריין.

אין דער פינסטער איז זי שטיל אריין אין הויז, זיך באמיהענ-דיג קיינעם ניט אויפצואוועקען, האט זיך צוגעשארט ביי די ווענט צו זיך אין צימער, האט זיך אריינגעווארפען מיט דעם אנטהון אין בעט. האט איבערגעצויגען די קאלדרע איבער'ן קאפ, קיינער זאל ניט הערען איהר שלוכצען, און האט זיך געשטיקט מיט טרערען.

זי האט געפיהלט אז זי פיהרט א פארצווייפעלטען קאמף. יוחנן האט זי פארכאפט. זי איז געווארען שטארק פאראינטערעסירט אין איהם, גלייך ווי זי האט געהערט אז ער איז אין אמעריקע. האט געחלום'ט, אז זי וועט איהם געפעלען, האט זיך אויפגעבויעט א טורעם, אהן א יסוד. זי האט געמאכט דעם חשבון אהן א בעל הבית.

און אט איז געקומען דער מאמענט. זיי האבען זיך באגעגענט, און ער איז צוגעפאלען צו איהר, ווי א דורשטיגער צו א ברונען.

דערויף האָט זי געוואַרט. אזוי, טאקע האָט זי זיך פאַרגעשטעלט. איז זי נאָך מעהר פאַראינטערעסירט געוואָרען, און האָט זיך אויפ־געהויבען ווי מיט פליגעל, און איז אריינגעפלויגען צו איהם, איז געווען זיכער, אַז איהר אינטואיציע האָט איהר ריכטיג פאַראויס־געזאָגט. זי האָט זיך ניט אפּגענאַרט. עס איז דער יוחנן, וועמען זי האָט געקענט אין איהר פריהעסטער יוגענט. איצט וועט ער ווערען איהר יוחנן.

— איז ער אָבער א גייסטיגער מענש, — האָט זי איצטער אויפ׳ן געלעגער ווייטער געטראַכט — ער איז זעהר צוריקגעהאַל־טען. אָפּט גאָר אינגאַנצען אויסגעטהאָן פון ערדישע פאַרלאַנגען. נו, האָט זי גענומען די אויבערהאַנט, האָט זי געעפענט פאַר איהם איהר הארץ, האָט זיך איהם פאַרטרויעט מיט איהר סוד, און זי איז געווען זיכער, אַז ווען ער וועט דערהערען פון איהר אייגען מויל, ווי שטאַרק זי באַגעהרט איהם, וועט זי געווינען, און ער וועט זי נעהמען צערטלען, קושען, גלעטען, און דאַן איז איהר חלום פאַרווירקליכט. איהר חלום דערגרייכט. און אַלע איהרע וואונשען פון הארצען דערגרייכט. —

— און דאָ מיטאמאַל. שוין דעם ערשטען אויפדערנאַכט אַזאַ אנטוישונג! — האָט זי געזיפצט, און זיך ניט געקענט באַרוהיגען. — מאָראַל, פליכטען, פאַראַנטוואָרטליכקייטען אַלץ אַזעלכע באַ־נאַלע זאכען, וואָס פּאַסען זיך פאַר יעדען דורכשניטליכען פּי־ליסטער, קליינבירגער, אָבער ניט פאַר איהם, דעם קייטען־רייסער, דעם צוימען־ברעכער, דעם פרייגייסט, ווי זי האָט זיך איהם פאָר־געשטעלט.

עס איז שוין געווען בלוי אין די פענסטער. ווען יאָסעל זשיט־ניקער איז אריינגעקומען צו איהר אין צימער, און א זאָג געגעבען:

— אסתר׳ל, האָסט ניט באַדאַרפט זיצען אזוי שפּעט. נאָכאַלע־מען עס איז אָ רב׳ס אָ הויז. דאַרטען איז מען ניט געוואוינט צו זיין וואָך גאַנצע נעכט. עס איז אַן עולה פון דיר טאָכטער מיינע. —

— מיר זיינען ניט געזעסען אין הויז, טאַטע זיי רוהיג, — האָט אסתר געענטפערט. — יוחנן און איך זיינען געגאַנגען פאַר אָ שפּאַציר, און מיר האָבען זיך פאַררעט. —

— איז דאָך אָבער בתיה דאַרטען געבליבען אַליין, פאַר־

שטעהסט? א יונגווייבעל נאָך דער חתונה, און נאָך דערצו אין א פרעמד לאנד. זי האָט דאָך דאָ קיינעם ניט! — האָט יאָסעל, קע-נענדיג זיין אסתר׳ן, ווי ווי זי גיט זיך נאָך, און רעכענט זיך ניט שטאַרק מיט די אָנגענומענע קאָנסערוואַטיווע וועגען, א זאָג גע-געבען: נשקשה, טאַטע, זיי רוהיג. געה שלאָפען, איך בין מיד און איך וויל איינשלאָפען. עס איז איהר שווער געווען צו רעדען מיט׳ן פאָטער וועגען אזא זאַך, און זי האָט ניט געוואָלט, אז ער זאָל שוין אויפ׳ן מאָמענט דערפיהלען, וואָס פאר א שטורעם עס האָט זיך צופלאַקערט ביי איהר אין הארצען.

— איך האָב דיר נאָר געזאָגט, ווי אזוי איך פיהל, טאָכטער מיינע. — האָט יאָסעל געלאָזט פאלען א באמערקונג, און ער איז ארויס פון איהר צימער.

זי האָט זיך אריינגעדרעהט ווי א קנויל, נאָך אלץ אין די קליי-דער, האָט זיך איינגעקראמפט מיט איהרע ביידע הענט אין הארצען, און געשטיקט איהר צער און וועהטאג אין זיך, באמיהענדיג זיך איינצושלאָפען פאר א פאָר שעה.

## דער וואָרעם פון אויפערזיכט

פון יענעם אויפדערנאכט, ווען אסתר איז אריינגעקומען צום ערשטען מאָל צו דעם מאָליווער רב אין הויז אריין, האָט זיך דער וואָרעם פון אייפערזיכט איינגעגעסען אין בתיה׳ן, און די רוה און דער שלום האָט אנגעהויבען צושטערט ווערען.

יוחנן, געהענדיג צוריק אהיים, נאָכדעם, ווי ער האָט אסתר׳ן צוגעפיהרט צו דעם הויז, האָט געהאט גרויס עגמת נפש. ער האָט געפיהלט, אַז אסתר ליידעט שטארק, און אז ער, יוחנן איז די אורזאכע פון איהרע ליידען. זי האָט איהם דערזעהן, און אין גע-דאנק איז ער אלעמאָל געווען ביי איהר איינגעקריצט אלס א גייסטיגער, גרויסער מענש, און דאָס מיידעל האָט זיך אויפגע-בויעט א לופט-שלאָס און איהם האָט זי אריינגעזעצט דאָרטען פאר איהר קעניג, און איצטער, ווען זי האָט איהם באגעגענט, איז זי געקומען פאָדערען איהר קעניגרייך. . .

— אמת, — האָט יוחנן געטראכט — עס איז ניט זיין שולד. ער האָט איהר אין לעבען קיין זאַך קיינמאָל ניט צוגעזאָגט. עס

איז ניט זיין שולד, וואָס שוין אין מאָליוו האָט זי זיך עטליכע וואָכען געדרעהט ביי זיין פענסטער. עס איז געוויס אויך ניט זיין שולד, וואָס דורך דער צייט איז אסתר אונטערגעוואקסען און צייטיג געוואָרען און איז געוואָרען אַ פריי-גייסט, און איז גרייט זיך מקריב צו זיין אויף דעם מזבח פון ליבע. אבי נאָר צו זיין מיט איהם. כאָטש לעבען איהם.

אין דער אמת'ן האָט ער זיך דערפרעהט מיט איהר, ווייל עס האָט איהם הנאה געטהאָן, וואָס זיין ערשטע תלמידה, ווען ער האָט געלערענט צו שטעלען די ערשטע טריט אין לעבען, האָט זיך אַזוי שעהן אנטוויקעלט, און זיך געוועהלט אַן אייגענעם וועג אין לעבען, אַלס זעלבסטשטענדיגער מענש, האָט שוין דורכגעמאכט אַזוי פיל. כאטש זי איז נאָך קיין פולע אכצעהן יאָהר ניט אלט.

אָבער פון דער אנדערער זייט. ווען ער האָט דעם אייגענעם אויפדערנאכט זיך שפעטער דערוואוסט, אז זי איז ניט אינגאנצען גלייכגילטיג צו איהם, האָט ער שוין געהאט גרויס עגמת נפש פון דעם, און האָט ניט אָנגעהויבען וויסען ווי אַזוי מיט איהר צו האנדלען, און וואָס פאר אַן עצה זיך צו געבען.

אָנגעלאָדען מיט די אַלע געדאנקען איז ער געגאנגען צוריק אהיים פארטאָג, און ער האָט אַ טראכט געגעבען: —

— עס וועט זיין גוט, אויב בתיה וועט איצטער שלאָפען, און זי וועט ניט הערען ווען ער איז צוריקגעקומען. ווייל וואָס וועט ער איהר קענען זאָגען, ווען זי וועט איהם פרעגען וואו ער איז גע-ווען? —

מיט אמאל האָט ער זיך אליין דערשראָקען פאַר זיינע געדאנ-קען:? וואָס הייסט וועט ער איהר זאָגען? צו וואָס דארף זי גאָר איבערפרעגען? וואָס זשע, איז ער דען ניט באגלויבט ביי איהר? האָט ער זי דען אמאָל אויסגענארט? קען ער דען זאָגען עפּעס אנדערש, און ניט דעם אמת?

ער איז צוגעקומען צו דעם הויז, און איז אריינגעגאנגען.

אין דעם עס צימער איז נאָך ליכטיג געווען, און ער האָט גע-טראָפען בתיה'ן זיצען אין אַ ווייכען שטוהל, איינגעדרעהט אין דרייען. אַ פארווינטע, און זעהר אַן אומרוהיגע.

ער האָט אָבער נאָך אַלץ ניט באַגריפען, וואָס דאָ קומט פאָר, און אויף זיין שטייגער, האָט ער גוטמוטיגער אַ זאָג געגעבען: —

— בתיה׳לע, טייערע, פאַרוואָס ביזטו ניט געגאַנגען שלאָפען? פאַרוואָס ביזטו געזעסען אַ גאַנצע נאַכט און געוואַרט אויף מיר, האַ? —

בתיה האָט ניט געענטפערט.

— בתיה, נשמה מיינע, וואס איז מיט דיר? קום שלאָפען, עס איז שוין באַלד ווייסער טאָג! — האָט יוחנן אַ זאָג געטהאָן, און זי אָנגענומען ביי דער האַנט און בדעה געהאַט אַרויפצופיהרען אין שלאָפצימער, וועלכעס האָט זיך געפונען אויפ׳ן צווייטען עטאַזש.

בתיה, אַ דענערווירטע, האָט אָפּגעטרייסעלט זיין האַנט, און איז געבליבען זיצען ווי פריהער.

איצטער האָט ער דערפיהלט, אַז בתיה איז ברוגז אויף איהם, אָבער ער האָט נאָך אַלץ ניט בעגריפען ווי שטאַרק געקרענקט זי פיהלט זיך, און ער האָט ווייטער גערעדט: —

— דו ביזט ברוגז, האַ? עס פאַדריסט דיך, וואָס איך האָב אסתר׳ן בעגלייט אהיים — האָט ער אַ זאָג געגעבען, אין אַ ווייכען טאָן, און אַרויפגעלעגט זיין האַנט אויף איהר אַקסעל, און ער האָט זיך פאַרענטפערט: —

— נו, פאַרשטעהסטו דאָך, זי איז מיינע אַ תלמידה, און איז געקומען צום ערשטען מאָל צו אונז, און איך האָב געפיהלט, אַז מען דאַרף זיין פריינטליך צו אַ מענשען, האָב איך איהר אַרויס־געוויזען פריינטשאַפט, אָבער, קינד, וואָס ערגערסטו זיך אַזוי פון דעם, — האָט יוחנן זי געזוכט צו באַרוהיגען, — וואָס זשע דו געטרויעסט מיר ניט? וואָס האָסטו מורא. איך וועל דיך אַוועקוואַר־פען, און דיך אויסבייטען, האַ?

מיט אַמאָל האָט בתיה אויסגעפּלאַצט, און איהם אַ שטאָך גע־געבען:

קיין מורא האָב איך טאַקע ניט, נאָר אויב דו ווילסט, קענסטו דאָס טהאָן אפילו היינט! איך וועל דיך פריילאָזען, ווען דו וועסט וועלען! —

— בתיה, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ רייד, האַ? — האָט יוחנן אָן איבערראשטער אַ זאָג געגעבען, און איז צוגעגאנגען נאָך נעהענטער צו איהר, זיך געשטעלט אנטקעגען איהר און האָט ניט אַרונטערגענומען פון איהר זיינע בליקען.

— איך בין געווען אַ גרויסער נאַר, — האָט בתיה אויסגערופען: — איך האָב געדארפט וויסען בעסער! איך האָב געדארפט גלייך מאכען אַ סצענע דאָ אין הויז, איידער דו ביזט מיט איהר ארויסגעגאנגען, מחמת איך האָב דאָך באלד געזעהן ווי דו ביזט צוגעקלעפט געוואָרען צו איהר, און דו האָסט זיך שוין ניט געקענט אוועקרייסען! —

— בתיה, איך בעט דיך, איך וויל ניט הערען אזעלכע ווערטער, ווייל עס איז אַ באליידיגונג, ניט נאָר פאַר מיר, נאָר פאַר דיר אליין! — האָט יוחנן אַ צאָרנדיגער, פול מיט קרענקונג אַ זאָג געגעבען אין אַ שטילען טאָן. און האָט נאָך אַלץ געהאָפט, אַז בתיה וועט זיך בארוהיגען, און דער שלום וועט ניט געשטערט ווערען.

— אויב דו ווילסט ניט הערען, טו הער ניט. אזוי פיהל איך, און איך בין באליידיגט. דערנידעריגט, עס געפעלט מיר ניט. ניט דו האָסט אזוי געדארפט האנדלען! — האָט בתיה שוין אנגעהויבען אין אַ העכערען טאָן.

— בתיה, וואָס איז מיט דיר, וואָס שרייסטו? — האָט יוחנן גענומען טענה'ן. — וואָס האָב איך דען געטהאָן? אין וואָס ביסטו מיך חושד, בתיה? ביזטו ביי דיין זינען זאָג, וואָס איז היינט מיט דיר? —

— מיט מיר, האַ? — איך האָב דיך געלאָזט אין אַ שפּעטער שטונדע פון דער נאכט, און בין אוועק מיט אן אנדערען האַ? האָט בתיה ווייטער ניט אויפגעהערט צו האָבען טענות צו איהם. — איך, וועלכע האָב אין דיר געגלויבט ווי אין אַ גאָט, האָב מיין גאנצען גורל איבערגעגעבען אין דיינע הענט, איך האָב געדארפט היינט צוזעהן, ווי אזוי שנעל, ווי אנאנדער מיידעל איז אריינגעקומען אין הויז, האסטו זיך אינגאנצען פארגעסען אין מיר! איך האָב גלייך אויפגעהערט צו עקזיסטירען פאַר דיר.

איך בין געוואָרען דאס ווייב, די דינסט און זי איז געוואָרען

אַלץ אין דער וועלט. דו ביזט דאָך איינפאך פארכאפּט געוואָרען פון איהר, אַז איך האָב דאָך אינגאנצען ניט דערקענט דיך. —

— דו שרייבסט מיר צו זאכען, אין וועלכע איך פיהל זיך לחלוטין ניט שולדיג, — האָט יוחנן זיך ווידער גענומען פארענט-פערען, און ער האָט איהר דערקלעהרט:

— עס איז געווען פּשוטע העפליכקייט, און ניט מעהר. איך בעט דיך, באַרוהיג זיך, און שלאָג דיר ארויס דיינע נארישע געדאנ-קען פון דיין קאָפּ. קום. מיר וועלען געהן שלאָפען, בתיה טייערע—

— מאָל דיר, אַז רעדען שעהן קענסטו, דאָס זעה איך — האָט זי נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט ווארפען שטעכווערטלאך אין זיין זייט אריין. זי איז געווען פארגיפטעט. דער וואָרעם פון אייפערזוכט האָט זיך יענעם אויף דער נאכט איינגעגעסען אין איהר הארצען, און זי האָט איהם ניט געקענט מעהר ארויסטרייבען. און וואס מעהר ער האָט געטענה'ט מיט איהר, אַלץ מעהר האָט זי איהם ניט געגלויבט און ניט אויפגעהערט צו מאטערען מיט איהרע שטעכווערטלאך, און נאָך אַלצדינג וואָס ער האָט מיט איהר ניט צוטענה'ט, האָט זי געהאט איין ענטפער פאר איהם:

—ווערטער, ווערטער, פּוסטע ווערטער, קלאנגען, וועלכע מיי-נען פאר מיר מעהר גארניט, איך גלויב דיר ניט. דו ביזט געגאנגען מיט איהר, ווייל זי איז דיר געוואָרען אינטערעסאנטער, און איך האָב פאר דיר אין יענעם מאָמענט שוין אויפגעהערט צו עקזיס-טירען! צו וואָס דארפסטו זיך פארמאסקירען? איך וועל האָבען פאר דיר מעהר דרך-ארץ, ווען דו וועסט ארויסקומען מיט דעם אמת. און מיר זאָגען: — בתיה, דאָס מיידעל געפעלט מיר. איך בין פאראינטערעסירט אין איהר, און איך האָב געפיהלט אַן אי-נערליכען דראנג צו געהן מיט איהר פאַרברייננגען אַביסעל, און דעריבער בין איך געגאַנגען, און דיך איבערגעלאָזען! —

— בתיה. אויב דו קענסט אזוי רעדען וועגען מיר. — האָט יוחנן אויסגרופען — אויב דו דערלויבסט זיך צו רעדען צו מיר אין אַזאַ טאָן. נו, דאן טהוט מיר זעהר לייד דיר צו זאָגען, אַז דאָ איז עפּעס אַ טעות געשעהן. ענטוועדער איך בין ניט איך, ניט יוחנן, אָדער דו ביזט ניט בתיה, דעם מאָליווער רב'ס, וועלכע איך האָב זיך אוועקגעשטעלט פאַר אַ מוסטער, מיט דיין איידעלקייט,

און פארשטענדעניש פאַר מענשען, און זאכען! — האָט יוחנן גע-
רעדט מיט פארוואורף. עס האָט איהם פארדראָסען אויף איהר.
פארוואָס זי האָט זיך אזוי ארויפגעווארפען אויף איהם, איצטער,
ביי זיין אהיימקומען, מחמת ער איז געגאנגען אהיים מיט דעם גע-
דאנק פאַר איהר צו עפענען זיין הארץ, און איהר איבערגעבען
אויף אן עהרליכען, אינטימען אופן, וואָס היינט אויף דער נאכט
איז פאַרגעקומען, און ער האָט געהאַפּט, אַז בתיה איז עהרליך
גענוג צופיהלען ניט נאָר מיט איהם, נאָר אויך מיט אסתר'ן, וועל-
כע האָט זיך אין איהר פאנטאזיע, נאָך אלס קינד, געהאט אויפ-
געבויעט א לופטשלאָס, אַ פאַנטאַזיע, וועלכע איז אין איהר פריה-
עסטער יוגענט צורונען געוואָרען, נאָר איצטער ביי איהר אנ-
טרעפען איהם אין אמעריקע, האָט זי געמיינט, אז זי האָט נאָך ניט
פארשפּילט די געלעגענהייט. און האָט געזוכט גלייך ווידער אנ-
צוהויבען שפּינען דעם פאָדעם פון דער אמאָליגער ראָמאנטישער
פאנטאזיע. צי דאָס איז נאטירליך, אדער ניט, צי ער האָט געהאנ-
דעלט געגען זיך, אָדער אסתר'ן, ריכטיג, איז איצטער ניט געווען די
פראגע. דער פאַקט איז געווען, אז ער האָט געזוכט אסתר'ן צו בא-
רוהיגען. פון א ריין מענשליכען שטאנדפּונקט. און ער האָט גע-
האנדעלט. לויט זיין מיינונג, ווי אן אנשטענדיגער, עהרליכער מענש
דארף האנדלען.

אָבער וואָס זאָל ער טהאָן, איצטער, ווען אין איהר האָט זיך
צופלאקערט אַ פייער פון אייפערזוכט, און אלע זיינע רייד ווירקען
נאָר ווי בוימעל אויף אַ פלאם פייער?

ער איז געבליבען פארלוירען. אויסגעמאטערט פון א נאכט ניט
שלאָפען. און פון דער גרויסער אויפרעגונג, וועלכע אסתר האָט גע-
זוכט איהם אויפצורייצען און אנרעגען, איז ער אוועקגעפאלען אין
אַ שטוהל, און האָט מעהר גארניט געענטפערט.

אָבער בתיה האָט ווייטער געהאמערט אין איהם מיט רייד, ווי
מיט שווערע קלעפּ איבער זיין קאָפּ: —

— אַ גייסטיגער מענש, אַ פיהרער, ביזטו! קיין אמעריקע ביזטו
געקומען מיט מאָטיווען איבערצופלאנצען אידעאלען, און זעה, ווי
דו האָסט זיך אויפגעפיהרט היינט האָ? עס איז אַ רייכע מיידעל.
אַ נארישע ציג! — האָט בתיה אויסגערופען מיט פארדרוס — און

דו ביזט פארכאפט געוואָרען, האסט אנגעהויבען צו שפּילען די ראָלע פון דעם קאוואליער, האסט זיך גע'בחור'ט פאר איהר, זיך אלץ געסטארעט איהר צו געפעלען, אויסצונעהמען ביי איהר, און אין מיר האסטו זיך אינגאנצען פארגעסען! —

— הייסט עס, — האָט יוחנן איצטער, אַ צואוועהטאגטער, אין זיך געטראכט — האָט ער דאָך אַלעמאָל רעוואָלטירט קעגען דער אָנגענומענער מאָראל, קעגען יענע משונה'דיגע פאָרמען פון לעבען אין וועלכע אלע לייטישע מענשען האָבען געגלויבט, ווייל ער האָט אנדערש געפיהלט. ער האָט געוואָלט לעבען אַ נאטירליך לעבען.

ער דערמאָנט זיך, וואָס אמאָל איז געשעהן:

ער איז געוואָרען בר מצוה. דער רבי, הירץ בער, דער מלמד פון אלע גוטע אידישע קינדער, אַ זקן, פון אַ יאהר אכציג, וועגען וועמען עס איז ארומגעגאנגען אַ לעגענדע, אַז ער „מאַכט" גוטע־אידען. אין קורילאָוועץ. איינער אַן איידעם אין בעלז, אין דעם איצטיגען דור, אין זינקעוו, אין קורילאָוועץ. ער איז איצטער אַן איידעם אין בעלז, ביי די האלבערשטאַמ'ס, נאָר ער קען ניט אריבערקומען אין קורילאָוועץ, ווייל ער, יוחנן, דאַרף, על פּי ירושה, זיין דער יורש עצר און דער ממלא מקומו פון הרב זי־סיעלען, זיין זיידען.

דער אייגענער הירץ בער איז יוחנ'ס מלמד געווען, און אַ דרשה האָט ער איהם אויסגעשטעלט, פול מיט סתרי תורה, און וועלכע איז יוחנ'ן גראד געפעלען, אָבער ווען יוחנן האָט אָנגעהויבען צו מאכען דאָס צעטעל פון זיינע חברים, וועמען מען זאָל רופען צום טיש, מחמת גלייך נאָך דער בר־מצוה האָט יוחנן געזאָלט אָנהויבען צו פּראווען דעם ערשטען גוט־אידישען טיש, דערמאָנט ער זיך אז דער רבי, זיין מלמד, דער אלטער הירץ בער האָט איהם אַ זאָג געגעבען: —

— יוחנן, מיין קינד, הער זשע מיך אויס. אָט ווי דו קוקסט מיך אָן, בין איך ניט נאָר דיין רבי, דיין מלמד, נאָר דער מלמד פון אַלע גוטע אידען. איך, הירץ בער, האָב מדריך געווען אין זינקעוו ר' משה'לען, דעם שעהנעם רבי'ן, וועמען זינקעוו רופט: דער — ישמח־משה'ניק. — און זיין ברודער, ר' פינחס'לען, וועמען די זינקעווער רופען, די מגפה'ניקעס. (מחמת ביי פּנחס בן

אלעזר שטעהט געשריבען אין דער תורה: ותעצר המגפה. . .) און נאָך זיי האָב איך אויפגעבראכט צו גוט-אידענשאפט דעם בעל-זער איידעם, דעם קלוגען ר׳ יחיאל׳קען, אָבער, אַלע גוטע אידען האָבען, ווען זיי האבען געלערנט ביי מיר ניט געוואוסט, אז זיי וועלען דארפען עטליכע יאהר שפּעטער ווערען גוטע אידען. —

ער דערמאָנט זיך, אז הירש בער האָט ארייגענומען ביידע שפּיצען פון זיין לאנגער שניי-ווייסער בארד, אין מויל אריין, א קיי געטהון, ווי אין דער בארד, וואָלט פאר איהם געלעגען דער באשייד פון דעם רעטעניש, און ער האָט אַ זאָג געטהאָן: —

— יוחנן, מיין תלמיד, מיין גוטער איד אין צעהן יאהר ארום, — דו ביזט אזוי פיל אנדערש פון דיינע אור-עלטערען, גוטע אידען ביז דיר. . . זיי האָב איך געדארפט צוריקהאלטען, פון ניט האלטען זיך אַ סך גרעסער פון די מענשען אין פאָלק. זייערע חסידים, און די קינדער פון די חסידים. ווייל זיי האָבען זיך געהאלטען ווי משיחי הדוישעם, געזאלבטע פון גאָט. . .און דו, יוחנן, ביזט פונקט דער היפוך פון דיין משפחה, דו ווילסט גאר איינגאַנצען ניט וויסען, אז דו ביזט א געזאלבטער, אז דו דארפסט אוועקשטעלען א מחיצה צווישען דיר און פאָלק. . . — האָט הירש בער, זיין רבי, דער מלמד, דאן מיט איהם איינגעטענה׳ט.

דערויף, דערמאָנט ער זיך, אז ער האָט איהם דאן געענטפערט: —

— רבי׳שע, לעבען, ווי אזוי קען איך זיין א געזאלבטער, ווען דאָס פאָלק מיינס האָט מיך נאָך ניט געזאלבט. . .? ווי אזוי וועלען זיי מיך קענען זאלבען. ווען זיי וועלען מיך ניט קענען,? און ווי אזוי וועלען זיי מיך קענען, ווען איך וועל מיט זיי ניט פארקעהרען, ניט זיצען ביי איין טיש, ניט קוקען זיי אין די אויגען אריין, ניט הערען בקשות, און באגעהרען, און ניט וויסען ווער זיי זיינען, רבי, לעבען! —

דערויף האָט איהם דער מלמד הירש בער געענטפערט דאָן, ערב בר מצוה: —

— יוחנן, מיין תלמיד, הער זשע מיך אוים איצטער — דו האסט געפרעגט מעהר וויפיל איך קען דיר ענטפערען: —

מיינע תלמידים, דיינע קרובים, זיינען קינדער פון הרב זיסיעליע׳ן, פון הרב פינחס׳לען, און הרב משה׳לען. מען האָט ר׳ פינחסלען ניט געפרעגט, דאָס אייגענע, האָט מען ר׳ משהל׳ען ניט געפרעגט, און ביי ר׳ יחיאל׳קלען אין בעלז פרעגט איצטער קיי-נער ניט, און אויב דו ווילסט, יוחנן, אז ביי דיר זאָל מען אויך ניט פרעגען, טו נעהם די עצה, פון א ניינציג יאהריגען גוט-אידי-שען מלמד, פון פיר דורות רבנים, גוטע אידען, פון זינקעוו, און קורילאָוועץ, און פיהר זיך אויף אזוי, אז מען זאָל גאָר אפילו ניט וואגען ביי דיר צו פרעגען, ווייל דאָס אידישע פאָלק זאגט אַ גלייכווערטעל: אויף אַ שאלה איז טריפה. . . דו פארשטעהסט, יוחנן, עס איז אין לשער ואין לערוך. אָבער, ווען מיר, די רבנים זאָגען זאת חוקת. . . אזוי איז דאָס, רבותי, איז ניט צו פרעגען, . . — האָט יוחנן׳ס רבי, דער אלטער מלמד, פארענדיגט.

און יוחנן דערמאָנט זיך, אז גראד זינט דאן האָט ער אנגעהויבען אליין צו פרעגען פראגען:

— פארוואָס ?

— פארוואָס לאָזען די גבאים אלעמאָל צו די רייכע חסידים. און ווען עס קומט א שעהנער איד, א למדן, נאר אן אָרעמאַן, לאָזט מען איהם שטעהן, כעני בפסח, שטונדען לאנג, און ער קען צו דעם זיידען, צו הרב זיסיעלן ניט צוקומען! . .

— פארוואָס ?

— פארוואָס רעדט מען אין הויף, צווישען די משרתים, און דינסטען, עפּעס, אויף א מאָדנער פארשטעלטער שפּראַך. פּונקט, ווי דאָס וואָלט ניט געוועזן קיין גוט-אידישער הויף, נאָר עפּעס אן איינ-פאָהר, להבדל, וואו מען מאכט געשעפטען, מסחור, און יעדער משרת און דינסט זיינען פאראינטערעסירט, אַז דאס הויז זאָל טהון גוטע געשעפטען. . . מיט רייכע קליענטען, ווייל ווי זאגען די משרתים?: לעבען א פעטען טאָפּ, איז זיך גוט צו רייבען? וואס איז א פעטער טאָפּ? וואס איז דאָס אזוינס רייבען זיך? —

ער איז עלטער געוואָרען, און ער האָט אָנגעהויבען צו פאר-שטעהן, און ווען ער האָט זיך צוגעקוקט צו דעם גאנצען עסק, וואָס עס איז אָנגעגאנגען אין דעם הויף, האָט ער ענדליך דערוואכט, און האָט באשלאָסען:

— ווערען א גוטער איד? קיינמאָל ניט! פיהרען א טיש? ניין! פראוועו גאנץ אוקראינע, און האלטען אידען אין זיין רשות, אָפּ-גענאַרט, אז זיי זאָלען מיינען, אז ער זיצט על כסא הרבנות, אבער אין דער אמת׳ן, זאָלען די גבאים פיהרען די מלוכה, צוליב זייער טובה ווענען?, ניין. דאָס וועט ער ניט טהאָן! . .

און צוליב וואָס האָט ער, יוחנן אפּגעבראָכען מיט דער מלוכה, מיט דער קרוין. מיט דער כסא הרבנות, און מיט דער גילדערנער קייט, הא?

צוליב זיין אן עהרליכער מענש, און ניט אפּנארען די וועלט, ניט טראגען קיין קייטען, וועלכע דריקען און שטיקען איהם, ווייל ער קען ניט האָבען קיין פרייע בחירה, און מוז שטענדיג אומגעהן א מאסקירטער, און נארען די וועלט, וועלכע וויל אויסגעלייזט ווערען, אבער אויף אן אנדער וועג, דורך אן אנדער מעטאָדע!

— נו, וואָס זשע איז דערנאָך געשעהן? — האָט יוחנן ביי זיך אליין געפרעגט, און ער האָט זיך אָנגעהויבען געבען דין וחשבון:—

— עס איז געקומען א מנובל, אַ קליינשטעדטעלדיגער, געמיי-נער יונג, פארראטען זיינע חברים, אין שטעדטעל, און איז געוועזען גרייט זיי אוועקצושיקען אויפ׳ן פייער, אויף דער תליה, און עס איז א גליק, וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען, צוזאמען מיט אנ-דערע דאָס שטעדטעל צו ראטעווען. אבער דערנאָך איז אלעמען געוואָרען אַזוי ענג, ווייל דאָס וואָס עס האָט פאסירט אין קורילאָ-וועץ, האָט אויך געקענט — הייסט, מאָרגען פאסירען מיט מאַליוו, און דעריבער האָט מען געמוזט וואָס גיכער אנטלויפען פון מאָליוו.

— מאָליוו, — האָט יוחנן ווייטער געטראכט, מאָליוו, דאָס איז בתיה. צוליב איהר, — טראכט ער — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין מאָליוו, צוליב איהר האָט ער באשלאָסען זיך צו פאראינטערעסי-רען אין דער באוועגונג, וועלכע איז איהם געווען אזוי נאָהענט צו דעם הארצען, און צוליב איהר איז ער מיטגעפאָהרען קיין אמע-ריקע, און איצטער, ווען ער האָט זיך ווידער איבערגעבויעט, גע-קומען אין אמעריקע, און ער דארף ערשט אָנהויבען צוגרייטען א צוקונפט פאר איהר, פאר זיך, פאר דער אידייע, וועלכע ער פאר-טרעט, ערשט איצטער, קומט בתיה, און ווערט אזוי קליינליך, פערזענליך, דעם ערשטען אויפדערנאכט, ווען זיינע א באקאנטע

האָט אריבערגעטראָטען די שוועל, און האָט זיך מיט איהם פאַר-אינטערעסירט.

ער האָט דעם געדאנק געצויגען אביסעל ווייטער: —

— אָנגענומען אז אסתר האָט ניט געהאנדעלט ריכטיג, ווייל זי האָט געמעגט וויסען, אז, ער, יוחנן האָט א ווייב, מען דארף זיך איהם ניט דערקלעהרען אין ליבע, און איהם ניט זוכען צו באַ-איינפלוסען, אבער, על כל פנים, האָט זיין בתיה, איהם געמעגט שוין ביז איצטער קענען אויף אזוי פיעל, און זי זאָל זאָגען צו זיך אליין:

— מאכט ניט אויס, וואס מיין יוחנן איז געגאנגען אסתר'ן באגלייטען. יוחנן איז ביי מיר באגלויבט. יוחנן וועט קיין בייז ניט אָפּטהאָן. ער וועט זי באגלייטען אָבער ער וועט צוריקקומען צו מיר, אזוי ריין, ווי ער איז פון מיר אוועקגעגאנגען מיט אסתר'ן...
— אזוי האָט בתיה געדארפט טראכטען, און מיט אזעלכע גע-דאַנקען האָט זי געדארפט זיין רוהיג, און ווארטען, ביז יוחנן וועט קומען, און ער וועט זיך פאר איהר פארענטפערען, און אויב עפּעס איז ניט ריכטיג. וועט יוחנן זיכער זיך פאר איהר אנטשול-דיגען, און איהר דערצעהלען, פון דעם אָנהויב ביז דעם סוף.

— זי האָט עס אָבער ניט געטהאָן. האָט יוחנן איצטער אין זיך געטראכט. אנשטאט דעם. האָט זי נאָך אינסונירט געגען איהם. האָט איהם חושד געוועזען אין זאכען. וואָס נאָר א קראנקע פאַנטאַ-זיע. האָט געקענט צוטראַכטען. און עס האָט יוחנ'ן שטאַרק פאַר-דראָסען. ער האָט עס ניט געקענט פארגעסען. ער איז אין דעם מאָמענט געוועזען ווי איינער, וועלכער דערפיהלט, אז ער געפינט זיך צווישען צוויי פייערען. פון פליכטען און מאָראלישע פאראנט-ווארטליכקייטען צו אַ פרוי, און פון דער אנדערער זייט אַ מענש וועלכער האָט זיך געטראָפען מיט א שילערין, די ערשטע אין זיין לעבען, וועלכע איז א פנים פאַר־כישופט געוואָרען פאַר איהם, און איז נאָך דערצו אַ פשוטע פויערטע, געוואקסען אין אַ דאָרף.

און אָט האָט זיך אסתר באַוויזען, און עס אַנטוויקעלט זיך אַ פראָבלעמע:

מען דארף אסתר'ן אויסהיילען, ראטעווען און, איהר אַרויס-

שלאָגען פון דעם קאָפּ דאָס וואָס זי־האָט זיך יאָהרענלאַנג איינ־גערעדט. . . מען דארף זיך פארטראַכטען און באקלעהרען, וואָס עס קען געטאָן ווערען, כדי אסתר׳לען צו ראטעווען.

ער האָט ווייטער גענומען אנאַליזירען:

— זי איז דאָך אונטער מיין איינפלוס. זי וויל זיך מקריב זיין. איז אויב איך וועל איהר געבען צו פארשטעהן די לאַגע, ווי עס האַלט מיט מיר, וועט זי דאָך זיין וויליג זיך מקריב צו זיין. אבער איך וועל דעם קרבן אָננעהמען. . . וועט זי דאָך מוזען זעהן, אַז אויב איך מיין פאר איהר גוטעס, מוז זי מיך פאָלגען, און טהון ווי איך באפעהל איהר. . —

— פון דער אנדערער זייט האָט ער א טראַכט געטהאָן: —

— צוריקשמועסענדיג, ווער זאָגט עס, אַז בתיה איז הונדערט פראָצענט גערעכט? — נאָכאַלעמען איז יעדער מענש געבוירען מיט דער פּריוועלעגיע פון אויסוואהל. א מענש האָט א רעכט אויס־צואוועהלען צווישען איין זאך און דער אַנדערער. צווישען גוטעס און שלעכטעס. וואָס איז אַזעלכעס גוטעס? גוטעס איז וואָס עס אימפּאָנירט אַ מענשען, עס פארכאפּט איהם, עס נעהמט איהם ווי אין אַ קלעם, און האלט איהם געשמידט, ווי מיט אייזערנע צוואנ־גען און לאָזט איהם שוין מעהר ניט רוהען.

— און וואָס איז אַזעלכעס שלעכטעס? — שלעכטעס איז דאָס, וואָס, ווען עס קומען צופאָהרען יארידניקעס אין קורילאָוועץ, און באַלאַגערען דעם רבי׳ן. ר׳ זיסיעלע׳ס הויף און זיי ווערען בעלי־בתים זאגט מען זיי:

— דער רבי, איז שוין מעהר ניט דער בעל הבית, נאָר דער אפּיטרופּסוס, דער אפּעקון, און ווער עס וויל פארהאנדלען וועגען דער אידישער לאַגע, קען ער קומען אין קורילאָוועצער הויף אריין, און מען וועט זעהן, וואָס עס קען געטאָן ווערען. . —

קומען אין קורילאָוועצער הויף אריין אלערליי אידען.

עס קומען יארידניקעס, — בעלי־עגלות, און זיי לויפען אריין צו דעם רבי׳ן, הרב זיסיעלען: —

— רבי, — טענה׳ט די בעלי עגלות: — די גויים ווילען ניט

וויסען, אַז מיר, דאָס צעך, האָבען מעהר ניט די דעה. —
ענטפערט זיי דער רבי:

— רבותי, איהר האָט ניט די דעה, און איך האָב אודאי שוין ניט די דעה. — אָבער עמיצער האָט די דעה, און דאָס איז דאָס פאָלק. . .

און זינט דאַן, האָט דאָס פאָלק, ווען עס וואָלט געווען געהאט שכל, געוועץ געקענט האָבען אַן אמת׳ע דעה, נאָר, ווי אויף צו להכעיס האָט דאָס פאָלק, אָנגעהויבען זיך צוטיילען אויף פאַר-שיידענע מיינונגס-פאַרשידענהייטען.

דאָס איז געווען אין דער אַלטער היים. דאָס אייגענע אין אמע-ריקע — —

עס האָט זיך אָנגעהויבען אין דעם אָנהויב פון דעם איצטיגען יאָהרהונדערט, מיט אַ גרופּע נאַציאָנאַליסטען, וועלכע האָבען זיך ניט געוואָלט אונטערוואַרפען אונטער דעם באַשלוס פון די ראַדי-קאַלען פון דעם אַרבייטער רינג.

די פיהרער פון דעם אַרבייטער רינג האָבען געטענה׳ט:

— אידען האָבען אַלע יאָהרען געליטען דערפון, וואָס זיי האָ-בען געזאָגט:

— מיר זיינען אידען, מיר זיינען — אתה בחרתנו — דאָס אויבערשטע פון דעם שטוּיסעל. . . מיר, די אַרבייטער רינג מיט-גלידער, ווילען מעהר ניט הערען, ניט ליידען דערפון, וואָס די אַנ-דערע, די ניט ראַדיקאַלען ווילען זיך ניט צופּאַסען צו אונז, צו די מיטגלידער פון דעם אַרבייטער רינג, און דעריבער מוז מען זיי, די ניט מיטגלידער, די אַנדערע עלעמענטען באַקעמפען מיט אַלע געזעצליכע מיטלען. —

די קאָסמאָפּאָליטען, די עקסטרעם ראַדיקאַלען האָבען גע-טענה׳ט:

— אידען זיינען ניט מעהר ווי אַ טהייל פון דער ליידענדער מענשהייט — אַזוי האָבען אַרגומענטירט די פיהרער פון דעם אַר-בייטער רינג, אַ נייע געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך געגרינדעט נאָר צוליב דעם, ווייל זיי האָבען געפיהלט, אַז מען זוכט אָפּצוציהען

דעם אַרבייטער עלעמענט און איהם פּאַראַינטערעסירען אין אַנדע-רע קערפּערשאַפטען, וועלכע האָבען לחלוטין ניט צו טהאָן מיט די אַרבייטער אינטערעסען.

האָט דער „אַרבייטער רינג״, אַ נייע, יונגע אָרגאַניזאַציע, גע-זוכט צו באַשאַפען פאַר דעם אידישען אַרבייטער אַ פראַטערנאַלע, אידיש אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל איהם צוזאָגען עפּעס אַזעלכעס, וואָס אַלע אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַציעס האָבען איהם ניט גע-געבען. בלויז קרקע, „סעמעטערי,״ אבער קיין נשמה איז אין דעם צוזאָג ניט געווען.

יוחנן האָט זיך גלייך געשטעלט אויף דער קולטורעלער זייט פון דער אידישער באַוועגונג. ער האָט געטענה'ט:

— מיר ווילען ניט קיין קרקע, מיר דאַרפען ניט קיין „סעמע-טערי.״ מיר ווילען געהן קיין ניו דזשוירסי, און נעהמען ערד, באָ-דען, און לעבען אויפ'ן לאַנד.

יאָסעל זשיטניקער, און אַ סך אַנדערע האָבען איהם געשטיצט, און זיי האָבען זיך צונויפגערעדט, אַז אין אַ שעהנעם טאָג, וועלען זיי אַרויספאַהרען קיין ניו דזשוירזי, וועלען אָנקוקען דאָס לאַנד, אין מאָריסוויל, וועלכע די רעגירונג האָט זיי אָנגעבאָטען, און ווי אַלע, וועלכע האָבען דאָס אנגעקוקט, האָבען גערעכענט, אַז דאָס איז אַ „קלאָנדײַק״. . . —

עס איז דערוויל אָנגעקומען דער טאָג, און עס זיינען אַרויס-געפאָהרען אַ גרופּע פון אידישע אינטעליגענטען:

עס איז געקומען יאָסעל קאָפּעלאָוויטש, אַ אידישער אינטעלי-גענט, אַ געבראָטענער ליטוואַק, אַ אידעלע, קליין אין וואוקס, וועל-כער האָט אַלע יאָהרען פאַרקויפט ניי-מאַשינען צו אידען, אין די ווערקשטאַטען, אָבער וועלכער האָט באַגריפען, אַז אידען, קענען זיך נעהמען צו ערד-אַרבייט, און אויב זיי, די אידען, וועלען זיך נעה-מען צו ערד-אַרבייט, וועט זיך דאַרפען געפינען עמיצער, וועלכער וועט זיי מוזען פאַרקויפען לאַטס, האָטסטעדס, פאַרמס. . . האָט זיך יאָסעל דערוויל צוריקגעצויגען פון דעם ניי-מאַשין-געשעפט, און ער האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען צווישען די עלעמענטען, וועלכע האָבען געזוכט זיך צו באַזעצטיגען, און זיך איינבירגערען אויף דעם לאַנד, אין ניו דזשוירזי, אריבער דעם טייך האָדסאָן.

צוזאמען מיט איהם איז געווען אַ חבר, בעני קוויט, אַ בעלאַ-צערקווער איד, וועלכער האָט זעהר ליב געהאט צו זיין אַריינגעמישט אין אוואנטוריעס, און בעני, אַזוי גיך, ווי ער איז געוואוירן געוואָרען, אַז דאָ איז אַ פראַגע פון מענשען, וועלכע ווילען זיך באַזעצען אויף דעם לאַנד, באַארבייטען דעם באָדען און באַאקערען דאָס לאַנד, האָט ער זיך צוריקגעצויגען, און געזאָגט צו זיינע שותפים, יאָסעל קאָפּעלאָוויטש, און מייקעל קאהאנאָוויטש:

— גענאָסען, איך וועל צו אייך קיין שותף ניט זיין. . . איך האָב גערעכענט, אַז מיר קענען העלפען אונזערע גענאָסען זיך קאָלאָניזירען אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אָבער, ווען איך זעה, אַז עס איז אַ פראַגע פון פאַרקויפען „לאָטס", און „ריעל עסטייט", איז וואָס זשע דאַרף איך דאָס נאָך טהון אונטער דער מאַסקע פון גענאָסענטהום? און די וועלט זאָל מיינען, אַז איך בין אַ גוטער סאָציאַליסט, אַז איך קען זיך ליבערשט צוריקציהען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און פאַרקויפען „ריעל עסטייט" ניט צו קיין גענאָסען, און איהר קענט זיך טהון, ווי איהר פאַרשטעהט......

און דעריבער האָט עפּעס פּאַסירט, אַז ווען יוחנן מיט דעם קאָמיטעט זיינען געקומען אויספאָרשען די געגענט ארום דזשוירזי, האָבען זיי אויסגעפונען, אַז אַלץ וואָס זיי קענען טהון, איז זיך אָנשליסען און ווערען קאָלאָניסטען אין וואודביין, און אין כרמל, וואו עס האָבען זיך שוין אוועקגעזעצט אין געהאקטע וואונדען — גוט — אָדער שלעכט — אידישע קאָלאָניסטען, וועלכע זיינען גרייט צו קעמפען מיט דער מאסקיטאַ, און מיט אַלע אַנדערע שלעק, אַבי צו בלייבען אויפ'ן לאַנד, אַלס קאָלאָניסטען. . .

אָבער אויף נייער טעריטאָריע?

— ניט מעגליך!

מחמת אויך אין וואודביין און אין כרמל, ניו דזשורזי איז עס ניט אָנגעקומען אַזוי גרינג זיך איינצובירגערען. . .

ס'איז ארויסגעקומען אַ קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען פון יאָסעל זשיטניקער און יוחנן טווערסקי, צוזאמען מיט נאָך עטליכע פאַרטרעטער פון די ארבייטער.

זיי זיינען אַרויסגעקומען אין וואודביין, וואו עס איז שוין

געוועזן מעהר ווי א מנין אידעז, מיט א שוחט, מיט א „היברו טיטשער" און עטליכע ארבייטער, וועלכע האבען ניט געוואלט מעהר פארפוילט ווערען, און זיך פלאגען אין שטאדט.

זיי זיינען געקומען נאך אן עצה. און ווען די וואודביינער תושבים, האבען זיך געטראפען מיט יאסעל זשיטניקער, מיט יוחנ'ן, און מיט די אנדערע מיטגלידער פון דעם קאמיטעט פון נויארק, האט וואודביין ארויסגעשטעלט דעם שוחט, יאסעל גאלד־שטיין, א מאליווער יונגערמאן, א משכיל, אן אויפגעקלעהרטער, און דער יונגער מאן האט געטענה'ט:

— לאמיר אננעהמען, אז וואודביין איז ניט דאס אידעאלע פלאץ פאר ערד־ארבייט, און ניט קיין מנוחה פאר אידישע קאלא־ניסטען. איך שטים איין מיט אייך — האט יאסעל גאלדשטיין גע־טענה'ט: — אבער, איהר וועט מיר צוגעבען, אז קיין פריסטאוו, ווי אין מאליוו, האבען מיר דא ניט. . . קיינער זאגט אונז קיין דעה ניט. . . און ווען דאס לאנד זאל גראטען, וועלען מיר, די ארבייטער, ווערען די בעלי־בתים, און וועלען געניסען פון דעם „אוראזשאי", ממה־נפשך, אדער, מיר וועלען זיך נעהמען צו ערד־ארבייט, צוליב וואס מיר זיינען ארויסגעקומען אין ניו דזשוירסי, אדער מיר האבען פארלוירען, און וועלען דארפען זוכען א נייע טעריטאריע. —

## אסתר'ס באבע

די אלטע איז געוועזן זעהר אומצופרידען — זעהסטו, מיין קינד, פון דעם בין איך שוין גארניט צופרידען, איך פארשטיי ניט, בתיה האט דאך א מאן, און נאך אזא געראטענעם מאן, וואס הייסט מען לאדעט איין א מיידעל צו זיך אין הויז אויף נעכטיגען!

— הער מאמע, בתיה און אסתר האבען זיך היינט אזוי בא־פריינדעט, זיי זיינען געווארען אזוי צוגעבונדען איינער צו דער אנדערער, אז איך קען דיר גארניט איבערגיבען.

— מאל דיר מיין קינד, אז איך בין נעכטען ניט געבוירען געווארען, און איך בין אויך געוועזן אמאל א יונג ווייבעל נאך דער חתונה, און איך וואלט דיר אויך געקענט דערציילען א שיינע גע־שיכטע. מעגסט עס אויסהערען:

דעם ערשטען יאָהר נאָך מיין חתונה, עס וועט שוין זיין אין דעם אַ יאָהר זעכציג, זיכער! קומט צופאָהרען קיין זשיטאָמיר מיינע אַ שוועסטערקינדעל, אַ מיידעל אין מיינע יאָהרען, זי בלייבט אויף שבת, אָבער דער טאַטע דיינער, דוד, אַ ליכטיגער גן עדן אויף איהם בעט זיך ביי מיר: שיק זי אהיים. וואָס דאַרפסטו זי!

אָבער איך האָב ניט פאַרשטאַנען, איך האָב געוואָלט האָבען מיין שוועסטערקינד מיט זיך. מען רעדט, מען שפּאַצירט, ווי דער שטייגער איז.

פרייטאָג צו נאַכטס, די ליכט ברענען אויס, שלאָפען וויל מען נאָך ניט. יונגע מענשען, זיצט מען אין דער פינסטער, אַלע דריי, איך, דוד, און די שוועסטערקינדעל מיט אונז.

וועסטו מיר גלויבען, קינד מיינס, איך זאָג דיר ניט קיין לי-גען, דער טאַטע דיינער איז געוועזען אויף מיר מלא רציחה גאַנץ שבת, און תיכף נאָך הבדלה האָט ער געהייסען איינשפּאַנען דעם וואָגען, מען זאָל זי אָפּפיהרען קיין ליטנאָוועץ.

די אַלטע איז אַנשוויגען געוואָרען און יאָסל האָט פאַרשטאַ-נען וואוהין זיין מאַמע צילעוועט.

— מאַמע לעבען, דאָס איז געוועזען מיט זעכציג יאָהר פריהער. היינט איז אַנאַנדער וועלט, מען זיצט מעהר ניט אין דערפינסטער אפילו פרייטאָג צונאַכטס, און וואָס איז, וואָס איז דאָרט געשעהן, האַ! דאָס מיידעל האָט דעם טאַטען מן הסתם אַ קוש געטאָן, אַ יאָ איך האָב געטראָפען! היינט אַז מען וויל זיך קושען, קושט מען זיך אינמיטן העלען טאָג, אויף דעם פרייען פעלד, ווי איך האָב דאָס געזעהן טאַקע דאָרט אויף דעם פעלד אין דזשווירזי, און איך האָב זיך גאָרניט איבערגעשראָקען. ווער עס וויל זיך קושען, זאָל זיך קושען!

— ווילסטו, זוהן מיינער, מיר איינשמועסען, אַז פון אַזעלכע זאַכען וועט אַרויסקומען גוטעס? — איז די אַלטע נאָך אַלץ גע-בליבען אומצופרידען.

יאָסל איז געוואָרען אויסער זיך פון אויפרעגונג.

— דו וועסט מיר מוחל זיין, מאַמע, דו רעדסט גלאַט אין דער

וועלט אריין, און איך האָב עפּעס אַנדערש היינט געזעהן. איך האָב זיי אַלע דריי היינט אַ גאַנצען טאָג נאָכגעפאָלגט מיט מיינע בליקען. די קינדער פיהרען זיך אויף, אַזאַ יאָהר אויף מיר! ער אַליין, יוחנן, ווייסטו דאָך, דו געדיינקסט דאָך איהם, אַ איידענער מענש, איך זאָג דיר, אַ דימענטענער מענש.

מענשען האָבען איהם ליב, גיבען איהם אָפּ גרויס כבוד, אָבער ער האָט דאָס ניט ליב, מיר האָבען איהם היינט געוואָלט זאָלבען פאַר אַ רב, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, ער וויל ניט קיין רבנות, זוכט ניט קיין כבוד!

— מיין זוהן, גלויב עס ניט! ניטאָ אויף דער וועלט אַזאַ מענש וואָס זאָל אַנטלויפען פון כבוד. אַ סימן האָסטו מיין זוהן, אַז איך האָב אַמאָל אַליין געהערט, אַז די וואָס אַנטלויפען פון כבוד איז נאָר דערפאַר, ווייל זיי ווילען אַז דער כבוד זאָל זיי נאָכלויפען. אַזוי שטייט דאָך טאַקע געשריבען, אַז דער וואָס אַנטלויפט פון כבוד יאָגט זיך דער כבוד נאָך איהם.

יאָסל האָט געלאַכט, און האָט געענטפערט:

— אָבער פונדעסטוועגען איז פאַרט אסאך שענער, אַז איינער זאָל אַנטלויפען פון כבוד, דער כבוד זאָל איהם נאָכיאָגען, איידער ער זאָל זיך יאָגען נאָך כבוד און דער כבוד זאָל פון איהם אַנטלויפען. אָבער פונדעסטוועגען, מאַמע, מוז איך דיר זאָגען, אַז דו האָסט מיך היינט איבערראַשט.

— איך בין דאָך אויך אין אַמעריקאַ, האָט די אַלטע אַ זאָג געגעבען, אָבער צייט צו לייענען האָב איך היינט אסאך, נו, ספרים האָסטו גאָט צו דאַנקען גענוג, וואָס צו טאָן האָב איך ניט, לייען איך.

— מאַמע, דו ווערסט מיר אַן אַפּיקורסטע אויף דער עלטער, האָט יאָסל געלאַכט.

— ניט קיין אַפּיקורסטע, אָבער אַז איך לייען אין דער תורה —

— און דער מענש, משה איז געווען אַ באַשיידענער מענש, זעהר גרויס,״ נו, לאָמיר זאָגען, אַז משה אַליין האָט דאָס אויף זיך ניט געשריבען, אָבער די גאַנצע תורה איז ביי אונז אַנגענומען

פאר תורת משה, האָט דאָך, על כל פּנים געמעגט דער זעלבער משה וויסען ווער עס וועט פאר איהם פארענדיגען תורת משה, און באַוואָרענען אַז אַזאַ זאַך זאָל ניט געשריבען ווערען וועגען איהם!

— מאמע, האָט יאָסל אַ זאָג געגעבען, זעהענדיג, אַז די מאמע איז אויפגערעגט, עס פאַרדריסט איהר שטאַרק די געשיכטע, היינט, מאמע, לייענען מיר ביבל מיט ביבל קריטיק, מיר טייטשען ניט אַלץ ווערטערליך, מיר נעמען היינט אָן, אַז משה, האָט אייגענטליך אונז געגעבען נאָר צוויי לוחות, די עשרת הדברות, דאָס איבעריגע איז געשאפען געוואָרען שפּעטער.

— מיין קינד, דו דאַרפסט זיך ניט וואונדערען, — האָט די אַלטע געטענה'ט, — איך האָב זיך מעהר ווי איינמאָל געוואונדערט, פארוואָס קומט דאָס אונז! פּאָגראָמען, רדיפות, און יעדעס מאָל האָב איך געטראַכט, אַז אפּנים עס איז אמת, דאָס וואָס מען האָט אויסגעשריען ביי די עשרה הרוגי מלכות: זו תורה וזו שכרה! אָט דאָס איז די תורה, און דאָס איז איהר לוין, עס איז אַ גרויל, קינד מיינס! שווער צו גלויבען צייטענווייז!

— מאמעניו, וואָס איז דיר היינט געשעהן, איז יאָסל געוואָרען אומרוהיג, זעהענדיג ווי די אַלטע איז אינגאַנצען צורודערט.

— איך וועל דיר זאָגען, מיין קינד, וואָס מיט מיר איז היינט געשעהן: איך בין אויפגעשטאַנען און דו ביזט מיט אסתר'ן אוועק קיין דזשווירזי, זונטאג אינדערפריה, בין איך מיר ארוים אויף ריווינגטאָן סטריט, האָב מיר איינגעקויפט אַ אידישע גאַזעטע, און האָב געלייענט, האָב איך דאָרטען אָנגעטראָפען צוויי טשיקאַווע געשיכטעס: איין געשיכטע וועגען אַ באַריהמטער קריסטין אַ יעקאַטערינא ברעשקאָווסקאיא, דו הערסט? די ברעשקאָווסקאיא איז אַליין ניט געוועזען אָרעם אָבער זי איז געגאַנגען אין פאָלק, האָט זיי אויפגעקלעהרט ווער עס איז דער אמת'ער שונא פון די רוסען.

נו, האָט זיך געפונען אַ שפּיאָן, אַ פּראָוואָקאַטאָר, האָט זי פארמסר'ט, האָט מען זי געפּייניגט, געמאַטערט, אָבער זי האָט קיין זאַך ניט אויסגעזאָגט, קיינעם ניט אַרויסגעגעבען.

— איך האָב דאָס געטאָן, ווייל איך האָב ליב רוסלאַנד, מיין

לאנד, מיין פאָלק, — מעהר הערט מען פון איהר ניט קיין איינציג וואָרט.

נו, האָט מען זי פארשיקט אין קאטערגא, אין דער פּעטראָ-פּאוולאָווסקער פעסטונג, זיצט זי דאָרט, אָבער זי איז צופרידען. זי נעמט אַלץ אָן פאר ליב, און האָפט, אז אמאָל וועלען אנדערע פריי ווערען!

און איצט נאָך איינער, אַ מאַן, אַ פּרינץ, קראָפּאָטקין, דו הערסט, יאָסל, ער אליין איז געווען א פּאזש אין דעם צארסקאי דוואָרעץ, אָבער ער האָט אויך ליב דאָס רוסישע פאָלק, זאָגט ער זיך אָפּ פון זיינע טיטולען, פון זיין רייכער ירושה, און ער ווערט אַ רעוואָלוציאָנער, ער לאָזט זיך אויף גאָטס באראָט, אויף קידוש השם, ווייל וואָס איז דען קידוש השם, אויב ניט זיך מקריב זיין, אומקומען פאר אַ גרויסער זאַך? געהן אין פאָלק איז אַ גרויסע זאַך!, האָט די אַלטע אויסגערופען, און א זאָג געטאָן מעהר צו דער שנור, צו לאה'ן ווי צו יאָסלען:

— ווען איך קוק איצט אויף צוריק, און איך דערמאָן זיך, ווי דער יוחנן איז אָנגעקומען צו אונז, און ניט נאָר וואָס ער האָט געלערענט מיט די קינדער, נאָר ווי ער האָט מיך געלערענט ווי אנדערש צו לייענען דעם טייטש חומש און דעם „צאינה וראינה", פארשטיי איך ערשט איצט, אַז ער איז שוין דאמאָלט געגאנגען אין פאָלק, ער האָט געלעבט ווי דאָס פאָלק, דאָס פּראָסטע פאָלק לעבט, און ער איז אלעמאָל געווען רואיג און צופרידען, האָט זיך ניט באקלאָגט, ניט געפאָדערט קיין זאַך! מען האָט איהם געגעבען עסען, גוט, ניט? האָט ער קיינמאָל ניט גערעדט וועגען דעם. מען האָט איהם געגעבען עטליכע רובל, האָט ער צוגענומען און געזאָגט אַ דאנק, ניט, איז אויך געווען רעכט! ער האָט געטאָן די ארבייט מיט הנאה!

יאָסל האָט אָבער פאָרט ניט געקענט פארשטעהן פארוואָס די מוטער איז היינט אזוי צורודערט און ער האָט זי איבערגעפרעגט:

— נו, און וועגען אנדערע נייעסען, וואָס הערט זיך היינט, מאמע!

די אַלטע האָט אָפּגעזיפצט, און געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ:

מיין קינד, ווענען ארץ ישראל האָב איך גלעייענט היינט זעהר ניט קיין פריילינע נייעס, האָט די אַלטע געענטפערט.

— הכלל, מאמע, דערציייל שוין!

— מיין קינד, זעהר ניט פריילאך! מדבר האָבען די אידען, די בילו׳צעס אנגענענט, וויסטע מדבר, און דאָס לאַנד איז חרוב, קיין טרונק וואסער איז ניטאָ, מיילען ווייט, דאָס לאַנד איז וויסט, שאַ-קאלען וואיען בייגאכט, און יאָגען אָן א פּחד. די נעכט זיינען קאַל-טע, און די טעג מורא׳דיגע הייסע, די מענשען פון אונזערע מקומות זיינען ניט געוואוינט צו אַזאַ קלימאַט, פיבערען זיי. עס זיינען דאָ זומפּען, און די זומפּען פאראורזאכען פיבער, מאַלאַריע, רופען זיי דאָס, און דאָס זאמד פון דער מדבר פארטראָגט אויגען קראנקהייטען, וואָס נעמט אוועק אסך קרבנות, עס פאַלען מענשען, אָט דאַכט זיך, זיינען זיי געזונט, און אָט יאָגט אָן דאָס פיבער, ווערען זיי פאַ׳חלשט, עס נעמט דורשטען, קיין ריינע וואסער איז ניטאָ, די זומפּען פארגיפטען די לופט, פאַלען מענשען ווי די פלי-גען, און וואָס קלעהרסטו, עס איז שלעכט, מיין קינד, זעהר שלעכט! אסאך מענשען, וואָס זיינען ניט קיין געבוירענע אויף דעם ישוב, וואָס זיינען ניט קיין פארמער, זאָגט די גאזעטע, צו-לויפען זיך, און ווי די גאזעטע דערציילט, זיינען שוין אין ארץ ישראל דאָ פרישע מרגלים. . . דו הערסט, מיין קינד, א גאנצע גרופּע מרגלים, און זיי קעהרען שוין איבער דעם פּעלץ, זיי טייט-שען שוין אנדערש דעם פסוק פון די בילו׳צעס:

— בית יעקב, אידישע קינדער, לכו ונלכה! קומט, לאָמיר אנט-לויפען פון דאנען, און זיך ראטעווען מיט׳ן לעבען!. . .

ווען די מוטער האָט פארענדיגט, איז ענדליך פאַר יאָסלען קלאָהר געוואָרען, פארוואָס די מאמע זיינע איז היינט אין אַזאַ שרעקליכער שטימונג. זי האָט אַלע איהרע יאָהרען זעהר שטאַרק ליב געהאט ארץ ישראל, און איידער ער איז געפאָהרען קיין אמע-ריקא, האָט זי איהם שטארק צוגערעדט אז אנשטאָט פאָהרען קיין אמעריקא, זאָל ער בעסער פאָהרען מיט דער אנדערער גרופּע קיין ארץ ישראל.

די טרויעריגע נייעס האָט געשניטען איהר הארץ אויף שטיקער,

און נאָכדעם ווי זי האָט אויפסניי אָפּגעזיפּצט, האָט די מוטער א זאָג געטאָן:

— דו ווייסט וואָס איך האָב היינט געטראַכט, נאָכדעם ווי איך האָב דורכגעלייענט וועגן די מרגלים אין ארץ ישראל? איך האָב געטראַכט, צי מאַכסטו ניט קיין טעות, מיין קינד, וואָס באַזעצסט זיך אין ניו דזשוירזי, אפשר וואָלטען מיר גאָר געדאַרפט פאָהרען קיין ארץ ישראל, און שטאַרקען די הענט פון יענע ערשטע פּויע-רים, חלוצים, וואָס פּלאָגען זיך דאָרט אין ראשון לציון, פיבערען און קריינקען, אָבער גיבען זיך ניט אונטער אַזוי שנעל, ווי דאָס טוען די מרגלים!

יאָסל האָט געכאַפּט די גאַזעטע לייענען, ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגען אויב די מאַמע האָט איהם איבערגעגעבען ריכטיג וואָס דאָרט שטייט געשריבען.

אויף דער באַשרייבונג וועגן די מרגלים, וואָס לויפען שוין צוריק, האָט יאָסל א זאָג געטאָן:

— מאַמע, אָבער דו ווייסט דאָך וואָס מרגלים זיינען! מרגלים זיינען א דור המדבר! זיי מוזען סיי ווי סיי אויסשטאַרבען אין דער מדבר, ווייל זיי באַגרייפען ניט, אַז פאַר פרייהייט דאַרף מען טייער באַצאָהלען. אָבער אַז די מרגלים האָבען געבראַכט א שלעכ-טען גערוס פון ארץ ישראל, געדיינקסטו דאָך וואָס יהושע און כלב האָבען געענטפערט:

— עלה נעלה! מיר ווען דוקא ארויפשטייגען, און אריינקו-מען קיין ארץ ישראל!

נא זעה, מאַמע, פאַרוואָס האָסטו ניט באַמערקט די פריילינע נייעס: בוימער געפלאַנצט אין ראשון לציון!"

בוימער טרוקענען אויס די זומפּען, רייניגען די לופט, בוימער גיבען לעבען, פּירות, פון אַזא נייעס דאַרף מען דאָך גאָר גיין טאַנ-צען, מאַמע!

יאָסל האָט אין דער צייטונג געפונען א קאָרעספּאָנדענץ, כאָטש פאַרשטופּט אין א ווינקעל, אָבער פאַר איהם האָט דאָס געמיינט מעהר ווי אַלע נייעסען.

די קאָרעספּאָנדענץ איז געווען אונטערגעשריבען פון איציקל דעם שוחט׳ס.

— מיר האָבען אויפגעצויגען א ווייס בלויע פאָהן, און אויף איהר אָנגעצייכענט אַ זעקס קאַנטיגען מגן-דוד, ווי צוויי טריאנגלען, דער סימבאל פון קרן-דוד, און אין דער פאָהן האָבען מיר אריינגעשריבען — נס ציונה.

— ווען איהר זאָלט קענען לייענען צווישען די שורות ווי איך, האָט יאָסל געשמייכעלט, וואָלט איהר זיך ניט געזאָרגט, נאָר געטאנצט. חלוצים, אמת׳ע חלוצים שרעקען זיך ניט אָפּ פאר פיבער און מאלאריע, מען קומט דאָס איבער, מען שרעקט זיך ניט פאר קרבנות. אַזוי איז שוין די טבע פון דעם חלוץ, דעם פּיאָנער! ער גייט פאָרויס, און טאָמער אפילו פאלט איינער אין וועג, כאפּט אנאנדערער אויף זיין פאָהן און גייט ווייטער! דער חלוץ בויעט ניט נאָר פאר זיך, נאָר פאר די קומענדע דורות! ווער האָט געבויעט אמעריקא, די פּילגרימען! עס איז די זעלבע זאך!

— אַז עס איז שוין דאָ א ראשון לציון, און נס ציונה, וועט שוין בלייבען ישוב אויף דורות! זאָלען די מרגלים זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגען, מיט מרגלים בויעט מען סיי ווי סיי ניט קיין לאנד!

לאה האָט זיך געוואונדערט:

— איציקל, איציקל איז דאך גאָר געווען אַן עם-עולם׳ניק, ווי קומט ער קיין ארץ ישראל?

יאָסל האָט געלאכט און אַ זאָג געטאָן:

— א נייעס איז דאָס? אסאך עם-עולם׳ניקעס האָבען אינמיטען וועג פאַרקירעוועט דעם דישעל, און זיינען פון מיטען וועג איבערגעגאנגען צו די בילו׳צעס, איציקל האָט אויך אזוי געטאָן! יאָסל האָט אויסגעפיהרט:

— זעהט איהר דאך, אַז איציקל שטייט דווקא ביי דער ארבייט און איז שטארק באגייסטערט, אָבער איך וואָלט שוין געוואָלט הערען, וואָס יוחנן וועט זאָגען, ווען ער וועט לייענען די נייעס וועגען ארץ ישראל, האָט יאָסל א זאָג געגעבען.

די אַלטע האָט נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט צו חלומען:

— איך האָב נאָך אַלץ ניט אויפגעגעבן מיין האָפנונג צו זעהן ארץ ישראל!

— און אסתר? — האָט לאה איהר אַ זאָג געטאָן — אסתר וויל דאָך גאָר קאָמונאַלע דערפער אין דזשוירזי, און ווי איך פארשטיי זיינען דאָך יוחנן און בתיה אויך אָנגעשטעקט מיט די זעלבע אי-דייען!

— נו, איז פארוואָס וועלען זיי ניט קענען אין אונזער ארץ ישראל טאקע איינפיהרען אזעלכע קאָמונאַלע דערפער, ווער וועט זיי ניט לאָזען, אויב דאָס איז אַ גלייכע זאך, ווי זיי מיינען! וואָס זשע עמיצער צווינגט אין ארץ ישראל אז מען זאָל ווערען א קני פּענטס פאבריקאנט, וואָס מיינסטו וועט איציקל דעם שוחט'ס טאָן? שרייבען תפלין! ער איז דאָך פון דער זעלבער קאָמונאַלער גרופּע פון די עם-עולם, וועט אין ארץ ישראל זיך אויך פארשפּריי-טען דער זעלבער קרייזעל, האָט די אלטע גענעבען לאה'ן צו פאר-שטעהן.

אין דער פריה איז אסתר געקומען צוגיין מיט בתיה'ן, זיי האָ-בען זיך געפיהרט פאר די הענט, אסתר האָט בתיה'ן פאָרגעשטעלט פאר דער מאמען מיט דער באָבען.

— דאָס איז בתיה, דעם מאָליוועד רב'ס טאָכטער, מיין חבר'-טע, יוחנן'ס פרוי!

ביידע פרויען האָבען זיך מיט בתיה'ן דערפרייט ווי מיט אן אייגענער, האָבען גאָרניט געוואוסט וואו זי אוועקצוזעצען.

בתיה האָט זיי בארואיגט, זיך באלד געמאכט היימיש, האָט ניט דערלאָזען, אז מען זאָל פון איהר באזוך מאכען אזא וועזען.

— איך בעט אייך, מאכט ניט קיין כיבוד, איך האָב געמוזט קומען זיך באקענען מיט אייך, אָבער איך דארף באלד גיין צוריק!

— מאָל דיר, אַז דו וועסט שוין מוזען עסען מיט מיר אָנ-בייסען, — האָט אסתר געשמייכעלט, און איז דערווייל געלאָפען מאַכען טיי.

— ווי וועל איך קענען עסען אָנבייסען דאָ, ווען יוחנן ווארט

אויף מיר מיט'ן עסען! מיט א געלעכטער האָט בתיה ווייטער גע-רעדט:

— יוחנן האָט נאָך איין מאָל אָהן מיר ניט געגעסען, און אַז איך זאָל איהם ניט דערמאָנען, אז עס איז צייט צו עסען, וואָלט ביי איהם רעכט געווען, אינגאנצען ניט עסען.

— נו, זאָל ער זיך גוט אויסהונגערען, ביז ער וועט ווּעלען עסען, וועט ער בעטען, — האָט אסתר געשפּאסט.

— דו מיינסט דאָך דאָס ניט, — האָט בתיה געשמייכעלט. — ווען ער וואָלט זיין דיין מאן, דאַן וואָלסטו אויך אַזוי געפיהלט ווי איך.

לאה און די אלטע זיינען געזעסען, און האָבען אָנגעקוואָלען דערפון ווי אזוי בײדע פרויען זיינען אזוי פריינטליך, אַזוי אָפענ-הארציג, ביז די אלטע, וועלכע איז געווען זעהר אַ בארעדעוודיגע, האָט אַ פרעג געטאָן:

— יוחנן האָט שוין געלייענט וועגען ארץ ישראל אין דער צייטונג?

— וואָס פרעגט איהר, זאָל אייך אסתר דערציילען, מיר קומען אהיים, ערשט דער טאטע זיצט אוןווארט מיט דער גאזעטע אויף יוחנ'ן, און ער לויפט צו צו אונז מיט אַ בשורה: — קינדער, אי-דען דארפען זיך אָפּגיבען מזל-טוב! עס איז שוין באשאפען געוואָ-רען די ערשטע אידישע קאָלאָניע, און זי האָט אַזאַ אמת קלינ-גענדען נאָמען — ראשון לציון!

—ראשון לציון — האָט אסתר איהר ארויסגעהאָלפען —אפילו איך, די קאָמונארין, פיהל אויך, אַז אויב איציקל דעם שוחט'ס רעדט אַזוי שעהן וועגען ארץ ישראל, מוז דאָס זיין אַ וויכטיגע געשעהעניש, ניט נאָר פאַר ציוניסטען, נאָר פאַר אונז אלעמען!

— און טאָמער טאַקע ציוניזם איז מיר זעהר שלעכט, — האָט בתיה באמערקט, — מיין טאטע איז אַלע זיינע יאָהרען אַ גוטער ציוניסט, זעהר אַ שיינער איד, און אַז עס געפעלט איהם מעג אונז אַלעמען געפעלען!

— מיר געפעלט, אַז איציקל וועט אין ארץ ישראל געפינען

מעהר ווי ציוניזם. ער איז געווען אקטיוו אין דעם קורילאָוויצער קרייז פון דעם עם-עולם, — האָט אסתר באמערקט.

דערנאָך האָט אסתר ארייננעגומען בתיה'ן צו זיך אין צימער, און זיי זיינען געוואָרען שטארק אינטים.

— איך וויל דיר פארטרויען אז איך האָב דערפיהלט, אז אויב איך וועל זיך ניט גובר זיין, וועל איך אונטערגיין. דאָס איז געבליבען פאר מיין רעטונג.

יענעם אויפדערנאכט אין שטאָט גאָרטען, ווען איך בין געבליבען מיט יוחנ'ן, האָט ער אין מיר ארויסגערופען דעם אמאָליגען לעהרער, ווען איך האָב אזוי שטארק ליב געהאט, מעהר ווי א קינד האָט ליב א לעהרער, אָבער וואָס איך האָב איהם ניט געזאָגט, איך האָב אפילו געסטראשעט, אז איך וועל אוועקגיין, און וועל איהם מעהר קיינמאָל ניט וועלען זעהן, דאן האָב איך דערקענט זיין שטארקען כח!

— איך האָב א פרוי, איך האָב פליכטען, פאראנטוואָרטליבקייטען, — האָט ער ניט אויפגעהערט צו טענה'ן. איך האָב געהאט יענעם אוונט א שווערען נסיון אויסצושטעהן. פריהער בין איך אויף איהם בייז געווען, און האָב געטראכט, ער איז א בורזשוי, א פיליסטער, אָבער אויף מאָרגען האָב איך א טראכט געטאָן:

— ניין, ער איז א גייסטיגער מענש, און אן עהרען מאן. איז עהרליך צו זיך, צו דיר, און צו מיר אויך.

— וויל איך איהם פארלירען? ניין, אָהן איהם וועט דאָס לעבען איגגאנצען ניט זיין אינטערעסאנט. דאן האָב איך זיך גענומען אין די הענט אריין, און האָב געזאָגט:

— יוחנן איז בתיה'ס מאן, ריכטיג. מיין מאן קען ער קיינמאָל ניט זיין. אָבער ער קען זיין פאר מיר א לייכטענדער טורעם, מיין וועג ווייזער, און איך וועל אין איהם זעהן נאָר די גייסטיגע געשטאלט, וואָס פארשיינט אונזער לעבען, און פיהרט אונז אויף דעם ריכטיגען וועג, דו פארשטעהסט!

— דו האָסט איהם נאָך אלץ ליב, אסתר, — האָט בתיה געמורמעלט.

— עס וואנדעט זיך וואָס מען רופט ליבע. אויב ליב האָבען מיינט פארעהרליכען א מענשען, זעהן אין איהם נאָר דאָס שענסטע און דאָס פיינסטע וואָס צושטראַלט זיך פאר דער וועלט, און אי־בער דעם חלל אין רוים, און באאיינפלוסט אַלע ארומיגע, דאן איז יוחנן מיין אינספיראציע און איך בין גרייט נאָכצופאָלגען אין זיינע פוסטריט, ווייל איך וויים, אז ער וועט מיר מיט דער צייט ערגעץ אויפבויען א קאָמונאלען דאָרף אין א ישוב, אויף לאנד, ער וועט אונז פיהרען און מיר וועלען איהם נאָכפאָלגען, און איך וועל זיין איינע פון יענע וואָס וועט העלפען אָפריייניגען די דערנער און די שטיינער פון וועג, און איך וועל זעהן, אז אַלע זאָלען איהם אָפגיבען דעם געהעריגען כבוד, ווי ער פארדינט.

— אויב אָבער — האָט אסתר ווייטער גערעדט, — אויב ליב מיינט ווערען יוחנן'ס פרוי, פיזיש זיך זעטיגען מיט איהם, דאן מאכסטו א גרויסען טעות!

— פאַר מיר איז יוחנן אַ פארקערפערטער אידעאל, ער וועט ביי מיר קיינמאָל ניט וואָכעדיג ווערען, ער איז מיין יום-טוב אין לעבען, טאקע דערפאר, ווייל ער איז ניט מיין מאן און איך וויל איהם מעהר ניט דערגרייכען אַלס אַזעלכען.

—אויב אַזוי, — האָט בתיה אַ אַזאָג געטאָן, — איז מיר אפשר אסאך ערגער ווי דיר, אסתר טייערע, ווייל פון מיר איז ער דאָך דערגרייכט געוואָרען, אין מיר איז ער רעאליזירט געוואָרען. מיר איז ער דאָך סוף כל סוף אַ מאן, פיזיש, אמת, נאָר מיט בושה און באשיידענהייט, איז דאָך דאָ אַ געפאהר, אז איינער פון אונז זאָל אמאָל דעם אנדערען וואָכעדיג ווערען, איז עס דאָך אַ גרויסע טראגעדיע!

— ניין, דו טאָרסט אזוי קיינמאָל ניט טראַכטען, טאַקע ווייל ער איז אַ גייסטיגער מענש, און נאָר אַלס אַזעלכען דארפסטו איהם אַלעמאָל זעהן און אפילו, ווען דו ביזט מיט איהם דארפסטו האָ־בען דאָס געפיהל אז, דו דערנעהרסט א גייסט ניט נאָר אַ גוף, דאן וועסטו האָבען דיין באפרידיגונג אויף אַ גאנץ שענערען און פיינערען אופן, ווי עס האָבען מענשען וואָס לעבען אין א גייסטי־גער וועלט.

בתיה איז געזעסען, האָט זי באוואונדערט, די אינגערע מיי־

דעל האָט זיך אויפגעהויבען פאַר איהר צו אזא הויך, אז עס האָט איהר אזש אָנגעהויבען צו שווינדלען פאַר די אויגען.

— און איצט, בתיה, גיי אהיים, גיב איהם עסען, דערציייל איהם וואָס ווינציגער מעשיות, וואָס מיר ריידען צווישען זיך דאָס איז פאַר אונז צו וויסען, דו פארשטייסט, בתיה?

זיי זיינען ארויסגעקומען פון שלאָפצימער, בתיה האָט זיך אנטשולדיגט פאַר לאה'ן און פאַר דער באָבען, וואָס זי האָט זיך פארשלאָסען מיט אסתר'ן אויף אזא לאנגער צייט.

— מיר האָבען אזוי פיל געמיינשאפטליכעס, מיר האָבען זיך דורכגערעדט אזוי הארציג, נשמה'דיג, אז איך האָב זיך ניט גע־קענט אוועקרייסען פון אסתר'ן. — האָט בתיה זיי דערקלעהרט. אסתר און בתיה האָבען זיך צוקושט, און האָבען אָפּגערעדט זיך צו טרעפען אינגיכען.

## הרב יחיאל׳קעל קורילאָוויצער

די פּטירה פון הרב זיסיעל׳ען האָט אויפגערודערט גאנץ אוקראאינע.

דערצעהלט האָבען מקורבים, אז איינמאָל איז געקומען א טאָג, ווען דער רבי האָט א זאָג געטאָן צו לייזיען, זיין ליב־מענש:

— לייזיע סערדצע, מיין צייט איז געקומען אז איך זאָל אי־בערגיבען מיין שטוהל, און מאכען אנאנדערען פאַר א גוטען אידען אויף מיין אָרט. אידען ווילען גוטע־אידען, אידען ווילען, אז מען זאָל זיי בענשען, און אידען דארפען א טרייסטער, א בענ־שער!

בכן, אזוי ווי עס איז ניט באַשערט געווען, אז יוחנן זאָל ווערען מיין ממלא מקום, אָבער יוחנן האָט אנדערע גרויסע עסקים אין דער וועלט, איז נאָר דאָ איין וועג פאַר מיר: הרב יחיאל׳קעל, דער בעלזער איידעם פון די אלבערשטאַמס, ער איז א איד, א חכם עתיק, א מזג טוב, אידען האָבען איהם שטאַרק ליב, און ער אליין האָט אן איבערגעגעבענע ליבע צו אידען, צו פּאָלקס מענשען ווי צו גדולי תורה. הרב יחיאל׳קעל וועט זיך זעהר שנעל איינלעבען מיט קורילאָוויצער אידען.

— זאָל דער רבי געזונט און שטאַרק זיין, דער רבי דאַרף מאריך ימים ושנים זיין ביז הונדערט און צוואנציג יאָהר, — עס איז לייזיען שווער געווען זיך פאַרצושטעלען קורילאָוויץ אָהן הרב זיסיעל'ען.

אָבער דער אלטער האָט געטענה'ט:

אויב מען וויל, אז איך זאָל גיין פון דער וועלט אין צייט, און אָנקומען צום בית-דין של מעלה פונקט ווען מען דאַרף מיך צו זיין א מליץ יושר פאַר סענדער'ן, זאָל מען גלייך ברייננען דעם בעלזער איידעם, הרב יחיאל'קלען, גיי זשע לייזיע, שטיי ניט!

מיט פארטרערטע אויגען איז לייזיע ארויסגעלאָפען, האָט דאָס דערציילט די מקורבים וואָס זיינען געשטאנען פון דער אנדערער זייט טיר, פון זיין חדר מיוחד. די מקורבים האָבען באשלאָסען, אז אזוי איז גאָטס רצון, און ווען די קארעטע איז ארויסגעפאָהרען ברייננען הרב יחיאל'קלען, איז דער אלטער שוין געווען א האלבער נפטר.

אָבער ער האָט זיך דאָך דערוואַרט.

די קארעטע האָט אריינגעפיהרט דעם נייעם רבי'ן, און די רביצין, גיטעלע, א גרויסע יחסנטע, פון די סטעפיניער אייניקלאך, אין דעם קורילאָוויצער הויף.

הרב יחיאל'קעל, האָבען דערציילט מקורבים, וואָס האָבען איהם אמאל געזעהן:

א לויטערע געשטאלט פון א מלכות, א שעהן ליכטיג פנים, פון וועלכען עס האָבען זיך געצויגען לויטערע שטראלען, צו די מענשען אויף וועמען ער האָט געקוקט מיט די גרויסע בלויע אוי-גען, דאָס פנים ווייס ווי מילך, ווי א שנור פון גנאַד וואָלט זיך געצויגען און דאָס פנים באצירט, און א באָרד וואָס האָט אָנגעהויבען גרוי ווערען נאָך אין דער פריסטער יוגענט, צוליב דעם צער גידול בנים וואָס איז איהם באשערט געווען.

איבער די אויגען א פאָר ליכטיגע ברעמען, וואָס ווען זיי האָבען זיך אויפגעהויבען און א קוק געטאָן אויף א אידען, האָט דער איד גלייך דערפיהלט, אז די שערי רחמים האָבען זיך פאַר איהם געעפענט, ווייל דער רבי, זאָל לעבען, וועט דאָך מן הסתם מבטיח זיין, אז השם יתברך וועט אם ירצה השם העלפען!

און אַ זאָג געטאָן האָט דאָס הרב יחיאל'קעל מיט אזא טאָן מיט אזא שטעל, אַז קיינער האָט מעהר אין ספק ניט געקענט זיין.

און אַ שטאלט האָט ער געהאט פון אַ צעדער בוים, און אַ הולך אין זייד און אין אטלאס, דער קאָלנער, דער ברייטער, ארום זיין האלז, איז געלעגען אויסגעגלעט ווי אַ פּאס פון ערשט געפּאַ-לענעם שניי, דער גאנצער באַנעם איז געווען מלכות'דיג, אָבער מיט חסד, מיט ווייכקייט, מיט איידעלען שטאָלץ וואָס פּאסט טאקע נאָר פאַר אַזא גוטען אידען ווי הרב יחיאל'קעל, מיט וועמען עס האָט שוין גע'שמ'ט, נאָך איידער דער אלטער האָט איהם ארויס-גערופען.

ווען די כלי זמר זיינען ארויסגעקומען, האָט דער רבי זיי גע-הייסען אויפהערען, און ווי דער שטייגער זיינער איז געווען, זיך מאַכען אַביסעלע פאַר אַ כבד-פּה, און ריידענדיג אין דער נאָז, עניות'דיג, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

„אידען, איך בין אייך מודיע, אַז היינט איז דאָ ניט קיין שמחה, אַ גרויסע נשמה דאַרף איך באַגעגענען, זי וויל זיך מיט מיר געזעגנען, מאכט מיר ניט קיין ווארע מיט קיין כלי-זמר, איך בין געקומען זעהן דאָס גרויסע ליכט, אפשר קען מען פארהאלטען דעם גוף אין דער נשמה!

— דאָס זיינען דאָך גאָר אַנדערע דבורים — האָבען אלטע חסידים אָנגעהויבען ריידען צווישען זיך, די חסידים האָבען פאַר-שטאנען, אַז דער רבי וויל זיך אַליין איצט אינגאנצען מבטל זיין.

— הרב יחיאלק'ל איז געבראכט געוואָרען אין הויף אריין, און ווען ער איז אַריין, האָט ער אַלעמען געהייסען אַרויסגיין.

עס איז שוין געווען נאָהענט צו דער פּטירה, און דער אלטער האָט קוים ארויסגערעדט:

— עס איז צייט, אַז דו, יחיאל, זאָלסט דאָ נתגלה ווערען, איך גיב דיר איבער זעהר וואוילע אידען, טייערע אידען, אפילו די יונגעלייט, העהר זיך צו צו זיי, העלף זיי, עס איז אַן עת צרה, דו בלייבסט פון היינט אַן הרב יחיאלק'ל קורילאָוועצער! זאָל גאָט זיין מיט דיר, — שמע ישראל ד' אלוקינו ד' אחד!"

אזוי ווי פויגעל פון הימעל וואָלטען צוטראָגען די נייעס, אַזוי

האָבען זיך די ידיעות פון הרב זיסיעלעס פטירה אָנגעהויבען פאַר-שפּרייטען, איבער אוקראַאינע, איבער די הויפען פון אזארעניץ, זינקעוו, מאנאסטרישטש, טאלנע, מאכנאווקע, סקווירע און ביז סאַדאַגורע.

בריטשקעס און פאיעטאנען האָבען זיך געאיילט קיין קורילאָ-וועץ, אהן אפשטעל, מען האָט שוין פארשטאנען, אז ניט אומזיסט האָט דער אלטער זיך געהייסען ברייגנען דעם בעלזער, ער וויל ניט עס זאָל לידיג בלייבען אַ שטוהל אויף דער ערד!

אין קורילאָוועץ איז געוואָרען אַ גערודער, ווי אין אַן ערד ציטערניש. מען האָט געבראָכען הענט, געזיפצט, מוטערס האָבען ביי קינדער די בריסטען פון מיילער ארויסגעצויגען, און טרערען האָבען זיך אין האלז געשטעלט, אין אסאך הייזער האָט מען קיין ליכט ניט אָנגעצונדען. עס איז געוואָרען תשעה-באב אין קורילאָ-וועץ.

דער אלטער הירש בער, דער גוט-אידישער מלמד, דעם רבינ׳ס ערשטער רבי, און מיט איהם זיבען זקנים, איינגעהויקערטע, חולשים, וואָס האָבען דעם גאַנצען לעבען געפאַסט הפסקות און תענתים, האָבען זיך אָנגעהויבען עסק׳ן מיט דער טהרה.

דער גרויסער נפטר איז ארויסגעטראָגען געוואָרען פון זיין חדר מיוחד, אין דעם גרויסען זאל אריין, וואו ער האָט אלע-מאָל געפראַוועט זיינע טישען, מען האָט אויסגעשפּרייט אביסעל שטרוי אויפ׳ן דיל, אַוועקגעשטעלט גרויסע, ליכט צוקאָפּענס.

איבער׳ן שטעטעל האָט זיך געטראָגען איין טענה:

— אַ צדיק איז אַוועק פון דער וועלט, עס איז פינסטער געוואָ-רען אין קורילאָוועץ, ווער וועט איצט מגין זיין אויף דעם היינ-טיגען דור, וואָס איז אזוי זינדיג!

מענשען האָבען אָנגעהויבען רעדען אין שטילע, נידעריגע טע-נער, דינסטען האָבען אָנגעטאָן טשופּעקעס אין קיך, האָבען פאַר-שאַרט די איינגענע האָר, משרתים, וואָס זיינען געוואוינט צו ריי-דען אויף הויכע טענער, האָבען אָנגעהויבען פליסטערען אין דער שטיל, דער הימעל האָט זיך פארוואָלקענט, עס איז אלעמען גע-וואָרן אונהיימלאך אויפ׳ן הארצען, און פון אלע ווינקעלאך אין

הויף, אין גאָרטען, אין דעם פּראווע-שטיבעל, האָט זיך געפּיהלט אַן אימה און אַ פּחד, וואָס האָט ווי גערעדט און געטענה'ט:

— ניטאָ שוין! נפטר געוואָרען דער אלטער; מעהר וועט איהם שוין קיינער ניט זעהן! מען וועט מעהר ניט הערען זיין זיס, טרייסטענדיג קול, וואָס איז אלעמאָל געווען אַ מליץ יושר פאר אידען, פאר מענשען, פאר דער יוגענט, און דער עיקר, פאר דעם ארימאַן, פאר דעם ארבייטער, ניטאָ שוין, נפטר געוואָרען, אוועק פון דער וועלט!

און איידער די זון איז אונטערגעגאנגען זיינען זיך אָנגעלאָפען מענשען אין הויף אַריין, ווי אין אַ מהומה, ווען מענשען דערשרעקען זיך און לויפען זיך צונויף, ווייל אינאיינעם איז היימ־ליכער אפילו אין אַן אומגליק.

ווייבער זיינען געקומען צולויפען מיט שאלען אויף די קעפּ, האָבען ניט אויפגעהערט צו קלאָגען און קרעכצען:

— וועה איז אונז, וויסט איז אונז! אוועק דער גרויסער צדיק, דער רבי אונזערער! וועה, וועה, ווער וועט איצט פיהרען פאר אונז די שיינע שבת און יום-טוב טישען?

ווער וועט אונז טרייסטען אין אַן עת צרה, ווער וועט אונז אויסלייזען פון גויאישע הענט? זיינע שבתים, זיינע ימים-טובים! זיינע תפלות, זיינע טרייסט-ווערטער, פאר יעדען געבראָכען הארץ: פאר יעדען באטריבט געמיטה, האָט ער געהאט אַן עצה, אַ פרישע תחבולה, איז קיינמאל אויף קיינעם אין כעס ניט געוואָרען, אפילו ניט אויף דער יוגענט, ער האָט די קינדער זעהר ליב געהאט, האָט זיי געהאלפען, באשירמט און באשיצט, — האָבען רעדלאך מענ־שען איהם שבחים נאָכגעזאָגט.

מיטאמאל האָבען אָנגעהויבען לעבען הויף זיך באווייזען בריטשקעס און פאיעטאָנען, דער אוראדניק מיט דעם פּריסטאוו, דער גלח און דער קסיאנז, מיט'ן גרויסען צלם אויפ'ן האלז, פון אלע עקען גאס האָבען מענשען זיך געצויגען צו דעם הויף, מיט טרויער אויפ'ן פּנים, מיט פאַרשטשעמטע ליפען זיינען געקומען באוויינען, באקלאָגען דעם גרויסען נפטר, און סיי אידען, סיי קריסטען האָבען געוואוסט, אז אַ גרויס ליכט איז אויסגעלאָשען געוואָרען און אַ פינסטערער טומאן האָט איינגעהילט דעם הימעל.

אין הויף זיינען אומגעלאָפען די שמשים, די גבאים, מיט תהלימלאך אין די הענט, אלע קינדער פון דער שטאָטישער תלמוד תורה, וואָס ער האָט אזוי ליב געהאט, זיינען געגאנגען מיט שרעק אין די אויגען, מיט זאָרג אין די פנימער, מלמדים און באהעלפערס פאָראויס זיי, מען האָט נאָך אזא פחד אין שטעטעל ניט געזעהן, די קינדער האָבען אָנגעהויבען זאָגען תהלים:

— אשרי מפחד תמיד!

דער פּריסטאוו מיט׳ן אוראדניק האָבען דערהערט, אז דער „ראבין" איז שוין אַוועק פון דער וועלט, האָבען זיי זיך איבערגע-צלמ׳ט, און א זאָג געטאָן:

— נו, הייסט עס, האָבען מיר דאָ ניט וואָס צו טאָן. דאָס איז שוין פאר די אידעלאך אן עסק!

נאָך דער טהרה האָט זיך די גאנצע שטאָט אוועקגעלאָזט אין קלויז אריין, וואו מען האָט געמאכט הקפות מיט דעם נפטר, און דעם הספד האָט געמאכט דער, נאָך וועמען דער אלטער האָט גע-שיקט פאר דער פּטירה.

— דער צדיק איז דער מגין הדור, דער צדיק איז מיט זיין פּטירה, מיט דער מיתה, מכפּר פאר די זינד פון דעם דור, אָבער ווי זינדיג דארף שוין זיין אַ דור, אַז דער צדיק זאָל גיין פון דער וועלט פאר דער צייט, — זיין קול האָט זיך איינגעגראָבען טיעף אין אלעמענס הערצער, און האָט געבראָכען דאָס געמיט, מאנסבלען האָבען ווי ווייבער געיאָמערט און געקלאָגט, עס האָט זיך אָפּגע-שטעלט אַ בילד, אַז אַ גרויס אומגליק איז אידען געשעהן.

ערשט ביי דער לויה נאָכמער ווי ביים לעבען, האָבען אלע זיך געכאפּט, אַז זיי האָבען פארלוירען א גרויסען מליץ יושר.

עס איז נפטר געוואָרען איינער וואָס האָט געהאט פאר אלע-מען א טרייסט, איז אלעמאָל געשטאנען גרייט היפלאָזע צו קרעפ-טיגען, די קראנקע זייערע וואונדען איבערבינדען.

— געוועזען פאר וועמען זיך אויסצורעדען דאָס ביטערע הארץ, אלעמאָל געגעבען די ריכטיגע עצה, און איצט, ווער, וועה! וואָס פאַר אַ בראָך, וואָס פאר אַ חורבן!

ווידער האָט זיך דערהערט הרב יחיאל׳קלם קול, פאַרנעפּלט ווי אין אַ געדיכטען טומאַן —

— עולם, אין אַ זייט אריין, לאָזט דורכטראָגען דעם גרויסען נפטר, און זאָל ווערען שטיל.

השם יתברך האָט געגעבען, השם יתברך האָט צוריקגענומען. זאָל השם יתברך זיין געבענשט!

— ברוך דיין האמת — עס איז געוואָרען אַ שטילקייט ווי אויף אַ בית עולם, עס האָט זיך דערהערט אַ ריס פון אַ לאַץ אויף אַ זיידענער קאַפּאָטע, דער ריס האָט אָפּגעריסען אין אַלעמענס הערצער, אַלע זיינען ווי פאַרשטיינערט געוואָרען, די זיפצען זיינען פאַרשטומט געוואָרען, ווידער האָט זיך דערהערט הרב יחיאל׳-קלם קול, ווי ער וואָלט איצט געווען אַ קאָמאַנדיר און גע-געבען באַפעהלען:

— צדק לפניו יהלך! — לאָזט געהן פאַראויס די תלמוד תורה קינדער, עס איז געווען זיין הייליגע ארבייט, תינוקות של בית רבן, זאָלען זיי זיין פאר איהם עדות, ער האָט זיי קיינמאָל ניט פאַרקוקט, ניט פאַרגעסען.

— צדק לפניו יהלך, — האָבען איצט די קינדער געזונגען, נאָך די קינדער זיינען געגאַנגען די נושאי המטה.

ווידער האָט אויסגעבראָכען אַ יאָמער און אַ קלאָג, מיט געבוי-גענע קעפּ ווי פאַרלוירען, אָהן אַ פיהרער, איז אַ גאַנצע שטאָט נאָכגעגאַנגען איינעם, וועלכער איז ביי זיין לעבען געווען די פרייד און די טרייסט, דער נחת און דער יום-טוב אין לעבען.

אַ טרויעריגער הימעל, באַגלייט פון טראָפּענס רעגען אויף די קעפּ, נאָך טרויעריגערע געזיכטער. שוואַרץ איז געווען די גאַס, שוואַרץ ווי די נאַכט, און פון אַלעמענס פּנימער האָט מען געקענט ארונטערלייענען:

אַז אַ גרויס ליכט איז אויסגעלאָשען געוואָרען, עס וועט פעה-לען עמיצער וואָס ווען מען וועט דערמאָנען זיין נאָמען, וועט מען זאָגען:

— קורילאָוועץ, דאָס איז געווען דעם אלטענ׳ס מלוכה שטאָדט:

אפילו דער שבת אין דער שבעה וואָך איז געווען אַ פֿאַר-שטערטער, הרב יחיאל׳קל האָט געלאָזט וויסען, אַז ער וועט שבת קיין טיש ניט פּראווען, אפילו זקנים און מקורבים האָבען אין אבלות זיך אָנגעקליידעט, קדיש געזאָגט, משניות געלערענט, און רבנן קדיש נאָך יעדען פּרק געזאָגט, און ווען חסידים זיינען אפילו געקומען דאווענען און נאָכ׳ן דאווענען געטרונקען לחיים, האָט זיך אָבער אַלץ געפּיהלט, אַז דאָס הויף פּראוועט אבלות, לאָזט זיך אַזוי גיך ניט טרייסטען, און אַזוי ביז איבער די שלושים.

ערשט נאָך די שלושים, האָבען די משרתים אין הויף, די דינס-טען אין קיך אנגעהויבען אויפהויבען אַ קול, מען האָט דערהערט אַ קלאַנג, מען האָט אויפגעהערט צו ריידען אויף די הינטער-טע-נער. דערנאָך האָט זיך שוין ביסלעכווייז אָנגעהויבען רעש׳ן אין הויף אַליין אויך, עס האָבען אָנגעהויבען קומען צו די גבאים אי-דען און אידענעס פרעגען אויב דער רבי, זאָל לעבען, וועט זיי היינט פּראווען, צונעמען אַ קוויטעל.

אַזוי ווי דער רבי איז געווען אַ בעלזער, האָבען אָנגעהויבען קומען די ערשטע בעסאַראַביער אידען מיט גראָבע בייכער, שווערע אידען, בעלי גופים, מיט לאַנגע, דראָטענע בערד, הויכע שטיוועל מיט גלאַנצענדיגע כאַליעוועס, גראָבע גאַרטלען און מיט פוטערנע פּעלצען.

און דערנאָך ווען עס האָט געדאַרפט געפּראַוועט ווערען דער ערשטער שבת, האָט מען אין קלויז געשמועסט, אַז ער, זאָל לעבען, איז עפּעס גאָר אַ וואַזשנער מנגן, אָבער טאַקע אַזוינס ווי אַזעל-כעס, אַז מען שמועסט, אַז חזנים מעגען זיך ביי איהם לערנען!

דעם ערשטען פריימאַג צונאַכטס, ווען ער האָט געדאַרפט פּראַ-ווען דעם ערשטען טיש, און דעם גרויסען טיש האָט ער געפּראַוועט אין קלויז, איז די גרויסע קלויז געווען צו איינג.

מענשען זיינען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ, מען האָט זיך צו-נויפגערוקט, זיך געשטופּט איינער דעם צווייטען, איינער אויפ׳ן אנדערען, מען איז זיך אנגעקומען פון די אַרומיגע שטעט און דערפער, מען האָט געשלונגען יעדעס וואָרט, אַלץ איז אויסגעקו-מען עפּעס אַזוי אויסטערליש, זיין געזאַנג, זיינע תפלות האָבען זיך געגאָסען אין האַרצען אריין ווי אַ שמעקעדיגער בוימעל, אַ באַל-

זאם צום פארדריקטען הארצען. דער רעש האָט זיך צוטראָגען איבער׳ן הויף, זיך געגרויסט, אפילו די בליצלאָמפּען און די ווענט האָבען אנדערש געשיינט, עס איז געווען א פרישער גלאנץ וואָס דער נייער רבי האָט מיט זיך מיטגעבראכט מיט זיין אָנקומען קיין קורילאָוועץ.

אפילו די גאסען אין דעם שטעטעל האָבען יענעם פרייטאג צו־נאכטס באקומען גאָר אַנאַנדער, ליכטיגער פּנים.

עס איז געקומען די יוגענט, און האָט זיך אויפגעפיהרט מיט גרויס דרך ארץ, איהם געגעבען שלום מיט עהרפורכט, מיט יראת הכבוד, און די וועלכע האָבען איהם געזעהן, האָבען זיך ניט גע־קענט אָפּחידושן פון איהם און האָבען דערציילט:

— א מלכות׳דיגע געשטאלט, א פּנים פון וועלכען עס שיינט אַרונטער טיפע חכמה, און א צוגלעאָזטער מענש, האָט פאַר יעדען א גוט וואָרט, און אז מען שטייט לעבען איהם נעמט ארום א ליבע ווארימקייט.

פון די קאָרידאָרען האָבען אַריינגעקוקט די ווייבער, וועלכע זיינען פריהער געקומען זאָגען גוט שבת גיטעל׳ען, דער רביצין, א ברייטער פּארשוין, מיט א רונד פּנים, מיט גרויסע אויגען, אָנ־געטאָן אין אסאך ציערונג, פּערל און דימענטען, און גיטעלע האָט אַלע ווייבער אויפגענומען אזוי שעהן, בהרחבה׳דיג. צווישען די ווייבער האָבען זיך געדרייט לאה׳ניו און מלכה׳לע, דעם רבינ׳ס טעכטער פון א פריהערדיגער הייראט. אן אייניקעל, רחל׳ע, וואָס איז יונג געבליבען א יתומה, און האָט זיך אויפגעצויגען ביי דעם רבי׳ן אין הויף. דאָס גאנצע בני בית איז געווען געקליידעט בגדי מלכות, און פון יעדען איינעם האָבען די קליידער ארונטערגע־שיינט און גערעדט פון אויסטערלישקייט, פון מלכות׳דיגער בהרחבה׳דיגקייט.

מיטאמאָל האָט זיך דערהערט א שטילער שאָרך, אַלע האָבען דערפיהלט אז עמיצער קומט אריין, און דער עמיצער דאָס איז ער, וועלכער איז ביז איצט געווען איינגעשלאָסען אין זיין חדר מיוחד.

גרויס און קליין האָט זיך א הויב געטאָן פון די ערטער, פּונקט ווי מען שטעלט זיך אויף פאַר א מלך, א שטילקייט האָט

איינגעהילט דעם זאַל, קיינער האָט זיך קיין ריהר ניט געטאָן, ביז דער רבי איז דורכגעגאַנגען די גאַנצע לייענג פון זאַל און האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין ווייכער, לעדערנער שטוהל, די ירושה שטוהל פון הרב זוסיעלען. ערשט דערנאָך האָט דער עולם זיך צו־זעצט אויף די פלעצער, און די וואָס האָבען ניט געהאַט קיין פלעצער, האָבען געדרייט מיט די העלזער און זיך אויסגעצויגען, כדי צו קענען אריבערקוקען צו איהם און זעהן זיין געשטאַלט.

דערנאָך האָט זיך דערהערט זיין זיס, זילבערן קול, זאָגענדיג דעם „שלום עליכם”, און יעדער פסוק האָט זיך געצויגען ווי אַ דין זילבערנער שנירעלע, און האָט אריינגעקייטעלט דעם עולם, ביז דער גאַנצער עולם איז געוואָרען פארוויגט מיט איהם אין געזאַנג, און ווען עס איז געקומען צו דעם קידוש, האָט ער זיך אויפגע־שטעלט גלייך ווי אַ צעדערבוים, דער גלאַנץ פון די גרויסע אויגען האָט פארשיינט דאָס ליכט פון די בליצלאָמפען, די שטראַלען פון די בענש ליכט אויף׳ן טיש האָבען זיך געצויגען צו זיין פנים, אי־בער זיין גערונצעלטען שטערן, איבער דער שווארצער באָרד וואָס האָט דאָ און דאָרטען שוין אָנגעהויבען באווייזען די ערשטע באַ־זילבערטע שפּיצען.

ווידער איז שטיל געוואָרען, דער קידוש האָט זיך געצויגען לאַנג, דין ווי עפּעס אַ קול פון ווייטע ווייטקייטען, פון העכערע הויכען.

אַזוי גיך ווי ער האָט פאַרענדיגט דעם קידוש, און ער האָט אַ זאָג געטאָן — „גוט שבת, אידען!” האָט דער שבת אָנגעהויבען רוישען אין אַלע ווינקלאַך, האָט זיך אַזש אריבערגעטראָגען אין די קאָרידאָרען, וואו ווייבער זיינען געשטאַנען און ארומגערינגעלט דעם רבינ׳ס בני בית.

מען האָט געטיילט קידוש דעם עולם, דערנאָך שטיקלאַך פון זיין המוציא־חלה, און גרויס איז די המוציא־חלה געווען צו באַ־טיילען אַ שטאָט מיט אידען, געבליבען גאַנץ זיינען נאָר די צוועלף קליינע חלה׳לאַך, ביז נאָך שלוש סעודות, און דער עולם האָט זיי צוכאַפּט פאר שיריים אלס סגולות צו מזל און ברכה.

ווען עס איז געקומען צו די זמירות, האָט קורילאָוועץ דער־הערט נגינה, וואָס האָט אַלעמען פאַרחידושט, דער עיקר נגונים, נייע נגונים, אַלץ אַזעלכע מאָדנע, פרייד געמישט מיט געבעט,

מיט טרויער, אָבער די נגונים האָבען אלעמען פאראינטריגירט, מען האָט זיך געקוויקט, געפיהלט געקרעפטיגט, באגייסטערט, פול מיט התלהבות, עס האָט זיך ווידער ביי די מענשען באפעסטיגט א גלויבען, א בטחון, מענשען האָבען דערפיהלט, אז עס איז אַ ברכה פון גאָט, וואָס קורילאָוועץ האָט שוין ווידער אַ רבי׳ן, און נאָך דערצו אַ גרויסער חכם, א גרויסער מנהיג הדור, און עס וועלען קומען בעסערע, פריילעכערע צייטען.

פון יעדען געריכט האָט דער רבי געטיילט שיריים, און אַ טבע האָט ער געהאט, ער האָט אלעמען דערזעהן, און געגרייכט מיט אייגענע פינגער, מיט דעם גאָפּל אויף אַ ברייטען ווייטען שטח אויף דעם לאַנגען טיש, און געיאָגט האָט מען זיך נאָך אַ פּיצל שיריים, ווי נאָך אן אבן-טוב. ערשט שפּעט אין דער נאכט, ווען מען האָט אָפּגעבענשט, זיינען חסידים נאָך געווען אזוי צואווארימט, אז עס האָט זיי געהויבען פון די ערטער, האָט מען זיך ערשט אַוועקגעלאָזט אין אַ ריקוד׳ל, האלטענדיג זיך פאַר די הענט, די גאַנצע עדה אידען, קייטלענדיג זיך פּליצע צו פּלייצע, אקסעל צו אקסעל, פון די העלזער האָט זיך געגאָסען דאָס געזאנג, איינער פון די נייע נגונים וואָס דער רבי האָט היינט געבראכט, און האָט ווי פארפאָלגט, דער ניגון האָט ניט אָפּגעלאָזט, אָט האָט מען איהם דאכט זיך פארגעסען, און אָט האָט זיך דער ניגון ווידער אָנגעצונדען אין הארצען ווי אַ ליכטיגער פונק, און האָט ניט געלאָזט רוהען, ווי זיך געבעטען, — זינג מיך, זינג דעם נייעם ניגון, אַזאַ שיינער, אַזאַ אויסטערלישער, דערקוויקענדער ניגון. אויגען האָבען געגלאנצט, הערצער האָבען זיך דערקוויקט. אידען האָבען זיך געפרייט:

— שבת, עס איז שבת אין קורילאָוועץ! א נייער רבי איז געקומען, ער וועט אונז טרייסטען, ער וועט אונז בענשען!

ביי דעם מוסף פון דעם שבת׳דיגען דאווענען איז דער עולם געוואָרען פארגאפט, דאכט זיך ער האָט זיך געהאלטען ביי דעם נוסח, סקארבאָווער נוסח, אָבער ער האָט אין יעדען וואָרט אריינגעלעגט אזוי פיל טעם, און דאָס זיסע קול האָט דעם נוסח אזוי באווירצט, אַז עס איז געווען געשמאַק אין אַלע איברים, און אין די שפּעטערדיגע יאָהרען האָבען אַלע אוקראינער חזנים געדאווענט אפילו ימים נוראים מיט דעם רבינ׳ס נוסח, מען האָט געזאָגט זיינע „שטיקלאך,“ זיינע שטייגערס.

בייטאָג איז געפּראַוועט געוואָרען די צווייטע שבת׳דיגע סעודה, ווידער נגונים, ווידער וויין, ווידער זמירות, דער טיש האָט זיך געצויגען כמעט ביז מנחה, און פאַרנאַכט צו שלוש-סעודות, אין דער טונקעלקייט פון דעם בין-השמשות, צו דער דריטער סעודה, האָט דאָס ליכט אָנגעהויבען בלייכען, האָט איינגעהילט דעם עולם און דעם גרויסען טיש מיט אַ מיסטעריעזען נעפּל, אַלע זיינען געזעסען און האָבען זיך איינגעהערט מיט פאַרכאַפּטען אָטעם.

מקורבים פון דעם בעלזער האָבען שוין אַסאַך מאָל פריהער געהאַט געהערט פון הרב זיסיעלען, זכרונו לברכה ,אַז דער בעלזער זאָגט תורה צו שלוש סעודות, איז אַ גרויסע זכיה צו זיצען און זיך איינהאָרכען, אַפילו ווען מען קען די תורה ניט תופס זיין!

כדי אריינצובריינגען דעם עולם אין דער „תורה-שטימונג״, האָט הרב יחיאל׳קל לאַנגזאַם אויפגעהערט צו זינגען, און אַלע אויערען זיינען אָנגעשפּיצט געוואָרען, ער האָט אָנגעהויבען אַן ענין פון דער סדרה פון דער וואָך, איז באַלד אריבערגעגאַנגען צו דעם זוהר, די ענינים האָבען אָנגעהויבען ווערען אַלץ טיפער, ווי מען וואָלט זיך געדאַרפט אריינגראָבען זיך, פאַרגאַרטלען, איהם נאָכצוגיין, אין די טיפענישען פון סתרי תורה און קבלה, ווי דער שטייגער איז פון גוט-אידישער תורה, אָבער דער עולם האָט גע-שוויגען, געשעפּט נחת פון די קלאַנגען, יעדעם מאָל האָט ער אָפּ-געזיפצט, ווען ער האָט דערמאָנט אַז די שכינה אַליין איז אויך אין גלות, זיינע געדאַנקען זיינען געלאָפען אין אַ זיג-זאַג, אין אַ געפליגעלטקייט, ניט אויפצוכאַפּען, ניט משיג צו זיין, אַזוי זיינען גרויסע למדנים מיטגעשלעפּט געוואָרען אין העכערע ספערען, אין די שענערע וועלטען, אָט דאָס האָט הרב יחיאל׳קעל געקענט אויס-געצייכענט, פּונקט ווי ער האָט געקענט צוברעכען מענשען מיט זיין דאַווענען אין אַ פּראָסטען דאָנערשטאָג, ביי אַ לאַנגען „והוא רחום״, און דערקוויקען מענשען מיט זיין מתיקות׳דיגקייט אין אַ שבת ביי ראש חודש בענשען.

נאָך דער תורה-זאָגען האָט דער שבת-גוי אריינגעטראָגען צוויי גרויסע אָנגעצונדענע ליכט, צו דעם שלוש סעודות-טיש, אַז עס איז געוואָרען ליכטיג, האָט זיך דער עולם אַ הויב געטאָן פון די ערטער, און איז געגאַנגען אַ ריקודל, ביז מען האָט זיך געשטעלט דאַווענען מעריב.

בעת ער האָט געמאכט הבדלה, האָבען חסידים נאָך אַלץ גע-הוילעט, זיך געפרייט און דערקוויקט, עס האָט זיך ניט געוואָלט אוועקלאָזען דעם שבת-קודש, איינער האָט געוואָלט נאָכזאָגען אַ רמז פון דער תורה, אנאנדערער האָט זיך נאָך אַלץ געחזר'ט דעם נייען ניגון.

דער רבי איז אריין צו זיך אין חדר מיוחד, זיך אָפּרוהען, ער איז געווען איננאנצען אויסגעווייקט פון שוויים, אַזוי פיל הארץ, אַזוי פיל געזונט האָט ער אריינגעלעגט אין דעם שלוש סעודות-טיש, אין דער תורה זאָגען, אין די זמירות און אין די ריקוד'-לאך, אַז מען האָט שוין געוואוסט, אַז דערנאָך פאַלט ער אוועק, עס דערנעמט אים ביז'ן הארצען, און מען דארף איהם לאָזען אָפּ-רוהען אַ שעה צייט נאָך הבדלה.

גבאים און שמשים האָבען אָנגעהויבען זיך רעש'ן, ווייל שבת-נאכט האָבען די ווייטע אורחים זיך געוואָלט פראווען ביים רבי'ן, כדי זיי זאָלען קענען זיך צופאהרען אהיים, אָדער צו די גרויסע מסחרים.

שמשים האָבען געקלאַפּט ביים ארונטערנעמען דאָס געשיר פון דעם גרויסען טיש, און אינמיטען טיש איז אוועקגעשטעלט געוואָ-רען דער גרויסער מעשענער סאמאָוואַר, מיט טיי און צוקער, מיט אָנגעשניטענע לימענעס, און ווער עס האָט געוואָלט איז געקומען, געצאפּט טיי, געמישט צוקער, אַזאַ מנהג איז געווען איינגעפיהרט אין הויף, יעדען שבת-צונאכטס, מען איז ניט אוועקגעגאנגען פון הויף ביז נאָך דער מלוה-מלכה.

דער מנהג האָט געטראָגען אַן אמת'ן פאָלקס כאראקטער, עס האָבען זיך געמישט ארום דעם סאמאָוואַר אָרעם און רייך, גרויס און קליין. אין הויף האָט מען געדארפט זיך פיהלען היימיש.

## ראשון לציון

די ערשטע גרופּע בילו'צעס זיינען אָנגעקומען קיין ארץ ישראל, האָבען געטראָפען נאָר דערנער און שטיינער אויף זייער וועג.

דאָס לאַנד איז געלעגען וויסט און חרוב הונדערטער יאָהרען, און אונטער דער הערשאפט פון טערקישען סולטאן איז כמעט גאָר קיין באָדען נאָך ניט געווען אין אידישע הענט.

עס זיינען פון פריהערדיגע צייטען נאָך, געפאָהרען אַלטע אי-דען קיין ארץ ישראל, זיי זיינען געפאָהרען אהין שטאַרבען און אַזעלכע האָבען זיך אוועקגעזעצט אין צפת אָדער אין דער אַלטער ירושלים, די מייסטע האָבען געוואַרט אויף חלוקה, דאָס ביסעל מינץ וואָס פלעגט אָנקומען פון די פושקעס פאר ר׳ מאיר בעל הנס, און פון אנדערע צדקות.

אין ארץ ישראל זיינען געווען אַ צאָהל אידען וואָס האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט די דאָזיגע ארבייטען צו צושיקען די פושקעס אין די גלות-לענדער, זיי פארשפרייטען, דערנאָך האָבען זיי ארויסגע-שיקט משולחים צוריק אויפזאַמלען דאָס צדקה געלט, וואָס איז ניט אַלע מאָל פארטיילט געוואָרען גאָר יושר׳דיג אין ארץ ישראל.

ירושלים אין יענער צייט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ טרויעריג בילד:

ווען מען איז צוגעקומען צו דער כותל מערבי, אַן איבערבליי-בעניש פון דעם בית המקדש, אַ שטיק וואנט וואָס איז געבליבען שטעהן פאַר אַ זכר לחורבן, האָט מען באגעגענט אידען שטייענדיג אין טליתים איינגעוויקעלט, גיסען אוים זייערע ביטערע, שווערע הערצער, און דאווגען, בעטען צו גאָט, ער זאָל ווידער אויפריכטען ציון וירושלים, און דאָס אידישע פאָלק אויסלייזען פון אַלע גלות׳ן.

ווען די יונגע בילו׳צעס זיינען געקומען, און זיי האָבען באַ-טראכט די חרוב-געוואָרענע ערטער, איז פאר זיי קלאָהר געוואָרען, אַז זיי זיינען געקומען בויען, אַקערען, זעען און פלאַנצען אַ נייע ארץ ישראל, אַ נייעם ישוב. אָבער ווי אזוי הויבט מען אָן צוטרע-טען צו דער דאָזיגער ארבייט האָבען זיי ניט אָנגעהויבען וויסען.

בלייבען אין די שטעט האָט ניט געהאַט קיין זינען, זיי זיינען ניט געקומען קיין צפת און ירושלים, זיי זיינען געקומען אַקערען, זעען און פלאַנצען, גראָבען און בויען, האָבען זיי זיך אָבער אָנ-געטראָפען גלייך מיט אַלע שטרויכלונגען צו וועלכע פיאָנערען, חלוצים זיינען אַלעמאָל אויסגעזעצט. דאָס לאַנד שטיינערדיג און וויסט, דערצו נאָך איז גאָר אינגאנצען אידען פארבאָטען צו קוי-פען לאנד, אויף דעם אייגענעם נאָמען.

דער קלימאַט, אַ האלב טראָפּישער, די היץ און דער ווינט,

מאלאריע און פיבער, אלע פיבערען באלד נאכ'ן אנקומען, ווערען קראנק, קיין ריינע וואסער איז ניטא, און אויך נאך ניט קיין גע-צעלט איבער'ן קאפ.

ווערט איינער קראנק, הויבט אן פיבערען, דארף מען איהם ראטעווען, איז ניטא קיין דאקטאר אויפ'ן ארט, פאלען קרבנות, די רייהען פון די חלוצים ווערען שיטערער, קיין דערמוטיגונג גיט דאס קיינעם ניט צו, אפילו ניט די בראווסטע.

נעמען די שוואכערע ריידען רכילות אויף דעם לאנד, — עס איז ניטא קיין אויסזיכט אויף קיין צוקונפט, נאר מען הויבט אן ריידען ווי א דור המדבר:

— אנטלויפען, אנטלויפען צוריק פון וואנען מען איז געקו-מען, אבי ניט שטארבען פאר דער צייט אין א מדבר! זיך ראטע-ווען פון א יונגען טויט!

אבער דער קורילאוויצער, בערל איינבינדער, ווי די חלוצים פון אנדערע שטעט, האבען בערלען גערופען, דער קורילאוויצער מיט זיין גרופע האבען זיך געהאלטען אייזען-פעסט, און בערל אליין האט ניט אויפגעהערט צו טענה'ן:

— צו ווערען קאריעריסטען האבען מיר דאך ניט געדארפט קומען קיין ארץ ישראל, מיר זיינען געקומען צו אונזער לאנד, נו, מיר זיינען די ערשטע שוואלבען, די חלוצים פון א נייעם דור, טארען מיר זיך ניט אפשרעקען, דארפען ניט ווערען אנטמוטיגט, גיט א קוק: — פאר אונזערע אויגען ליגען דא אויסגעשפרייט אלע וואונדערליכע ערטער, וואס ווערען דערמאנט אין אונזער ביבל, און אמת, דאס לאנד איז חרוב, אבער ווער האט דאס דען פריהער ניט געוואוסט? קלימאט? מיר וועלען געוואוינט ווערען צו דעם קלימאט, ווי מען געוואוינט זיך צו אומעטום. אבער מיט דער צייט וועלען מיר זיכער עפעס אויפבויען פאר זיך און אויך פאר די קומענדע דורות.

— מיר זיינען צו לאנג געווען שטאט-מענשען ווייט פון דער נאטור, פון דער מוטער-ערד, מיר זיינען געוואוינט צו שלאפען אין הייזער און ניט אין קיין געצעלט, מיר זיינען געוואוינט אז וואסער זאל אונז אנקומען גרינג, דא גייען מיר דערוויל אויס נאך א

טראָפּען וואַסער, און אָפּט איז דאָס וואַסער מיט ווערימלאַך, און טראָגט אין זיך דעם סם פון דער מאַלאַריע, איז ווער איהר פּרע־גען, וואָס וועלען מיר אויפטאָן דערמיט, וואָס מיר וועלען, ווי איהר קלאָגט: אויסשטאַרבען אין דער מדבר?"

— מיר וועלען אויפטאָן דאָס, וואָס מיר וועלען אָנהויבען בויען א נייעם ישוב, א דאָרף, מיר זיינען די ערשטע און אויף אונזער גורל האָט די געשיכטע אַרויפגעלעגט די ארבייט צו לעגען אַ יסוד!

דערווייל איז צוגעפאלען די נאַכט, און פון ערגעץ אין אַ זייט, זיינען אָנגעפאַלען אַ סטאַדע בעדואינער, אָנגעלאָפענע פון דער מדבר, אָבער בערל און איציקל דעם שוחט'ס זיינען געווען צוגע־גרייט פאר דעם. שוין אַ פּאָר נעכט אז זיי האָבען געהאלטען אַ וואַך אויג אויף די קרומע וועגען פון די בערג.

דאָס מאָל האָבען זייביידע אויסגעשאָסען אין דערלופטען, און דאָס שיסען פון רעוואָלווערען האָט געהאט די געווינשטע וויר־קונג. די בעדואינער האָבען זיך געלאָזען לויפען צוריק צו דער מדבר, און אַ פּאָר נעכט נאָכדעם איז ווידער געוואָרען שטיל אַרום.

אויפמאָרגען האָבען זיי זיך דערוואוסט, אז אין ירושלים איז דאָ אַ פאַרטרעטער פון דעם באַראָן ־רויטשילדס וויינקעלערען, זיי־נען בערל און איציק באַשטימט געוואָרען אין אַ קאָמיסיע זיך צו זעהן מיט דעם פאַרטרעטער. געהאָפּט האָבען זיי ביי איהם צו פּועלען אַז מען זאָל זיי גיבען שטיצע צו קענען שטעלען זיך גראָ־בען דעם ערשטען ברונים, און אז מען זאָל זיי אויך גיבען א שטי־קעל לאנד, וואו זיי וועלען אויסבויען דאָס ערשטע דאָרף.

נאָך עטליכע קאָנפערענצען איז מען געקומען צו אַ פאַרשטענ־דעניש, אייניגע האָבען באַקומען ארבייט, ביים פלאַנצען וויין גערטנער, אנדערע זיינען באַשטעלט געוואָרען צו שטעלען זיך גראָבען אַ ברונים.

אַביסעל שטיצע האָבען זיי באַקומען פון דעם באַראָנ'ס קאַסע, און עס איז גלייך געוואָרען פרייליכער אויפ'ן האַרצען.

עס איז אויסגעשטעלט געוואָרען אַ געצעלט, און ביינאַכט איז צולעגט געוואָרען אַ פייער אַרום דעם געצעלט, און איבער די קעפּ

האָט געפינקעלט אַן אויסגעשטערנטער הימעל, און די בלויקייט האָט פאַרצויגען אַ שיינעם חלום איבער די קעפּ.

יעדער איינער האָט אין האַרצען געשפּונען אַ גאָלדענעם חלום, געהאָפט אויף דער צייט, ווען די שווערע פּיאָנערען טעג וועלען אַריבערגיין, די זומפּען אַרום וועלען אויסגעטרוקענט ווערען, די ערד וועט צואַקערט און פאַרזייעט ווערען, זי וועט אָנהויבען אַרויס־גיבען איהרע פרוכט עס וועט ווערען ישוב, און דאַן — וועט מען זיך פרייען און פייערען אַ חג הביכורים!

די גרופּע האָט אויסגעוויילט פון זיך שומרים, וועלכער וואָס זיינען געשלאָפען אין געצעלט בייטאָג, און דורך די נעכט האָבען זיי באוואַכט דאָס געצעלט.

בייטאָג האָט דאָס געצעלט אויפגעקוקט צו דעם געגענט פון וואַנען עס האָט געוואונקען דער קאָפּ פון דעם בארג כרמל, און נידעריגער אין שרון האָבען זיך געזעהען די געצעלטען פון די ווילדע בעדואינער.

דאָס ביסעל וואַסער וואָס מען האָט געטראָגען אין לאָגלען אָדער געפיהרט אויף אַ מאָגערען קעמעל, האָט מען געמוזט קאָכען כדי צו מאַכען זיכער, אַז דאָס זאָל ניט פאַרשאַדען, אָבער גע־פיהלט האָבען זיי, אַז אויב זיי וועלען בלייבען עקשנות׳דיג און זיך ניט אונטערגיבען, וועט סוף כל סוף אָנהויבען ווערען בעסער.

אין דעם פרייען טאָג האָבען זיך בילוצ׳עס אוועקגעלאָזט שפּאַ־צירען מיט געזאַנג, מיט פרייען מוט, מען האָט זיך אָנגעטראָפען מיט אַנדערע פרישע צוגעקומענע חלוצים. אַנדערע האָבען דער־ציילט, אַז זיי האָבען געמוזט אָפּטרעטען צוליב פּאָגראָמען, און צוליב פאַרפאָלגונגען פון דער רעגירונג, ווייל זיי האָבען פאַרטיי־דיגט דאָס שטעטעל.

יעדער צוגעקומענער מענש איז געוואָר׳ען נאָהענט, פּונקט ווי אַ ברודער, מען האָט זיך געטיילט מיט׳ן ביסען, אָפּגעגעבען דאָס לעצטע ביסעל וואַסער צו אַ קראַנקען, און מען האָט מיט דעם שטיקעל געצעלט געשעצט זיך אַסאַך גליקליכער ווי מיט דער שענסטער הויז אין גלות.

— עס איז גוט צו לעבען אין ארץ ישראל, — האָט זיך באַלד

געשאפען א לאַזונג צווישען די מיטגלידער פון די בילו׳צעס, די ערשטע פּיאָנערען. אנדערע זיינען אפילו געגאנגען נאָך ווייטער, און ווען זיי האָבען אפילו געהאט צוזאמענשטויסען מיט די בע-דואינער, די אראבער, האָבען זיי אפילו אויסגערופען:

— טוב למות בעד ארצינו! עס איז גוט צו שטארבען פאר אונזער לאנד!.

עס איז נאָך דערווייל קיין לאנד ניט געבויעט געוואָרען, אָבער דער חלום און די אויסזיכטען אויף צו פארווירקליכען האָט זיך געטוליעט אין די הערצער, דערמוטיגט און געקרעפטיגט, געלאָקט ווי א ווייטער אָאזיס אין דער מדבר.

האָט געטראָפען, אַז אַן ארבייטער איז אוועקגעפאלען אינמיטען העלען טאָג מיט דעם גראָבן אין האנט, זיך אויסגעצויגען אויף דער שטייפער ערד, און האָט זיך מעהר ניט אויפגעהויבען, האָט אנאנדערער גלייך ביי איהם איבערגענומען די ארבייט פון דער האנט, אָבער דער קראנקער האָט ביז זיין לעצטען אָטעם ניט אויפ-געהערט צו דערמוטיגען דעם שטאַרקען און געזונטען אַרבייטער, ביז ער איז אויסגעגאנגען מיט די לעצטע ווערטער:

— קדימה!, קדימה! פאָראויס, פאָראויס!

און דערנאָך, ווען מען איז פאַרבייגעגאנגען דאָס בערגעל ערד, אונטער וועלכען דער געפאלענער חלוץ האָט גערוהט אין זיין איי-ביגען שלאָף, האָבען נאָך אַלץ געקלונגען אין די אויערען די לעצ-טע ווערטער פון דעם געפאלענעם חלוץ: קדימה, קדימה! פאָראויס, פאָראויס!

און ווען ביי דעם גראָבען האָט זיך שוין אָנגעהויבען מערקען א פייכטער באָדען, און האָט אָנגעזאָגט, אַז מען איז נאָהענט צו וואסער, איז געוואָרען שמחה און א גדולה, מען האָט זיך ארומגע-נומען, מען האָט זיך געהאלזט און געקושט, און אָנגעהויבען טאנ-צען :

— מים מים !

הנה מצאָנו מים !

— וואסער, וואסער !

שוין געפונען וואסער !

מען האָט געווארפען די ארבייט, מען איז געלאָפען אין די רויטשילד וויין קעלערען אָנזאָגען אלעמען די גרויסע בשורה, אַז מען האָט שוין געפונען וואסער !

דערנאָך איז מען אַ גאנצע נאַכט ניט געשלאָפען פאַר גרויִם שמחה, מען איז געזעסען ארום דעם פייער, געטאנצט, געזונגען און געפרייט זיך!

— אַז מיר האָבען וואסער, האָבען מיר שוין א באַשטאנד, וועט מען זיך שוין פון דאַנען ניט ריהרען, וועט מען בויען מעהר געצעלטען, צוגראָבען גערטנער, צואקערען און פאַרזעען דאָס לאנד.

די וואך איז פאַרשטארקט געוואָרען צו באַוואַכען דעם בֿרונים, וועלכער ווערט שוין באלד פאַרענדיגט, מען האָט גענומען חלומען פון פארפלאַנצען בוימער, פלאַנצען וויינגערטנער, דאָס לעבען האָט אָנגענומען באשטימטע פאָרמען, אידעאלען און חלומות האָבען אָנגעהויבען ווערען ווירקליכקייט.

דערנאָך איז אָנגעקומען דער רעגען-סעזאָן דער „יורה", שפריי-רעגן, דראָבנע רעגענדלאך, אָבער וואָס פאַלען טיף אין דער ערד, צושלאָגען דעם באָדען, מאכען מעגליכער די ארבייט אין דעם פעלד און אין גאָרטען.

פרויען, וועלכע האָבען אין זייער לעבען קיין שווערע ארבייט ניט געטאָן, האָבען ניט געוואַרט, אַז עמיצער זאָל זיי הייסען אַר־בייטען, אָנגעקומען דער רעגען, האָט מען דערפיהלט אן אינערלי־כען דראנג צו ווערען באַשעפטיגט, אויסנוצען יעדע שעה פון אַר־בייטס טאָג — פלאַנצען, גראָבען, אַקערען, דערנאָך אַרויסרייסען די ווילדע גראָזען.

דאָס כישוף וואָרט אין ארץ ישראל איז געוואָרען — עבודה, — אַרבייט. ערד איז געווען פאַרבונדען מיט אדמת קודש, היי־ליגע ערד, אַ וואָרט פאַר דעם העכסטען אידעאל.

אַז איינער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט — פועל — האָט ער דאָס געזאָגט מיט אזוי פיל יראת הכבוד, ווי איינער רעדט:

— דרך ארץ פאַר דעם אַרבייטער, פאַר דעם אידישען אַרביי־טער, ער איז געקומען באַפרייען ארץ ישראל!

מחמת ביז דאן זיינען אידען געווען געוואוינט צו לײדינ־געהערייַ, א פּראָדוקט פון א טויזענד יאָהריגען גלות, אָבער דאָרטען, אין ארץ ישראל, האָבען אידען געבראכט מוסקל קראפט, האָבען זיך פארמאָסטען מיט דער רויהער נאטור, און האָבען מיט דער צייט פון דער מוטער ערד ארויסבאקומען יענע נאַטירליכע פארבאָרגענע אוצרות וואָס שפּייזען די וועלט.

פון דער אנדערער זייט דארף מען שטעהן אויף דער וואך, אויסהיטען פון דעם היישעריק, פון דער מדבר, פון דעם ווילדען בעדואין, אָבער אלע האָבען געהיט, דעם ברונים, דאָס פעלד, און דאָס געצעלט און דעם גאָרטען.

אָבער אז מען האָט זיך צוגעריהרט צו אן אייגען שטיקעל גרינס, האָט מען געמאכט — שהחינו — און עס איז געווען א גרויסער יום-טוב!

דאָס איז פּיאָנער גייסט, אזוי פיהלט יעדער פּויער יעדען יאָהר ווען ער דערזעהט דאָס ערשטע ציבולקעלע, רעטעכעל, אָדער קירבעסעל.

דערנאָך איז אן אומגליק געשעהן, ווילדע בעדואינער זיינען באפאלען אינמיטען דער נאכט ווי רוצחים, און ווי פייגלינגע האָבען זיי פארוואונדעט א שומר, האָט מען כדי דעם חבר צו ראַטעווען, געמוזט מיט איהם לויפען קיין ירושלים.

בערל איז אויפגעשפרונגען און האָט אָנגעהויבען ריידען צו די חלוצים:

— אויב מיר פאַרגיסען שוין בלוט ארום אונזער געצעלט, וועלען מיר שוין האָבען דאָ א ישוב!

„אָבער אָט דאָס איז ישמעאל — על חרבך תחיה — אויף דיין שווערד וועסטו לעבען, האָט מען דעם פעטער ישמעאל'ן געלערענט, נאָר שרעקט זיך ניט. וועלען מיר מוזען זיך אויסלערנען, אויב ניט לעבען פון שווערד, איז על כל פנים זיך פאַרטיידיגען ווען נויטיג.

אלע זיינען אויפגעשפרונגען און געהויבען די הענט צום הימעל און אויסגערופען:

— מיר שווערען, מיר שווערען !

איינער האָט דעם חבר אָפּגעפיהרט צו א דאָקטאָר און די אי־בעריגע האָבען זיך צושאלט אין אַן עהרליך געזאַנג:

— מיר שווערען, מיר שווערען, מיר שווערען!

— אַ שבועה פון בלוט און פון טרערען,
הימעל און ערד זאָל אונז הערען,
און עדות די ליכטיגע שטערן.
מיר הויבען די הענט קעגען מזרח און שווערען,
ביי ציון איהר פאָהן, אונזער הייליגע ערד,
ביי אַלץ וואָס מיר עהרען, דאָס לאנד היים צו ליבען,
און קעמפען פאר איהר מיט בלוטיגען שווערד!
ברידער און שוועסטער, גענוג שוין צו ליידען
גענוג גענוג שוין שקלאפען צו בלייבען,
מוטיג, מוטיג צום קאמף פאר דער פרייהייט,
מוטיג, מוטיג צום הייליגען קאמף!
און ווען אויך צום שטארבען
אינמיטען דער ארבייט,
ניט בריינגען איהם אהער
איז אונז דאָ באשערט,
דאן וועלען מיר צו אנדערע
דעם קאמף איבערגיבען
צו קעמפען פאַר לאַנד,
פאַר פאָלק און פאַר ערד !

און ווען אפילו איינער האָט אמאָל פארלוירען א האנט, האָט ער אָבער דעם מוט ניט פארלוירען און זיך אליין געוויצעלט:

— וואָס פאַר אַ װערד האָט אַ האַנט! מיט איין האַנט לעבט מען אויך!

אויף דער ערד האָבען זיך געזעהן די פאַרגאָסענע טראָפּענס בלוט, אָבער קיינער איז ניט אַנטמוטיגט געוואָרען, מען האָט גע־פיהלט אַז אַנדערע וועלען ־דערפאַר נאָך בראַווער און העלדישער קעמפען פאַר לאַנד און פאָלק.

ערב שבועות, ווען מען האָט זיך געגרייט צו פייערען דעם חג הביכורים, דעם פעסט פון צייטיגע פרוכט, כאָטש די צייטיגקייט יענעם ערשטען זומער איז באַשטאַנען בלויז פון גרינצייג, איז צו־געקומען נאָך אַ גרויסע שמחה צווישען די חלוצים:

— דער ברונים!

דער ברונים האָט אָנגעהויבען צו קוועלען מיט פרישער לויטע־רער וואַסער, די אַרבייט איז געווען פאַרענדיגט.

אין גאָרטען איז געשטאַנען חיה שרה, איציקל׳ס מיידעל אַ באָרוויסע, אויסגראָבענדיג די ערשטע קאַרטאָפעל, וואָס זי האָט ממש געקושט און זיך געשפּיגעלט אין זיי״.

אַרבייטער פון די וויין קעלערען זיינען אַהיימגעקומען ערב יום־טוב צוועלף אַזייגער, לכבוד דעם חג הביכורים האָט דער בעל הבית די פּועלים מיטגעגעבען אַהיים אַ שטאַנג וויינטרויבען לכבוד דעם חג הביכורים, און אויך אַ קעסטל וויין.

אַנדערע פרויען האָבען אויסגעפּוצט דאָס געצעלט, מיט די גרינס פון די קאַרטאָפעל, און איידער עס איז געוואָרען יום־טוב איז איציקל אָנגעלאָפען מיט דער פרייליכער בשורה:

— מים! חג המים, חברים! וואַסער, אַ יום טוב לכבוד וואַסער, אַ טאָפּעלטע שמחה!

האָט מען זיך ווידער געקושט, געטאַנצט, געהוליעט און גע־זונגען.

— ווי דאָס וואַסער וואָס פליסט איצט אַרום אונזער געצעלט, אַזוי זאָלען אונזערע טעג פליסען פרידליך און רואיג אויף אונזער לעבענס וועג, — האָט בערל, וועלכער איז געווען אַ דיכטער, און איז דאָרט געוואָרען דער פּאָעט, וואָס האָט באַזונגען דאָס לאַנד

און די אַרבייט, דורך זיין גרויסער קענטשאפט אין העברעאיש, האָט ער ווידער אויפגעצויגען די ווייס בלויע פאָהן און האָט דעם ברונים געהייליגט.

מען האָט דעקאָרירט דעם שטיין ארום דעם מויל פון דעם ברונים מיט גרינצייג, מיט קאַרטאפל, מיט אוגערקעס, רעטאכלאך, שרויטעלאך, ארבעסלאך און בעבלאך, דערנאָך זיינען צוגעטראָגען געוואָרען די שטיינגלאך וויינטרויבען, און אלע האָבען זיך ארומגענומען און זיינען אוועק אין א לוסטיגען טאנץ.

— די שווערסטע טעג זיינען מיר שוין איבערגעקומען, — האָט איציקל דערמוטיגט די חברים, מיר האָבען שוין גרינסען, וואסער האָבען מיר אויך, און שפּעטער מיט דעם מלקוש, שפּעטער רעגען וועלען מיר שוין קענען באארבייטען און באוואסערען די ערד אויך, האָבען מיר שוין היינט דעם אמת'ן חג הביכורים!

באַלד איז צוריקגעקומען דער פארוואונדעטער חבר, יאָסל, און כדי ניט צו באאומרואיגען און ניט שטערען דעם יום-טוב, האָט ער זיך צוזונגען נאָך העכער פאַר אַלעמען, כאָטש אַלע האָבען באַמערקט, אז איין ארבעל איז שוין ביי איהם א ליידיגער. — איין האנט בלויז, האָט ער געשפּאסט. מיט דער אַנדערער וועלען מיר נעמען נקמה פון אונזערע שונאים, און ווען ער האָט דערזעהן די סצענע, די דעקאָראציעס ביי דעם ברונים האָט ער פארשטאנען, אַז מען האָט שוין זיך דערשלאָגען צו וואסער, איז ער אַוועק געפאלען, געקושט דעם שטיין אויף דעם מויל פון ברונים, אויפגעריהרט איז ער געוואָרען פאַר שמחה. דערנאָך האָט ער זיך שטיל צואויינט, ווי אַ קינד.

— דאָס זיינען טרערען פון פרייד. איך בין איבערגעוועלטיגט, האָט יאָסל זיך אנטשולדיגט.״

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען טראַכטען וועגען אַ נאָמען, איינער האָט געוואָלט — ניי-קורילאָוועץ, — אנאנדערער האָט געוואָלט — ניי-מאָליוו, — אָבער ווען בערל האָט אַ טראַכט געטאָן אַ ווײַלע, און דערנאָך אויסגעשריען —

— ראשון לציון! — זיינען אלע ווילד געוואָרען פאַר פרייד, אַלע הענט האָבען זיך געהויבען אין דער לופטען, און אַלע האָבען געיובלט:

— הידד! ראשון לציון! יחי המושב ראשון לציון! זאָל לעבען דער מושב, ראשון לציון!

— הורא, ראשון לציון, די ערשטע קאָלאָניע — ראשון!

אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געהוליעט און געטאנצט, און אלע-מאָל האָט ביי אנאנדערען אויפגעטויכט אַ נייער חלום ביז אלע האָבען אַ זאָג געטאָן:

— אַ וועלט, אַ נייע אידישע וועלט וועלען מיר דאָ אויפשטע-לען!

בערל האָט געצויגען דעם געדאַנק:

— עס וועט זיך צובליהען אַ אידישער ישוב, עס וועלען צו-קומען נאָך מושבים, נאָך קאָלאָניעס, נאָך קבוצות, מיט שטאָלץ וועט דער אידישער ישוב ארויפקוקען צו די בערג פון יהודא, און אלץ וועט דערציילען פון אידישער ארבייט, אידישע פּראצע און מיהזאמקייט, אידישע זעלבסטשטענדיגקייט, וואָס וועט נאָך אמאָל באוואונדערט ווערען פון דער גאַנצער וועלט, אפילו פון אונזערע שונאים!

בערל האָט געפיהרט אַ פּאראלעל צווישען דער גרופּע בילו׳צעס אין ארץ ישראל, און דער גרופּע — עם-עולם אין אמעריקא, און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— איצט איז כדאי זיך פּאַרטראַכטען און זעהן וואָס האָבען מיר דאָ דערגרייכט און וואָס האָבען אונזערע חברים דאָרט, אין אמעריקא דערגרייכט:

זיי זיינען געקומען צו אלעם גרייטען, אין אַ ציוויליזירט לאַנד, זיינען אריינגעוואָרפען געוואָרען אין אַ קאָכקעסעל, אַ צומישונג פון פעלקער, פון שפּראַכען אין אַ רעשיג לאַנד, וואָס כאַפּט אריין דעם אימיגראנט ווי אין אַ קלעם, און צודריקט איהם, שמעלצט איהם איבער, און וואָס גיט זי איהם? אַ שטיקעל ברויט, אויף אַ ניט זעהר יושרדיגען אופן, מחת פון זיכערע קוואלען, פון די בריף וואָס מיר האָבען געהערט פון יוחנ׳ן, ווערען מיר אלע קע-נען און געטרויען, ווייל ער וועט קיין לשון-הרע ניט ריידען, וויי-סען מיר, אז דערווייל האָבען יענע דאָרטען גאָרניט מיט וואָס זיך צו באריהמען!

איצט לאָמיר זעהן, וואָס האָבען מיר דאָ. ניט קיין גליקען, אסך פון אונז פיבערען נאָך אַלץ, קרבנות האָבען מיר שוין גע-בראַכט, אַפילו קברים, אָבער ווען מיר פארגלייכען אונזער לאגע מיט זייערער, פייערען מיר שוין א יום טוב אויף אַ נאַטירליכען אופן, און די צוקונפט געהערט זיכער צו אונז! מיר זעען טאקע מיט טרערען, אָבער מיר וועלען שניידען מיט געזאַנג. מיר פּלאַ-נעווען און בויען פאר דורי-דורות מיר וועלען אויסמיידען יענע קרומע וועגען, מיר וועלען דאָ ניט טאָלערירען קיין עקספּלואַטאַ-ציע ווי אין אמעריקא, מיר וועלען זיין — יגיע-כפּיים'ניקעס, מיר וועלען אַרבייטען און לעבען פריי, ווי דער פויער, ווי דער אַר-בייטער אויף אַן אייגענער נחלה אין אַן אייגענעם קיבוץ, אין אַן אייגענעם מושב, מיר וועלען זעהן, אַז יעדער איינער זאָל באַ-האנדעלט ווערען מיט יושר!

דערנאָך האָט בערל צוגעלעגט:

אין מיין פאַנטאַזיע זעה איך א צייט, ווען מיר וועלען דאָ איבערפלאַנצען אַן אייגענע קולטור, שפּראַך, ליטעראַטור, וויסענ-שאַפט, געשיכטע, עס וועט מקוים ווערען די זעהונג פון דעם נביא: והיה באחרית הימים — עס וועט אמאל קומען א צייט!

— און קומען וועט אמאָל א צייט, ווען קיין מענש וועט אויף דעם אַנדערען ניט אויפהויבען קיין שווערד, אַלע שווערדען און שפּיזען וועלען איבערגעשמידט ווערען אין אקער-אייזענס, עס וועט אַ פאָלק ניט פאַרפיהרען קיין מלחמה מיט אננאַדער פאָלק, וואָלף און שעפּס וועלען זיך פיטערען צוזאמען, און אַ קליינער אינגעל וועט זיי פיהרען!

— הידד, יחי ראשון לציון! יחי עמינו! —

— הורא, זאָל לעבען ראשון לציון, זאָל לעבען אונזער פאָלק!

אַלע ביז איינעם האָבען זיך ארומגענומען און זיינען אוועק אין אַ קאַראַהאָד, און בערל האָט צום ערשטען מאָל אויסגעזונגען און אַלע זיינען מיטגעריסען געוואָרען מיט איהם זינגענדיג:

— עם ישראל, עם ישראל חי, עם ישראל חי.

עם ישראל, עם ישראל חי!

עמך ישראל חי, עמך ישראל חי, עמך ישראל חי,

עם ישראל חי!

שומרים האָבען זיך געביטען, א משמורה האָט זיך פאַרענדיגט, א נייע האָט זיך אָנגעהויבען, דער יום-טוב האָט זיך ניט איבערגעריסען, דאָס איז געווען די ערשטע רואיגע, יום-טובדיגע נאַכט אין ראשון לציון וואָס האָט אין זיך פאַרקערפּערט אַלע חלומות פון א פאָלק, חלומות וואָס האָבען זיך געוועבט טויזענדער יאָהרען אין אַלע גלותן, און וואָס איז צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע זינט דעם גלות געקומען צום אויסדרוק און האָט אָנגענומען א קאָנקרעטע פאָרם, א שטילקייט האָט איינגעהילט ראשון לציון, א רואיגע שטילקייט, און אין דעם שווייגען האָט איצט געערדט די שטים פון א פאָלק, וואָס איז צוזעעט און צושפּרייט איבער אַלע זיבען ימ׳ן, איבער אַלע עקען וועלט.

## בריעף פון ארץ ישראל

ווען אסתר איז אין עטליכע טעג ארום געקומען צוגאַסט צו בתיה׳ן, איז זי אנגעקומען פונקט ווען דער בריפטרעגער האָט אַרויפגעשריגען „יאַטשאַנאַן טווערסקי,״ און ער האָט געהייסען אַז מען זאָל ארונטערקומען פון דעם פערטען עטאזש און זיך צושרייבען אויף א רעגיסטרירטען בריעף.

אסתר האָט זיך צושריבען, איז ארויפגעגאנגען אין הויז, און האָט זיך דערוואוסט, אַז בתיה ליגט צו בעט, פיהלט ניט אמבעסטען. אסתר איז געווען ברוגז, פאַרוואָס מען האָט זי ניט גערופען, און האָט געטענה׳ט:

— איך האָב געוואָלט פאָלגען דעם קלוגען שלמה׳ן, וואָס עצה׳ט אַז מען זאָל ניט זיין קיין צו אָפטער גאַסט ביי א פריינט, אָבער אַז מען פיהלט ניט גוט, איז שוין א גאנץ אנדערע געשיכטע.

זי איז אַריין צו בתיה׳ן אין צימער, יוחנן איז געוואָרען פאַרנומען מיט דער פּאַטשט, און האָט אויסגעשריען:

— פון איציקל דעם שוחט׳ס, פון ארץ ישראל!

בתיה און אסתר האָבען אָנגעהויבען ריידען, יוחנן האָט גע-

וואָלט איבערלייענען דעם בריעף האָט ער זיך אנטשולדיגט, און אַ זאָג געטאָן:

— איהר וועט מיר אנטשולדיגען, איך קען זיך דאָ ניט קאָנ-צענטרירען, איך מוז גלייך איבערלייענען איציקל׳ס בריעף!

בתיה האָט זיך פאַרטרויעט פאַר אסתר׳ן, אַז דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז עס וועט שוין לאַנג ניט נעמען, און דערווייל איז אַרויפגעלאָפען יוחנן צוריק, און בתיה האָט אַ זאָג געטאָן:

— קום אהער, דו „פרינץ צויבערער,״ זאָג וואָס טראָגסטו? גוטע נייעס פון ארץ ישראל?

— קינדער, עס איז א באשרייבונג! — האָט יוחנן אויסגערו-פען, — ווען איך זאָל זיך ניט פוילען, וואָלט מען געמעגט רופען אַ רעפּאָרטער פון אַ צייטונג, אזוי אטעם פארכאפּענד איז דער היינ-טיגער בריעף, קינדער. איך זאָג אייך, קינדער עס איז היסטאָריע, איינפאכע געשיכטע, וואָס זיי שרייבען פון דאָרטען!

דערנאָך האָט ער אויסגערופען:

— אַז וואויל איז צו זיי! זיי האָבען זיך ארויסגעקליבען דעם ריכטיגען וועג! ווייזט אויס, אַז דאָרטען, אין דעם מזרח ליגט די אידישע האָפנונג, די אידישע צוקונפט! איך גיב צו, מיר האָבען זיך באנארישט, איך האָב ניט אויסגעוויילט ריכטיג, פארפאלען!

יוחנן האָט ווייטער גערעדט מיט באגייסטערונג:

— און מיינט איהר, אַז בערל אָדער איציקל ווייסען און בא-גרייפען וואָס דאָרטען טוט זיך? זיי אַליין באגרייפען ניט, אַז מיט יעדען פוסטריט וואָס זיי מאכען אין דער מדבר, מיט יעדען קרבן וואָס אַ חלוץ ברייגנט איצט פאַר דעם לאַנד, שרייבען זיי געשיכ-טע, זיי ווייסען ניט און פארשטעהען דאָס ניט!

— זיי זיינען דאָרטען אַלע צו נאָהענט צו דער פּרעספּעקטיווע, קענען זיי ניט זעהן וואָס זייערע אויפטואונגען מיינען פאר דעם ווייטערדיגען גאנג פון דער אידישער געשיכטע, זיי ווייסען נאָר, אַז מען פיבערט, מען ליידעט פון טראכאָמא, מען גייט אויס פון היץ בייטאָג, און פון קעלט ביינאכט, מען דערציילט, שאקאלען, שלאנגען און עקדישען אָבער, איהר הערט?

## זיי האָבען דאָך שוין געפייערט א חג הביכורים!

יעדעס וואָרט אין דער פראזע האָט ער אונטערגעשטראָכען און עס ניט אויסגערעדט, נאָר אויסגעזונגען, ווי דאָס וואָלט געווען די גרעסטע געשעהעניש פון דער צייט, און ער האָט גאָרניט געוואוסט ווי אזוי גיט מען עס די פרויען צו פארשטעהן, וואָס דאָס מיינט, צו פייערען א אמת'ען א לעבעדיגען חג הביכורים, ניט נאָר לייענען וועגען דעם אין דער ביבל, ווי אידען זיינען געוואוינט אין גלות, נאָר טאקע ממש פייערען א חג הביכורים און וואו? טאקע אין ארץ ישראל אין אן אייגענער קאָלאָניע, וואָס האָט שוין א נאָמען — ראשון לציון! איהר הערט, קינדער, וואָס שווייגט איהר? איך זאָג, אז איך וואָלט זיך ניט געשעמט, וואָלט איך געגאנגען טאנצען פאַר גרויס שמחה, אזא געשעהעניש אזא גוואלדיגע געשעהעניש!

ווידער האָט ער גענומען לייענען שטעלען פון בערל'ס און פון איציקל'ס בריף, און גערעדט צו די פרויען:

דער בערל, איז אַן אמת'ער דיכטער, איהר מעגט לייענען אַ שילדערונג ווי אַזוי זיי האָבען דעקאָרירט דעם ערשטען ברונים, און געמאכט אַ חג המים, טאקע דעם זעלבען טאָג. דעם ברונים האָט מען דעקאָרירט מיט גרינסען מיט רעטעכלאך, אוגערקעס, קארטאָפל און ארבעסלאך, און מיט וויינטרויבען. איהר הערט, אַ שטיינגעל וויינטרויבען! און א קעסטעל ווייז, ארץ ישראל וויין אין ארץ ישראל מוז גאָר האָבען אַ גאנץ אנדער טעם!

— און בערל האָט געהאלטען א רעדע וועגען מים חיים, קוועליג וואסער, אַזוי ווי דאָס וואסער פון דעם ברונים פליסט שטיל. רואיג און פרידליך, אַזוי זאָל אונזער לעבען — איהר הערט אַ לשון, קינדער, וואָס שווייגט איהר?

— אַז בערל איז אַ פּאָעט, איז דאָך שוין ביי אונז קיין נייעס ניט, — האָט בתיה אַ זאָג געטאָן. דערנאָך האָט יוחנן פאר זיי איבערגעלייענט דעם גאנצען בריף פון בערלען, און דערנאָך איציקל'ס בריעף.

ביידע בריעף האָבען זיך אָנגעהויבען לייענען מיט די זעלבע ווערטער:

„ראשון לציון," אויף מאָרגען נאָך דעם ערשטען חג הביכורים.

„ניט אלעס לאָזט זיך איבערגיבען אויף פּאַפּיר, עפּעס איז דאָ אין דער לופט דאָ, וואָס אינספּירירט, פאַרכישופט, מאכט אלץ פריהערדיגע פארגעסען. דאָס לאַנד, דאָס ווינקעלע פון די נביאים, די בערג, די טהאָלען אפילו די נאקעטע שטיינער, דערציילען געשיכטע. מען וואנדערט ארום און פון דערלופטען הערען זיך שוין ווידערקלאנגען ווי פארצייטיגע נביאות, וואונדערליכע לעגענדען, הערואישע טאַטען, פּשוטע מענשען ווערען דאָ אָנגערעגט צו גרויסע מעשים.

מיט אונז איז געקומען א מאָליווער איד, אַ פּשוטער מענש, אברהם דער בעל עגלה, אַ גאַנצען לעבען האָט ער געטריבען אַ פּאָר פערד אין שפּאַן, געשלעפּט אידען אויף די יארידים. דאָס לעצטע מאָל האָט אברהם געפיהרט אונזערע בילו'צעס צו דער גרענעץ.

דעם לעצטען טאָג איידער מיר זיינען צוגעקומען צו דער גרענעץ, רופט זיך אָן אברהם דער בעל עגלה:

— הערט זשע אוים, אידישע קינדער, איך פארשטיי ניט די אַלע זאַכען וואָס איהר רעדט דאָ דעם גאַנצען וועג, אָבער איין זאַך האָב איך פאַרשטאנען פון אייערע רייד: איהר פאָהרט קיין ארץ ישראל, ווייל איהר האָט פיינט דעם אוראדניק מיט דעם פּריסטאוו מיט דעם גובערנאַטאָר, ווייל דאָס זיינען אלץ שונאי ישראל. דעריבער איז גלייכער ארץ ישראל, אפילו אז מען זאָל דארפען אביסעל צוהונגערען, אָט דאָס, אידישע קינדער, פאַרשטיי איך, און דאָס געפעלט מיר. הכלל, אידען, ארץ ישראל איז גוט פאר אידען. איך פאָהר מיט אייך!

— היינט שטעלט אייך פאָר ווי עס פיהלט אַן איידעלער מענש, ווען ער קומט קיין ארץ ישראל! א מענש אָנגעהויכט מיט אַ רוח חיים, אַן אינטעליגענט, ער קומט אַריין אין לאַנד, ער דערזעהט דאָס לאַנד, וועגען וועלכען ער האָט אין זיין קינדהייט געלערנט אין חדר, שפּעטער ווען ער איז צו זיין שכל געקומען, און ער האָט גענומען אַליין לייענען אין ביבל מיט אייגענע פאנטאזיעס צוגעווירצט, ער דערזעהט א כּותל מערבי, אַן ארט ערגעץ דאָרט, וואָס מען לאָזט ניט צו אהין, אָבער עס רופט זיך די מערת המכפלה,

דער הר הכרמל, דעם מגדל דוד, דעם ים כנורת, דעם ירדן, די שטאדט שכם, צפת, טבריה, ירושלים, אלץ דערמאָנט אין דער פאַר־צייטיגער ביבל, אין דער גאָלדענער פארגאנגענהייט אונזערער, ער קומט אריין אין דעם קליינעם דאָרף „מודיעים,״ דערמאָנט עס איהם אין דעם קאפּיטל חשמונאים, צינדט זיך אָן אין איהם אַ געטליכער פונק, זיין אידיש בלוט דערוואַרימט זיך אין איהם, ער פאלט אויף די קניען און מורמעלט מיט די ווערטער פון דעם זיידען יעקב:

— אָכן יש אלוקים במקום הזה, אין זה כי אם בית אלוקים!״

— אויף דעם אָרט איז באמת דאָ גאָט! ניט אַנדערש נאָר דאָס אָרט איז געטליך!

שטייט דער בארג כרמל מיט אַ קרוין פון שניי איבער זיין קאָפּ, פליסט אַ שטיל וואסער אין ירדן ארום יריחו, דערמאָנט ער זיך:

— יריחו, די ערשטע פעסטונג וואוהין יהושע האָט איבערגע־פיהרט די אידען, נאָכדעם ווי משה האָט זיי ניט געקענט אריינ־ברייגנען קיין ארץ ישראל!

דער ירדן וועט נאָך אונז ווערען מיט דער צייט אסאך וויכ־טיגער ווי דער דניעסטער און דער דניעפּער איז פאר אייך דאָרט אין דער גאָר אלטער היים. מיר וועלען איהם נאָכאמאל איינשפּאַ־נען און מיט זיין קראפט באלייכטען און באארבייטען דאָס לאַנד אָהן שווערער מיה!

דאן דער כותל המערבי, די צוקרישעלטע וואנט, חרוב, אָבער שטייט אַ זכר לחורבן, עקשנות׳דיג, אָבער די וואנט איז אַ טרייסט פאַר צובראָכענע הערצער, פאַר שווערע געמיטהער, אַ שטומער עדות, און אַז מען טרעפט זיך דאָרט אָן מיט די פארטרערטע אויגען פון אידען פון תימן, פון רומעניע, פון סיריע, פון אשור און פון בבל, און מען דערזעהט, ווי יעדער איד איז גרייט זיך אויסצושטרעקען, אויסגיסען זיין הארץ, אריינגיסען זיינע טרערען וואָס שטעמפּלען זיך אָפּ אין די גרויע ווענט, די אייביגע ווענט, די „וואנט פון כותל מערבי.״

איבערלייענענדיגביידע בריעף, האָט יוחנן אַ זאָג געטאָן:

— בתיה לעבען, דו האָסט מיך ארויפגעפיהרט אויף אַ ריכ-טיגען געדאנק. עס איז אַ סברא, אז דער שטוים איז שוין גע-געבען געוואָרען. די פּאָגראָמען האָבען דערפיהרט צו דער זעלבסט-פּארטיידיגונג, דאָס האָט געפיהרט צו דעם געבורט פון דעם אי-דישען בונד. דער בונד ווערט ביסלעכווייז פּאַרשפּרייט איבער גאנץ רוסלאנד, ליטע און פּוילען. דאָס פיהרט שוין צו דעם גע-בורט פון אַ אידישען אַרבייטער אויף דער גאנצער וועלט.

עפּעס רודערט זיך, אומעטום. אידישע מענשען קומען צו דעם באוואוסטזיין, אַז עס איז ניט שיין צו שטאַרבען ווי פייגלינגע, בעסער צו לעבען און קעמפּען און אויב שטארבען איז שטאַרבען ווי אַ העלד, מיט מסירת נפש, פּאַר אַ אידעאַל! וועסטו זעהן, בתיה, אַז אויך דאָ אין אמעריקא, וועט ניט נעמען לאנג, און עס וועט זיך אָנהויבען רודערען אויף דער אידישער גאס!

יוחנן האָט ניט גערוהט, ער האָט די צוויי בריעף אוועקגע-טראָגען צו די אידישע גאזעטען און אין דריי טעג ארום זיינען געווען אָפּגעדרוקט ביידע בריעף מיט גרויסע קעפּ, מיט קאָמענ-טאַרען, און מען האָט גערעדט וועגען די בריעף ווי פון א „קול מבשר," א פרייליכע בשורה פאר דעם אידישען פאָלק, מען האָט געלויבט די בילו'צעס ביז'ן הימעל אריין.

אין גיכען האָבען זיך אָנגעהויבען גרינדען אלערליי קרייזלאך, „ליבהאָבער פון ציון," און „צוריק קיין ציון". דאָס וואָרט האָט געמאניעט, געררייצט, ווייל די מייסטע אימיגראנטען האָט זיך גע-לעבט זעהר שלעכט, זיי האָבען געקרעכצט אונטער דעם יאָך פון אויסבייטונג, און זיי האָבען זיך געפיהלט זעהר אנטוישט אין דעם גאָלדענעם לאנד.

באלד האָבען זיך אין נויאָרק ווי אין דער אַלטער היים אָנ-געהויבען שפּאַלטונגען, מען האָט זיך ניט געקענט צוטיילען, איינער האָט געוואָלט דוקאָ נאָר ציוניזם און דער אנדערער דוקאָ נאָר סאָציאליזם, האָט מען די ערשטע זאך געגרינדעט קרייזלאך.

דערנאָך האָבען זיך פאַרפיהרט „מלחמות" צווישען די פיה-רער פון די קרייזלאך, צווישען די ציוניסטען מיט די סאָציאליס-טען.

ווען יוחנן האָט אָנגעהויבען פארשפרייטען ציוניזם צווישען זיינע קרייזען איז ער אויסגערופען געוואָרען אויף א דעבאטע פון א סאָציאַליסט, א איד מיט דעם נאָמען וויינבלאַט, אַליין א געוועזענער ישיבה בחור, אָבער וועלכער האָט זיך זעהר גיך אין אמע-ריקא פארקירעוועט צו דעם סאָציאַליזם און האָט אָנגעהויבען שפייען קלעק אויף אידישקייט, און אידישקייט האָט ביי איהם אריינגענומען רעליגיע, ציוניזם, און אַלץ וואָס עס איז אידיש.

זיינען זיך אין א זונטאג בייטאג צונויפגעקומען ביידע לאַגע-רען, די ציוניסטען און די סאָציאַליסטען. אזוי פארביסען זיינען די קרייזען געווען איינע געגען די אנדערע, אַז מען האָט זיך אין זאַל אפילו צוזעצט אין צוויי אָפּגעזונדערטע לאגערען, אַזוי אַז אויב עמיצער האָט געוואָלט אפּלאָדירען האָבען א העלפט פון דעם זאַל אפּלאָדירט, און דאָס אייגענע טאָמער האָט דער אנדערער צד געדארפט אויספייפען דעם געגנער, האָט א האַלבער זאַל געפייפט.

די טעמע איז געווען „נאציאָנאַליזם אָדער אסימילאציאָן" און ציוניזם אָדער די סאָציאַלע רעוואָלוציע."

ביי וויינבלאַט'ן, דעם סאָציאַליסט, וועלכער איז תמיד גרייט אויפצופרעסען א געגנער, און וועלכער האָט ניט געקליבען קיין ווערטער, אבי צו דערלאנגען דעם געגנער אַ שטורך און אבי זיינע נאָכפאָלגער זאָלען קענען ווערען באגייסטערט, און זאָלען פּאטשען בראַוואָ, איז רעכט געווען צו אָנהויבען א דעבאטע מיט יוחנן, אָט ווי אזוי:

דער יונגערמאן איז א ציוניסט, לאָמיר זעהן וואָס וויל דער ציוניזם? דער ציוניזם וויל אַ אידישע מלוכה, אַ קעניגרייך, הייסט עס אז ער האַלט, אַז אידען זיינען אַ נאציאָן ווי אַלע אנדערע נא-ציאָנען. היינט וואָס איז אַ נאציאָן? א נאציאָן איז אַ באשטימטע גרופּע מענשען, וואָס וואוינען אויף אַ באשטימטער טעריטאָריע, רעדען אויף אַ באשטימטער שפּראך, אָבער אידען, ווייסען מיר, אַז קיין טעריטאָריע האָבען זיי ניט, זיינען צוזעעט און צושפּרייט איבער דער גאנצער וועלט, רעדען ריידען זיי אויף זיבעציג לשונות, זייער אידיש פון רוסלאנד, איז אנדערש ווי אין פּוילען, ווי אין ליטע אדער אין רומעניען און גאַליציען, אידיש איז גאָר איינגאנ-צען ניט קיין שפּראך, נאָר אַ זשארגאָן, אַ געמיש פון אלערליי

דיאלעקטען, און אין יעדען לאנד בראקט מען צו אלץ מעהר פרעמדע ווערטער, אין דעם אידישען זשארגאן, איז אויב אידען האבען ניט קיין טעריטאריע און קיין אייגענע שפראך, איז פאר-וואס זשע זיינען זיי א נאציאן?

דאס איז געווען דער ערשטער ארייגפאהר.

וויינבלאט האט זיך אפגעשטעלט אויף א סעקונדע, און דער-נאך האט ער ווייטער גערעדט:

— און איצט לאמיר זעהן וואס איז ציוניזם און וואס איז סא-ציאליזם, און ווי אזוי פארט זיך דאס!

עמיצער האט דעם רעדנער אונטערגעזאגט אז יוחנן איז זעהר געניוגט צו דעם סאציאליזם ציוניזם, וואס איז שפעטער געווארען באקאנט אלס פועלי ציוניזם.

סאציאליזם איז די לעהרע וואס וויל פארברידערען די ארביי-טער פון אלע לענדער דורך פאראייניגונג, כדי דער ארבייטער זאל זיך באפרייען פון דעם אלגעמיינעם שונא, דעם קאפיטאליסט.

— און וואס איז ציוניזם?

—אידען זאלען זיך באזעצען אין ארץ ישראל, האבען אן איי-גענע מלוכה, א אידישען שטאט, מיט אידישע פאליציי, א אידישע רעגירונג מיט אלע קליפערלאך, ווי עס האבען אלע אנדערע פעל-קער.

דארפען מיר וויסען, אז אפילו אין אנהויב פון דער אידישער געשיכטע האט שמואל דער נביא געווארענט אידען געגען זאלבען א מלך.

און וויינבלאט נעמט ציטירען געשיכטע, א קאפיטעל פון שמואל.

— שמואל הנביא האט געווארנט אידען, אז דער מלך וועט זיך אנזאמלען פערד און רייטוועגען, אסאך קנעכט און דינסטען, דאס פאלק וועט ער שיקען אויף מלחמה, דערנאך וועט ער אויף דעם פאלק ארויפלעגען שווערע צינזען, — קורץ, וואו עס איז נאר מעגליך געווען אויסצוזוכען א חסרון, האט וויינבלאט דאס אויסגעקראצט פון אונטער רעד ערד, און דאס אויפגעבראכט אין

דער דעבאטע מיט יוחנן, דעם סאָציאַליסט, וואָס האָט אָנגעהויבען לעצטענס טענה'ן, אַז זיין ציוניזם איז גאָר ניט אין געגענזאַץ צו דעם סאָציאַליזם, נאָר ער וויל אַ אידישען סאָציאַליזם.

איצטער לאָמיר זעהען וואָס טוען די פעלקער? זיי האָבען אַ מלך, אָדער אַ קעניג, ווערען די פעלקער פאַראָרימט, צו וואָס זשע דאַרפען אידען פריהער אויפבויען אַ מלוכה דורך וועלכער זיי זאָלען פאַראָרעמט ווערען, און דערנאָך ערשט דאַרפען מאכען אַ רעוואָלוציע געגען דער מלוכה, געגען דעם קעניגרייך, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע „שטעהט דאָך שוין אויף אונזער שוועל", און אידען קענען בעסער שוין היינט געהן גלייך צוזאַמען מיט אַלע פעלקער צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע!

וויינבלאַט'ס נאָכפאָלגער האָבען אָנגעהויבען פאַטשען בראַוואָ, שרייען הוראַ פאַר דעם סאָציאַליזם, און עס איז ביי זיי אויסגע־קומען, אַז דער רעדנער וויינבלאַט, האָט דערלאַנגט דעם ציוניזם אַ „טויטקלאַפּ".

ווען יוחנן איז געקומען צו דעם וואָרט, האָט ער אָנגעהויבען גאַנץ שטיל, אָבער אין עטליכע מינוט אַרום איז ער שוין געווען צוואוואַרימט, און ער האָט אָהן פאַררעדעס אָנגעהויבען:

— אַ מאָדנער איד, דער דעבאַטאַנט מיינער, הערט אַ משל פון אַ טאָרבע פלעקער:

— באַשר אידען אין גאַליציע ריידען מיט אַ באַזונדער אַק־צענט, און ער, אַליין, אַלס אַ פּוילישער רעדט מיט אַ קוויטש, און איך אַלס אוקראַאינער זאָג „טאָטע," ניט „טאַטע," איז געדרונגען אַז מיר האָבען ניט קיין שפּראַך, נאָר אידיש איז ביי איהם אַ זשאַרגאָן!

„נו, און אַז אין אַמעריקאַ רעדט מען אין פאַרשיידענע שטאַ־טען מיט פאַרשיידענע אַקצענטען, דער נויאָרקער זאָגט „וואָיק," דער באָסטאָנער זאָגט „וואָרק," דער וועסטערנער, דער סאַוטהער־נער, ריידען איינגאַנצען מיט אַנאַנדער אַקצענט, אָבער פונדעסט־וועגען וועט קיינעם ניט איינפאַלען צו זאָגען אַז ענגליש איז אַ זשאַרגאָן. היינט פאַרוואָס זשע באַציהט זיך דער ווערטער דעבאַ־טאַנט מיינער מיט אַזאַ ביטול צו אונזער אייגען אידיש לשון, און ער רופט עס כסדר זשאַרגאָן!

צי ווייסט ער ניט, אַז די שרייבער אונזערע, מענדעלי, פּרץ און שלום עליכם און עס וואקסען איצט אונטער אנדערע, ווייסט ער ניט, אַז די שרייבער שאפען פאַר אונזער שפּראַך פאַר אונזער ליטעראטור, און אַז צו ליטעראטור דאַרף מען זיך באציהען מיט דרך ארץ, טו פארוואָס איז עס זשארגאָן? עס איז יונג, אָבער עס בליהט, און וועט זיך צעוואקסען מיט דער צייט אפילו ביי אונז אין אמעריקא!

וויינבלאַט׳ס עולם האָבען איצטער געפייפט, און די ציוניסטען האָבען אפּלאָדירט.

יוחנן, אָבער, האָט דעם עולם געבעטען זיצען רוהיג, און ער האָט ווייטער גערעדט:

— איצטער וועגען דער פראַגע פון אַ נאציאָן: אמת, אַ נאציאָן דאַרף זיצען אויף אַ באשטימטער טעריטאָריע, גוט. דעריבער טאַקע ווילען מיר ארץ ישראל, קומט דער ציוניזם און לערנט אונז, אַז מיר האָבען אונזער היסטאָרישע רעכט אויף ארץ ישראל, מיר האָבען דאָס לאַנד באזעסען, געירשנט, מיר האָבען דאָרט געשאַפען אַ פּאָעזיע, אַ ליטעראטור, מיר האָבען דאָרט אונזערע היסטאָרישע הייליגטימער, מיר ווילען לעבען אַ נאָרמאל לעבען, און דאָרטען האָפען מיר זיך איבערצובויען, מיר ווילען ווערען אַ פּראָדוקטיוו פאָלק, מיר ווענען זיך ניט אָפּגיבען מיט ספּעקולאַציע. אונזערע קאָלאָניעס ווענען געבויעט ווערען אויף נאציאָנאלען באָדען, אויף קאָאָפּעראטיווע יסודות, ווייל אין ארץ ישראל איז דאָ יושר, אחדות, און טאָמער אפילו ווענען מיר האָבען פּראקציעס, וועט אויך ניט אויסמאכען, דאָס וועט נאָר זיין אַ סימן, אַז מיר זיינען אַ לעבעדיג פאָלק, מיר האָבען געגענזעצטע אינטערעסען, אָבער אַ היים ווענען מיר האָבען, מיר ווענען האָבען אַ מקום מנוחה, אַ טריבונע, פון וואַנען מיר ווענען קענען ריידען אין נאָמען פון א אידיש פאָלק, איז ווער, וועלכער סאָציאַליסט קען זיין געגן דעם?

דאן האָט יוחנן אויסגעשריען?

— אָבער ליבער פריינט לאָזט אונז פריהער עפּעס אויפבויען. שטערט אונז ניט פון אינוועניג, מיר האָבען שוין דערזעהן, אַז אונזער אידישער סאָציאַליזם קען דאָ ניט געבויעט ווערען. אָט האָט

איהר שוין א סימן: מאָריסוויל, און אַלע אנדערע עקספּערימענטען וואָס מיר מאַכען מיט קאָלאָניזאציע, לאָמיר מודה זיין, דאָרטען קריגען מיר דאָך זיך אפילו ווען מענס בילד אויפהייגנען, ווייל ביי איינעם קומט אויס, אַז קארל מארקס'ן קומט די מזרח וואנט, און דאָקטאָר הערצלען דער אונטער'ן אויוועו, דאָס איז גלות פּסי- כאָלאָגיע, אָבער אין ארץ ישראל זיינען מארקס און הערצל, פּינס- קער און קראָפּאטקין, גאַריבאַלדי און אלע אנדערע פרייהייט קעמ- פער איינענע מחותנים, אַלע האָבען זייער בכבודיג אָרט, ווייל אַלע האָבען געקעמפּט פאר פרייהייט, איז לאָמיר ברייגגען סאָציאַליזם צו אידען אויף אַ לאָגישען אופן.

— איהר זאָגט, צו וואָס אַ אידישע מלוכה, און דערנאָך מאכען אַ רעוואָלוציע, און מיר זאָגען, צו וואָס זיך נאריש מאכען און ארבייטען צו פאַרברידערען די מענשהייט, אַז ביז די מענשהייט וועט פאַרברידערט ווערען, וועט אונזער פאָלק צוריבען ווערען אונטער די רעדער פון געשיכטע, לאָמיר בויען דעם ציוניזם צו- זאַמען מיט סאָציאַליזם, און ניט אויפברייגגען דאָס אידישע פאָלק אויף דעם מזבח פון סאָציאַליזם, ווייל עס וועט ערשט צו גאָר- נישט פיהרען.

— יעדער אידעאַליסט איז אַ בעל החלומות, נאָר דורך חלום דערהויבט זיך דער נביא, דער זעהער, און די טרעגער פון סאָ- ציאַליזם, לאַנג פאַר מארקסען, זיינען געוועזן יחזקאל, עמוס, ישעיהו, און הושע, זייט ניט מבטל, די בעלי החלומות, און מיר האָבען נייע בעלי חלומות צווישען די ציוניסטען ווי צווישען סאָ- ציאַליסטען, אָבער זייט טאָלעראנט אויך צו אַ געגנער!

— שרעקט זיך ניט פאַר דעם ציוניזם סאָציאַליזם, עס וועט נאָך קומען אַ צייט ווען אייערע סאָציאַליסטען וועלען באזוכען ארץ ישראל, וועלען זעהן וואָס אידישע ארבייטער בויען אויף מיט איינענעם כח, דורך שוויים פון זייער געזיכט, וועלען זיי זיין בראַוו געגנוג, און אויסשרייען:

— ברידער ארבייטער, מיר האָבען געזינדיגט געגען ארץ ישראל! איהר פּלאַסטערט שאָסייען, איהר בויעט אַ לאַנד דורך אַרבייט, איהר זייט שוין אַריינגעפאָהרען טאקע אין דעם רייט-וואָגען פון דער צייט, איהר וועט טאקע מיט דער צייט האָבען דערגרייכט סאָ- ציאַליזם אין אייער לאַנד אסאך פריהער ווי מיר דאָ אין אמעריקא!

יוחנן האָט ביי יענער פאַרזאַמלונג ניט איבערגענומען וויינ־בלאַט׳ס נאָכפאָלגער אויף זיין זייט, אָבער אַ האלב צענדליג פער־זאָן זיינען צוגעקומען, און האָבען איהם דערלאנגט די האנט, און אַ זאָג געטאָן:

— עפּעס לעגט זיך יאָ אויף׳ן שכל וועגען אַ סאָציאליזם אין ארץ ישראל, וואו זיינען אייערע מיטינגען, מען וועט דארפען קו־מען אמאָל צו אייך!

— מיר הויבען ערשט אָן טראַכטען וועגען אַזאַ פּארטיי. דער־ווייל זיינען דאָ נאָר ציוניסטען. אָבער עס וועט איינגיכען ווערען אַ סאָציאליסטישע פּראקציע אין דעם ציוניזם אויך אין אמעריקא, איהר וועט הערען, איר וועט לייענען וועגען דעם אין די צייטונגען.

נאָך יענעם מיטינג האָט יוחנן אָנגעהויבען רודערען און קי־רעווען צונויפצונעמען אַ גרופּע ציוניסטען סאָציאליסטען אָנצו־הויבען אַזאַ באוועגונג, צו גרינדען אַ פּארטיי.

די הייזער אין מאָריסוויל האָבען זיך געבויעט זעהר לאנגזאם, און יאָסל האָט אָנגעהויבען גיין אויף ציוניסטישע מיטינגען, מיט יוחנ׳ן, און יעדעס מאָל, ווען עס איז אָנגעקומען אַ בריעף פון ארץ ישראל, האָט יאָסל אָנגעהויבען זיפצען:

— מיר דאָ, אין אמעריקא קריכען, און זיי דאָרטען, די אָרי־מעליט, די חלוצים פליהען ווי מיט אָדלער פליגעל.

יוחנן האָט זיך מיט יאָסלען געאמפּערט:

— אָבער מען מוז דאָך פון אמעריקא אויך מאַכען אַ שטיקעל לייט, דערווייל זיינען מיר דאָ, מען קען דאָך ניט איבערלאָזען די אידען דאָ איינגאנצען צו עמי הארצים, און צו די אסימילאטאָרען, וואָס פארשטעהען גאָרניט, אַז זייער סאָציאליזם פאַר אידען האָט ניט קיין ממשות. זיי לייענען ניט, ווילען ניט לייענען, און שפּרינ־גען קדוש פאר א גוי, און ווייסען ניט, אַז דער איד איז אומעטום א ניט געבעטענער גאסט, און אז נאָר ביי זיך אין לאנד, וועט ער זיך קענען איינשטעלען אַ לאנד־ווירטשאפט, לויט די לאָזונגען פון זיינע נביאים.

— דערווייל גייען אוועק די יאָהרען, האָט יאָסל געזיפצט, מיר קאָנען נאָך פארשפּעטיגען ארץ ישראל, דאָרט בויעט זיך דאָס לאנד אָהן אונז!

— ארץ ישראל וועלען מיר ניט פאַרשפּעטיגען, האָט יוחנן זיי געגומען בארוהיגען, ארץ ישראל הויבט זיך ערשט אָן צו בויען, עס וועט נעמען מעהר ווי פופציג יאָהר, און ארץ ישראל וועט זיך נאָך אַלץ נויטיגען אין חלוצים, אין פּיאָנערען, ווייל דאָס לאַנד איז געלעגען פּוסט און וויסט צוויי טויזענד יאָהר, וועט נעמען מעהר ווי איין דור, מעהר ווי צוויי און דריי דורות, עס וועלען מוזען זיין עטליכע עליות, ביז דאָס לאַנד וועט איבערגעבויעט ווערען! — האָט יוחנן גערעדט אין דעם טאָן פון א נביא, א בעל החלומות, וואָס קוקט אין דער ווייטער צוקונפט, אָבער זעהט שוין דאָס בילד אזוי קלאָהר, נאָר ווי אַ נביא קען זעהן.

דערנאָך האָט ער ווייטער פאָרטגעזעצט:

— ארץ ישראל וועט נאָך אַ לאַנגע צייט מוזען האָבען די שטיצע פון דער גאַנצער וועלט, דער עיקר טאַקע, פון אמעריקא, און פּונקט ווי ווען יוסף איז געוועזן אין מצרים, האָט ער באגריפען אַז די השגחה האָט אזוי געפיהרט, ווייל ער האָט געדאַרפט שפּייזען הונגעריגע ברידער אין אַ הונגער פּעריאָדע, — האָט יוחנן זיי געגעבען צו פאַרשטעהן, — פּונקט אַזוי, וועט קומען אַ צייט, ווען די אידען אין אמעריקא וועלען מוזען קומען צו הילף די חלוצים אין ארץ ישראל, מיט געצייג און מיט זריעה, און מיט פאָנדען אויסצוקויפען נאציאָנאלען באָדען, ווייל חלוצים בויען ניט נאָר פאַר זיך אַליין און פאַר זייער דור, נאָר פאר דער צוקונפט, פאר קומענדיגע דורות!

— און ווער ווייסט, — האָט יוחנן אַ זאָג געגעבען, אפשר דארפען מיר זיך פרייען וואָס מיר זיינען אין אמעריקא, אפשר דארפען מיר דאָ גאָר צוגרייטען א צווייטען און א דריטען דור חלוצים פאר אונזער לאַנד, וועלכער זאָל שפּעטער איבערנעמען די ירושה פון די בילו'צעס, ווייל איך האָב גאָר אַ געפיהל, אַז ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אויך אין אמעריקא האָבען אונזערע שכנים אונז ניט זעהר שטארק ליב. . .

דארפען מיר לעת עתה דאָ זיצען, שטיצען ארץ ישראל, וועלען מיר כאָטש מיט אונזער הילף העלפען מיט דער צייט אויפבויען א מקלט פאר אידען, אַ ניוקלעוס פאר אַ אידענשטאַט, ווייל ביז צו אַ אידענשטאַט, איז נאָך צום באַדויערען זעהר ווייט!

אָבער מיר מוזען כאָטש באַוואָרענען, אז ווער עס מוז געראַטעוועט ווערען און קען ניט אריינקומען אין אנאנדער לאַנד, זאָל ער האָבען איין לאנד, וואוהין ער קומט ניט אין א גלות, נאָר ווי א קינד צו אן אייגענער מאמען!

דער מאָליווער רב איז אויפגעשפּרונגען, און אויסגערופען:

— קינדער, מיין אײדעם איז א שטיק נביא! דאָס וואָס ער האָט איצטער געזאָגט, וועט אין די קומענדיגע יאָהרען ווערען א פארווירקליכטע נבואה.

— פאַרוואָס דאַרף מען דאָס רופען נבואה, איך האָב עס שוין היינט געלייענט אין דער צייטונג, עס קומען טעג ווען מיר וועלען דאַרפען אַרויסראַטעווען טויזענדער, צענדליגער הונדערטער טויזענדער אידען ניט נאָר פון רוסלאנד און פון פּוילען, נאָר אפשר אויך פון גאנץ מערב אייראָפּא, פון דייטשלאנד און אפילו פון פראַנקרייך.

— שלעכט, זעהר שלעכט, — האָט יאָסל זשיטניקער אָפּגעזיפצט, — עס קען גאָר זיין, אז מיר וואָלטען געדאַרפט זיך אויפבויען שטעט און שטעטלאך אין אמעריקא, פּונקט ווי דאָס טוען די חלוצים אין ארץ ישראל!

דערווייל האָבען מיר נאָך קנאַפּ וואָס באָדען אין ארץ ישראל, און דער סולטאן איילט זיך ניט צו פארקויפען — האָט דער מאָליווער רב געזיפצט.

— פארוואָס פאלט אייך ניט איין, אז געשיכטע קען אָפּטאָן אמאָל א שפּיצעל, אז מען זאָל אינגאנצען ניט דאַרפען פרעגען ביים סולטאן און אויך ניט ביי ניקאָלאַיען, פארוואָס פאלט אייך ניט איין, אז עס קען אמאָל קומען די ישועה דוקא דורך א רעוואָלוציע אויף דער וועלט. — פּאָגראָמען קענען אייביג ניט אָנהאלטען, די אונטערערדישע כוחות אין רוסלאנד גראָבען א קבר פאַר דעם צאַריזם, און נאָך די פּאָגראָמען קען אמאָל די רוסישע רעגירונג אינגאנצען ארונטערגעשווינקט ווערען פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד, האָט יוחנן פאַרענדיגט, און אויך דאָ האָט זיין נבואָה געהאלטען ביים פארווירקליכט ווערען.

# דער אָנהויב פון דעם סוף!

אין דעם אָנהויב פון דעם יאהרהונדערט איז די וועלט אויפ-געציטערט געוואָרען פון אַ פאררעט פּראָצעס אין וועלכען קאַפּיטאַן דרייפוס איז אָנגעקלאָגט געוואָרען אין פראנקרייך.

מיט דער באשולדיגונג אויף דרייפוס'ן איז דאָס גאנצע אי-דישע פאָלק אוועקגעזעצט געוואָרען אויף דער באשולדיגונגס באנק.

כמעט אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעהויבען אַ פרישע כוואַליע פון פּאָגראָמען אין דער בעסאראביע, אָנגעהויבען האָט זיך דער פּאָגראָם דעם אנדערען טאָג פּסח, צוויי מעת לעת האָט דער בלוטיגער פּאָגראָם געבושעוועט, און עס איז קלאָהר געוואָרען פאַר אַלעמען, אַז עס איז לית דין ולית דיין פאר אידען איבער דער וועלט.

אין קישענעוו האָט דער טייפעל באקומען די אויבער האנט, און אידען זיינען אויסגעקוילעט געוואָרען ווי לעמער.

עס איז קלאָהר געוואָרען אז דער פּאָגראָם איז דורכגעפיהרט געוואָרען מיט דעם הסכם פון דער רעגירונג, די נייעס האָט זיך שנעל צוטראָגען איבער דער וועלט, אַ שוידער האָט ארומגעכאפּט דאָס אידישע פאָלק. קישינעוו איז געוואָרען דער אידישער פּחד און די גרויל, אָבער אין יענער צייט איז געבוירען געוואָרען דער געדאנק פון זעלבסט שוץ, פון אידישער פארטיידיגונג און ווידער-שטאנד.

זעלבסטשוץ איז געוואָרען דאָס שלאָג וואָרט פאר אידען. עס זיינען אומגעפּאָהרען משולחים וואָס האָבען געזאמעלט הילף פאר די פּאָגראָם קרבנות, און עס זיינען אויך אומגעפּאָהרען פארטרע-טער פון די ראיאָנען, און האָבען אויף אַ געהיימען וועג אָרגא-ניזירט די זעלבסט שוץ.

די פּאָגראָם כוואַליע האָט ניט אויפגעהערט צו בושעווען, אָבער עס איז אוועקגעפאַלען דער פּחד און די גרויל, ווייל די זעלבסטפארטיידיגונג האָט אָנגעהויבען צייכנען אַ ניי קאפּיטעל אין רוסלאנד, עס איז געווען דער אָנהויב פון א באפרייאונגס באוועגונג וואָס אינאיינעם מיט דער ליבע צום פאָלק האָט די אי-דישע אינטעליגענץ געוועקט האס און צאָרן צו דער רוסישער רע-

גירונג, ווען מען האָט געמוזט דערלאנגען א טויטקלאפּ, ווי מען טויט אַ בייזע שלאַנג.

דאַן איז געבוירען געוואָרען דער „בונד", וואָס האָט געהאַל־טען, אַז די אידישע פראגע וועט געלייזט ווערען דורך דעם סאָ־ציאליזם, אַ צווייטע גרופּע איז געגאנגען עקסטרעם לינקס און האָט געהאלטען אַז דורך ניהיליזם, דורך אונטערערדישען טעראָר וועט מען לייזען די סאָציאלע פראגע, און ווען דער רוסישער פּויער וועט אויפגעקלעהרט ווערען, וועט ער דערפיהלען, אַז דער אמת'ער שונא זיינער איז ניט דער איד, נאָר די צארישע רעגי־רונג. די ניהיליסטען האָבען געפּרעדיגט, אַז דער רוסישער פּויער דאַרף זיך דערהויבען געגען דער דעספּאָטישער מאכט פון צאריזם און איהם פארניכטען דורך א רעוואָלוציע.

דער בונד, די סאָציאליסטען ציוניסטען, די סאָציאליסטען רע־וואָלוציאָנען האָבען אלע געארבייט מיט די זעלבסטשוץ קרייזען, עס איז אויפגעקומען א ניי צייט, האָט געצייכענט אַ ניי קאפּיטעל אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד.

אידען האָבען אָנגעהויבען שפּילען א וויכטיגע ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, זיי זיינען געוואָרען דער כח און דער מוח, אידען זיינען געשטאנען אין די פאָדערשטע רייהען צווישען די פיהרער, וואָס האָבען געהאָלפען אָרגאניזירען און אָנ־פיהרען מיט דער „באָיעוואיא אָרגאניזאציע" די אָרגאניזירטע שלאַג-קראפט, זיי האָבען געהאָלפען אָרגאניזירען און דורכפיהרען די אטענטאטען אויף די גובערנאטאָרען, די מיניסטאָרען, זיי האָ־בען געהאָלפען אוועק מאכען מיט דעם צורר היהודים פאן פלעווע, מיט סטאָליפינען, און מיט אַ גאנצער רייהע אַנדערע פינסטערע כוחות, מיניסטאָרען, וואס האָבען געהאט א האנט אין דער דורכ־פיהרונג פון בלוטיגע פּאָגראָמען, וועלענדיג אָפּציהען דעם צאָרן פון דעם רוסישען פאָלק, פון דעם פּויער וואָס איז פאראָרימט גע־וואָרען און איז אָפּגעגאנגען מיט בלוט אין דער מלחמה צווישען רוסלאנד און יאפּאן.

אין פראנקרייך האָבען זיך אלע פינסטערע כוחות פאראייניגט דורך דעם אנטיסעמיטיזם צו דעם פּראָצעס, דעם בלוט-בלבול גע־גען קאפּיטאן דרייפוס, די לאָזונג איז געווען, אידען קען מען ניט

געטרויען, אידען זיינען פאררעטער, פארשווערער, דעריבער דארף מען אלע אידען פאראכטען, האסען און פארפאלגען. אידען זיינען דאס גרעסטע אומגליק פאר דער גאנצער וועלט.

פאר די גרויסע דיינקער פון יענער צייט, פאר די שריפט-שטעלער און אייניגע שטאטסמענער אין פראנקרייך ווי אין אנדע-רע לענדער, איז דער דרייפוס פראצעס דערשינען ווי א שוידערלי-כער בלוט בלבול, די דיינקער און פרייע גייסטער האבען געפיהלט, אז דרייפוס איז אומשולדיג, אז ער איז א קרבן פון א פארשווע-רונג פון א העסליכער באנדע לומפען, און אז ניט דרייפוס האט ארויסגעגנבעט די געהיימע פאפירען, נאר אז זיינער א פערזענ-ליכער שונא, א געמיינער אנטיסעמיט, האט אפגעטאן דאס העס-ליכע שטיקעל ארבייט, כדי צו קענען דרייפוס'ן פארפאלגען און דורך איהם ניט נאר צו פארניכטען די אידען אין פראנקרייך, נאר אויך צו דערשלאגען אידען איבער דער גאנצער וועלט.

איז איין גרויסער פראנצויזישער שריפטשטעלער אין יענער צייט, עמיל זאלא, ארויסגעקומען מיט א שטורמדיגען רוף און אן אויסגעשריי צו דער וועלט אלס מעכטיגען פראטעסט. אין זיין פראטעסט האט זאלא אויסגעשריען:

— איך באשולדיג!

אזוי מעכטיג איז געווען זאלא'ס פראטעסט, אז ער האט אנ-געהויבען פארהילכען די געוואלדען פון די אנטיסעמיטען, אלע פינס-טערע כוחות זיינען געבליבען צוטומעלט, דרייפוס איז פארשיקט געווארען אויף דעם טייפל'ס אינזעל, אבער זאלא און מיט איהם זשארזש קלעמאנסא, און א צאהל אנדערע פרייע דיינקער איבער דער וועלט, האבען אנגעהויבען פאדערען, אז די פראנצויזישע רע-גירונג זאל רעווידירען דעם דרייפוס פראצעס, אז די רעגירונג פון פראנקרייך זאל אפווישען פון זיך דעם בלוטיגען, פינסטערען פלעק וואס וועט אין דער געשיכטע פון פראנקרייך תמיד שטארען דעם פראנצויזישען פאלק אין געזיכט און אז פראנקרייך וועט פאר דעם פראצעס האבען א פינסטער, שווארץ פנים ביי דער ציוויליזירטער וועלט.

אין דער אייגענער צייט איז דער גרויסער רוסישער שריפט-שטעלער, גראף לעא טאלסטאי ארויסגעטראטען קעגען דער צארי-

שער רעגירונג, האָט געשטורעמט צוליב איהרע בלוטיגע פּאָגראָ-
מען, טאָלסטאָי האָט אויסגערופען אין דער עפענטליכקייט:

— איך קען מעהר ניט שווייגען!

די דאָזיגע צוויי מעכטיגע פּראָטעסטען פון זאָלא און פון טאָלסטאָיען זיינען געקומען אין דער ריכטיגער צייט.

פראנקרייך האָט געמוזט אָנהויבען רעווידירען דעם דרייפוס פּראָצעס, און די רוסישע רעגירונג האָט אָנגעהויבען באקומען קלעפּ פון אינווייניג און פון דרויסען, די יאפּאנעזער האָבען גע-האלטען אין זינקען גרויסע רוסישע קריגסשיפען, איהרע ארמייען האָבען די יאפּאנעזער צושמעטערט אויף אַלע פראָנטען, און די „באָיעוואיא אָרגאניזאציע" האָט זיך אָפּגעפּארטיגט מיט גרויסער צאָהל קעפּ פון רוסישע מיניסטאָרען און גובערנאטאָרען, און די וועלט האָט אָנגעהויבען דערפיהלען, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון דעם סוף!

## משיח אין גלות.

די פּאָגראָמען אין רוסלאנד, און דער דרייפוס פּראָצעס אין פראנקרייך האָבען געבוירען ביי דעם אידישען פאָלק א משיח אין גלות, וועלכער האָט דערפיהלט דעם וויטאג און די שאנדע, און ער האָט פארטראכט א געדאנק ווי אזוי צו דערנעהענטערען די גאולה פאר אידען.

ביז נעכטען האָט מען כמעט ביי אידען זיין נאָמען ניט גע-הערט, מען האָט איהם ניט געקענט, ווייל ער איז געבוירען גע-וואָרען ערגעץ ביי אידען אין עסטרייך, אפילו ניט אין אַ אידישער אטמאָספערע, צווישען אסימילאטאָרען, אַ פעליטאָניסט, אַ קאָ-רעספּאָנדענט אין דער ווינער „נייער פרייער פרעסע," א שלאנקער, ווי א צעדער, אָבער מיט אן עכט סעמיטיש געזיכט, מיט צוויי פארחלומטע אויגען, א גרויסען שטערען, מיט דעם שטאָלץ פון אַ פּרינץ, אָבער ער איז דערשינען ווי איבער נאכט, אלס אַ געטרייער זוהן פון דעם אידישען פאָלק! ביז דעם דרייפוס פּראָצעס האָט ער אפשר אינגאנצען ניט געוואוסט די טראגישע בלוטיגע געשיכטע פון זיין אייגען אידיש פאָלק, מחמת וויען ווי בערלין האָט אין יענער צייט געאטעמט מיט אסימילאציע, די דייטשע אידען האָבען

דורות לאנג אין דייטשלאנד געטאָן אלץ אין דער וועלט צו געפע־לען און אויסנעמען ביי די דייטשען, די דייטשע אידען האָבען גע־האלטען אין שרייען ביי יעדער געלעגענהייט:

— וויר זינד קיינע יודען, וויר זינד דויטשען פון דעם מאָזא־אישען גלויבען!״

בערלין איז געווען דאָס וויגעלע פון דעם רעפאָרם אידענטום, רעליגיע איז געוועזן אַ גלויבען, און די נאָכפאָלגער פון דער רע־ליגיע בלויז אַ סעקטע, און די דייטשע אידען האָבען געהאלטען אין שרייען אז אויב אין רוסלאנד און רומעניע אָדער פוילען שלאָגט מען אידען טו זאָלען זיי זיך אסימילירען, אויפהערען צו זיין אידען, וועט מען זיי מעהר ניט שלאָגען. אזוי נאריש זיינען די דייטשע אידען געווען אין זייער אסימילירען זיך, אז זיי האָבען ניט איינגעזעהן, אז עס יאָגט זיך אויף זיי אויך אָן דער גערעכ־טער אָדער אומגערעכטער צאָרן פון דעם ביטערען שיקזאל, און אז די געשיכטע גרייט פאר זיי, פאר די דייטשע אידען צו אזא ביטערע שטראָף, זיי וועלען ביטער בעצאָהלען פאר זייער פאלשען צוגאנג צו דער אידישער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק איבער דער וועלט.

דאָרטען, דוקאָ אין דעם תחום פון דער אידישער אסימילאציע האָט דוקאָ דא געשיכטע געוואָלט, אז דער אידישער משיח זאָל געבוירען ווערען, און אז ער זאָל הויך אויפ׳ן קול אויסשרייען דעם אידישען רוף, און זאָל הויך אויפציהען די אידישע ווייס בלויע פאָהן, און זאָל רופען, אז עס האָט געשלאָגען די שעה און אז עס הערט זיך שוין דער קול שופר, דער רוף צו אידען זיך ארויסקליי־בען פון די גלות לענדער און זאָלען אנהויבען טראכטען וועגען אַ תכלית, וועגען אַ רעכטליך געזיכערטער היים, אין זייער אלט ניילאנד, אין ארץ ישראל.

היינט איז שוין דער דאָזיגער נאָמען אויף אלעמענס ליפען, קינדער אין די שוהלען, אידען זקנים, דורות גאנצע, בענשען זיך מיט זיין נאָמען היינט, ווייל ער איז געבליבען דער סימבאָל און דער סינאָנים פאר אידישער באפרייאונג, אידישע האָפנונג פאר פאָלק און לאנד!

— די וועלט האָט צוקלונגען א נאָמען —

דאָקטאָר טעאָדאָר הערצל!

ביז דאַן בלויז אַ געוויינטליכער נאָמען, אַ צייטונגס מענש, אַ קאָרעספּאָנדענט אין דער וויענער פּרעסע.

איז דער יונגער איד געזעסען ביי דעם קאָרעספּאָנדענטען טישעל, און דאָרט האָט ער דערפיהלט די געמיינע וועלט, די העס־ליכע באציאונג צו אידען, צו אלע אידען. ער האָט געעפענט זיינע אויגען, און עס איז איהם געוואָרען ביטער אויפ'ן הארצען, אַ פּחד האָט ארומגעכאפּט זיין גאַנצען וועזען, ער האָט דערזעהן אַ ברוטאלע, מיאוסע וועלט, וואָס האָט ארומגערינגעלט אַ קליין, שוואך פאָלק, ווי אַ סטאַדע וועלף רינגלען ארום הילפלאָזע שעפּ־סען וואָס האָבען ניט קיין פאסטוך, וואָס זאָל זיי באשירמען פאר'ן שטורם, ער האָט דערזעהן אַז אידען זיינען הפקר ווי שטרוי פאר'ן ווינט, אידען זיינען אין ערגעץ ניט ווילקאָמען, אומעטום איבע־ריג, און קוים האָט ער נאָר איינמאָל דערזעהן דאָס דאָזיגע שווארצע בילד, האָט איהם דער געדאנק שוין מעהר קיין רוה ניט געגעבען.

איז דער משיח אין גלות אומגעגאנגען אַ פארחלום'טער, און ער האָט טאָג און נאכט געזוכט אַן אויסוועג, אַ לייטונג צו דער פראגע, ביז ער האָט דערזעהן אַ וויזיע:

— אַ יודענשטאאט!

אן אייגען לאנד, וואוהין אידישע פאָלקסמאסען וועלען בימ־לעכווייז זיך צוריקקעהרען פון אַלע לענדער וואו זיי ווערען פאר־פאָלגט און געפּלאגט, ווערען באשלודיגט אין פאררעט, כאָטש זיי זיינען די גרעסטע איבערגיבענסטע פאטריאָטען פון לאנד, אידען מוזען אויפהערען זיין די שאָף צווישען וועלף!

האָט הערצל פארטראכט, אַז עס איז די העכסטע צייט אַז אי־דישע פיהרער זאָלען זיך צוזאמענקומען, פארזאמלען און אָנהוי־בען עפּעס טאָן צו שאפען אַ יודענשטאאט. ער האָט געהאט דעם פלאן, און געוואוסט האָט ער, אַז אידען גיבען גרויסע, ריזיגע סומען געלט אויף פאָגראָם געליטענע און אויף אלערליי וואויל־טעטיגע אנשטאלטען.

— עס איז דאָך ניט מעגליך, אַז אידען זאָלען גיבען געלט נאָר

פאַר פּאָגראָם געליטענע ווייל עס איז דאָך אַ גרעסערער נחת רוח צו גיבען פאר ישוב ארץ ישראל, פאַר קויפען פאר זיך און פאר אנדערע פרייהייט, און זעלבסשטענדיגקייט, צו ווערען אַ פרייער מענש אין אן אייגענעם שטאַט!

הערצל האָט ווייטער געטראַכט:

— מיר האָבען שטאַטסמענער, זיי שפּילען און האָבען גע־שפּילט אַ ראָלע אין דער געשיכטע פון פעלקער, מיר האָבען באַנ־קירען, פינאַנסירען, זיי האָבען פינאַנסירט מלחמות, רעוואָלוציעס, מיר האָבען מוזיקער, שריפטשטעלער, מיר האָבען אַ נאָרדוי, אַ דובנאָוו, אַ זאַנגוויל, אַ שניצלער, און אנדערע גרעסערע און קלע־נערע. זיכער מוזען זיי אויך פיהלען די אידישע חרפּה, דעם ווייטאָג און די שאנד צו זיין אַ איד און ווערען אַזוי געשענדעט, גע־פּלאָגט און באליידיגט, אייביג ווערען פארפאָלגט, איבעראל אַ ניט געבעטענער גאסט, מוזען זיי דאָך געוויס אויך אַזוי פיהלען ווי ער, הערצל!

מוז מען זיי אלעמען אויפזוכען און פאראינטערעסירען, מען מוז צוזאמען אָנהויבען ארבייטען פאר אַ גאולה באוועגונג, אַ סוף צו דעם פינסטערען גלות איבער דער וועלט!

וואָס לייגגער הערצל האָט נאָכגעדיינקט וועגען דער זאַך, אַלץ מעהר האָט דאָס איהם ניט געלאָזען רוהען. דער געדאנק איז איהם אריין אין די בלוטען, אין דעם מארך און עס האָט אויסגעפּילט זיין גאַנצעס וועזען, האָט ער זיך אָנגעהויבען פארטראכטען און פארטיפען אין די געדאנקען, וועגען דעם חלום פון אַ פאָלק, וואָס האָט אָנגעהויבען אין איהם צייטיג ווערען.

גוטע פריינט האָבען איהם געבעטען אָנצוהערעניש, אַז ער וועט דערמיט רואינירען זיין גלענצענדע קאריערע, אָבער הערצל האָט זיי געענטפערט:

— בעסער אַ מענש אָהן אַ קאַרירע ביי זיך אינדערהיים, איי־דער אַ מיליאָנער און אַ שטאַטסמאַן אין דער פרעמד, אין אַ גלות.

ער האָט מיטאַמאָל דערפיהלט אַ מורא'דיגע פאראכטונג צו דעם גלות, און צו אלץ וואָס גלות האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט.

הערצל האָט אָנגעהויבען קלאפען אין די טירען פון איינפלוס־רייכסטע פערזאָנען, און די ערשטע צייט האָט ער געטראָפען טיר און טויער פארריגעלט, צוגעהאקט, פארשלאָסען. קיינער האָט איהם ניט געוואָלט אויסהערען.

האָט ער זיך אוועקגעזעצט, און ווי אַ גרויסער מייסטער האָט ער אויסגעלעגט אַ פּלאַן, כדי ער זאָל פריהער פאַר אַלץ ביי זיך אַליין זיין קלאָהר ווי אזוי די זאַך, די אידייע קען ארבייטען, דערנאָך האָט ער דעם פּלאַן אויסגעברייטערט אויף פּאפּיר, אָנגע־שריבען אַ ווערק, און פאַר אַ לאָזונג, דערפאַר, ווייל אַלע האָבען איהם פארשריען פאַר אַ פאנטאזיאָר, אַ בעל החלומות, האָט ער פאַר אַ לאָזונג אויפגעשריבען:

„אויב איהר ווילט, איז דאָס ניט קיין חלום!”

און פונדעסטוועגען איז ער דערנאָך ווידער באטראכט גע־וואָרען פאַר אַ פאנטאזיאָר, וואָס באאומרואיגט זיך און אנדערע, מיט מאָדנע פּלענער, פאנטאזיעס, וואָס קיינער וויל ניט וויסען און ניט הערען פון זיי.

פאַר מענשען האָט עס אויסגעקוקט ווי איינער וואָס טראָגט זיך ארום מיט אַ „אידייע פיקס”, געקוקט אויף איהם מיט מיטלייד, מיט באדויערען, קיין דערמוטיגונג האָט ער אַ שטיק צייט פון קיינעם ניט געקראָגען.

אין זיינע „טרוימער פון דער געטא,” האָט איזראעל זאנגוויל, דער גרויסער מייסטער מיט דער פען ארויסגעפיהרט אַ רייהע אי־דישע פערזענליכקייטען בעלי החלומות, אָבער ווען הערצל איז צו איהם דעם ערשטען מאָל געקומען מיט זיין פּלאַן וועגען אַ יודענ־שטאַט, איז זאנגוויל געזעסען, האָט איהם אויסגעהערט, באטראכט און האָט געשוויגען.

ווען הערצל איז פארטיג געוואָרען האָט איהם זאנגוויל אַ פרעג געטאָן:

— דאָקטאָר הערצל, מעג איך אייך פרעגען, אויב איהר האָט געלייענט מיינע טרוימער פון דער געטאָ?

— נו, זיכער, הער זאנגוויל, און טאקע דעריבער בין איך דאָך

צו אייך געקומען! איך וויל אייך געווינען פאר דער אידייע פון ישוב ארץ ישראל!

— ארץ ישראל שמעקט מיט חלוקה, אין אזא לאנד בין איך ניט אינטערעסירט, איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, איך בין אי-בערראשט, אזא ראפינירטער מענש ווי איהר, א געלערנטער און אינטעלעקטועלער מענש, זאָל זיך פלוצלינג אָנכאפּען אין א זאך, וואָס האָט ניט קיין ממשות, עס קען קיינמאָל ניט רעאליזירט ווע-רען אין לעבען!

— בין איך אלזאָ נאָך איינער פון אייערע טרוימער פון דער געטאָ, — האָט הערצל געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ, אָבער ער האָט זיך ניט פארלוירען.

— אויב איהר וועט עס ניט אָננעמען פאר קיין באליידיגונג, דערלויבט מיר אייך זאָגען, אז איהר זייט אפשר דער גרעסטער טרוימער פון דעם איצטיגען יאָהרהונדערט! האָסט געזעהן, א מענש האָט זיך אויפגעבויעט א לופט שלאָס און ער טראָגט זיך דערמיט ארום איבער דער וועלט ווי מיט אן אבן-טוב!

אין יענער צייט איז שוין זאנגוויל געווען שטארק פאראינטע-רעסירט אין דער אידייע פון טעריטאָריאליזם, עס זיינען שוין גע-ווען נאָכפאָלגער אין רוסלאנד און אין דער שווייץ צווישען די סטודענטען, מענשען געלערנטע האָבען געהאלטען אז אידען דאַר-פען ווערן פּראָדוקטיווע מענשען, אויף אייגענעם באָדען, מאכט ניט אוים וואו זייער טעריטאָריע זאָל זיך ניט געפינען.

אָבער ווען הערצל האָט אָנגעהויבען ריידען וועגען ארץ ישראל, האָט איהם זאנגוויל ניט געלאָזען ריידען.

— קיין ארץ ישראל, צום באדויערען, פאָהרען אידען שטאַר-בען, און די עלעמענטען וואָס מיר זוכען צו פאראינטערעסירען אין קאָלאָניזאציע דארפען זיין יונגע, אינטעליגענטען, סטודענטען וואָס האָבען גרויס חשק צו לעבען!

— איצטער זעה איך, הער זאנגוויל, אז אויך איהר האָט מיך ניט פאַרשטאנען, ווייל וואָס מיינט איהר וויל איך, — האָט הערצל זיך באליידיגט, — איך וויל אויפלעבען א פאָלק און א לאנד.

און ער האָט איהם גענומען דערציילען די גרוסען וואָס ער האָט שוין וועגען ראשון לציון, נס ציונה, זכרון יעקב און אַז עס האָט זיך איצטער אָנגעהויבען א גרויסע באוועגונג צו פלאַנ-צען אָראַנזשען גערטנער און וויינטרויבען, צו פּראָדוצירען ווייגען פון ארץ ישראל פאר אויסלאנד, אָבער זאַנגוויל איז געווען ראַ-דיקאל, און האָט ער זיך דערשראָקען און געענטפערט:

— איך ווייס נישט אויב מיר דארפען זיך אזוי פרייען מיט די נייעסען פון די מסחרים מיט די אָראנזשען און וויינען, דאָס שמעקט פון איין זייט מיט פילאנטראָפיע, און פון דער אנדערער זייט מיט עקספּלואטאציע און מיר ווילען ניט איבערפלאנצען אין א נייער וועלט דעם אלטען סדר העולם.

— מיר האָבען שוין אויך סאָציאַליסטישע ציוניסטען, — האָט איהם הערצל ווידער באמערק, אָבער קודם לאָמיר קריגען א לאנד, דערנאָך וועלען מיר זיך קענען צוגיין אין פארשיידענע וועגען וועגען דעם עקאָנאָמישען סאָציאַלען באשטאנד.

ער האָט דערנאָך איהם פארטרויעט זיינע פּלענער וועגען דעם יודענשטאאט, אָבער אַוועק איז הערצל פון זאַנגווילען אַן אנטויש-טער.

— חלומות, שיינע, עהרליכע, גאָלדענע חלומות, — אָט מיט די ווערטער האָט איהם זאַנגוויל ארויסבאגלייט.

אָבער הערצל האָט ניט אויפגעהערט צו טראכטען:

— אידען חלום'ען וועגען ארץ ישראל זייער גאַנצען לעבען, און דער חלום גייט איבער פון דור צו דור, קינדער האָבען דעם חלום מיט דער מוטער'ס מילך איינגעזויגען אין זיך, אידען דאווגען און בעטען דריי מאָל א טאָג:

— און מיר זאָלען דערלעבען צו זעהן מיט אונזערע אויגען, ווען דו וועסט זיך אומקעהרען קיין ציון מיט דיין דערבארעמדיג-קייט, און אויפבויען ירושלים!"

הערצל האָט ניט גערוהט, ער איז געקומען קיין בערלין צו פארהאנדלען מיט קייזער ווילהעלם האָענצאָלער'ן, ער זאָל איהם גיבען א דערלויבעניש צו פאררופען א אידישען קאָנגרעס אין

בערלין, און ווילהעלם האָט זיך בּאראטען מיט אַ אידישען רע־פאָרם ראבּינער, אַלס דער פארטרעטער פון דער אידישער קולטוס געמיינדע, אָבער דער ראבּינער ווי אַלע רעפאָרמירטע יאהודים אין יענער צייט, איז אויפגעשפּרונגען ווי אַן אָפּגעבּריהטער און אויס־געדופען:

— גאָט בּאוואהר! וויר זינד בּלויז יאהודים פון מאָזאאישען גלויבּען, וויר זינד געטרייע דייטשע בּירגער, וויר וואָלטען ניט האָ־בּען קיין יודענשטאאט!

פארשטייט זיך, אַז ווילהעלם האָט זיך אָנגעכאפּט אין דעם ראבּינערס עצות, און דער קאָנגרעס האָט אין בּערלין ניט געקענט אָפּגעהאַלטען ווערען.

דערנאָך האָט ער אָנגעקלאפּט בּיי פּראָפעסאָר מאנדעלשטאמען אין אדעס, אָבער אויך מאנדעלשטאם איז אַ קורצע צייט פאר־כאפּט געוואָרען פון דעם טעריטאָריאַליזם און האָט געקוקט אויף ארץ ישראל מיט די בּרילען פון איזראעל זאנגוויל.

פון דאָרט איז ער ארונטערגעפאָהרען קיין אינסטאמבּול, האָט זיך אוועקגעלאָזט אויף אַ רייזע איבּער טערקיי, ער האָט ניט גע־רוהט, בּיז ער האָט בּאקומען אַן אודיענטץ בּיי דעם סולטאן אבּדול האמיד.

אַן אויפנאהמע האָט הערצל בּאקומען א קעניגליכע, ער איז אויפגענומען געוואָרען ווי א געזאלבּטער פון דעם פאָלק ישראל, דער סולטאן האָט הערצלען בּאוויזען זיינע אוצרות, און עס איז איהם געגעבּען געוואָרען אָנצוהערעניש, אַז דער סולטאן איז גרייט מיט דער צייט צו גיבּען אידען אַ געזעצליכען שטר מכירה, אויף ארץ ישראל פאר אַ בּאשטימטען פּרייז.

איידער הערצל האָט זיך צוריקגעקעהרט האָט ער בּאקומען דערלויבּעניש צו בּאזוכען ארץ ישראל, אין אָנהויבּ פון דעם יאָהר הונדערט, און פּונקט ווי יהודא הלוי, דער גרויסער שפּאנישער דיכטער, איז הערצל צוגעפאַלען צו דער הייליגער ערד, זי געקושט און געהאַלזט, און ווען הערצל איז צוגעקומען צו דער כותל מערבי, און דערזעהן ווי די אומגליקליכע, פארצווייפעלטע פרומע אידען שטעהען אין זייערע טלתים, און גיסען אויס זייערע

שווערע, ביטערע הערצער, האָט הערצל אויסגעטאָן זיינע לעדערנע שיך, און זיך אוועקגעשטעלט אויף די קניע ווי א קינד פון דעם אידישען פאָלק, און ער האָט פארגאסען הייסע זודיגע טרערען און געמורמעלט שטיל א תפלה צו דעם אלמעכטיגען:

— גאָט אלמעכטיגער, דיין פאָלק ישראל איז דאָך ניט מעהר קיין געצענדינער, זיי בוקען זיך ניט פאר געטער פון האָלץ און שטיין, און אויב זיי שטעהען נאָך אָלץ ביי דער וואנט, וואָס אפילו טיטוס און נבוכדנצר האָבען ניט געקענט איינגאנצען פארניכטען, זיינען מיר דאָך אן אייביג פאָלק, מוזען מיר דאָך זיך אמאָל צו-ריקקעהרען אין דעם הייליגען לאנד, בעט איך ביי דיר, שטאַרקער גאָט, גיב מיר געגוג קראפט און מוט, אז איך זאָל נושא חן זיין ביי די מלכים פון דער וועלט, אז איך זאָל קענען זיין א מליץ יושר פאר דיין פאָלק ישראל, אז איך זאָל זוכה זיין צו זיין דער וואָס וועט זיי צונויפזאמלען פון אָלע עקען פון דער וועלט, און זיי העלפען איבעררייסען מיט דעם גלות, ווייל זייער איינציגע רע-טונג און האָפנונג ליגט אין דעם הייליגען לאנד, וואָס דער נביא האָט זיי אמאָל צוגעזאָגט:

„והיה באחרית הימים! און עס וועט אמאָל קומען א צייט!”

די נייעס אז דאָקטאָר הערצל איז געקומען קיין ארץ ישראל, האָט זיך צוטראָגען בליץ שנעל, צווישען די חלוצים און צווישען די ארבייטער אין די וויינקעלערען, די שומרים האָבען גענומען יובלען און בלאָזען מיט די האָרנס און שופרים, מען האָט אָנ-געהויבען זינגען און טאנצען, מען האָט דעם טאָג געווארפען די ארבייט און דערקלעהרט אַ חג העם, א פאָלקס יום-טוב.

שומרים און קאָלאָניסטען זיינען איהם געקומען באגעגנען מיט אויסגעשפרייטע טעפיכער און מיט בלומען, און קינדער פון די ערשטע מושבים זיינען ארויסגעקומען מיט ציטיגע פרוכט, די קינדער האָבען געשטראלט ווי די זון אין פריהלינג, זיינען איהם געקומען אנטקעגען און האָבען אומשולדיג צו איהם געשמייכעלט:

— דו ביזט שעהן ווי דער צעדערבוים, און דיר פאסט צו זיין אונזער מלך, זאמעל צונויף די פארטריבענע און פארוואָגעלטע פון אונזער פאָלק, ברייננ זיי אריין אין די טויערען פון ציון און ירושלים, און מיר וועלען דיך זאלבען פאר אונזער מלאך מושיע, פאר דעם מלך המשיח!”

ווי א קליין קינד איז דער גרויסער חלומ'ער, דער גרעסטער פון אלע צייטען אין אונזער געשיכטע, געפאלען ווידער אויף די קניען, האט צוזאמענגעבראכען פון פארעהרונג און פארגעטערונג צו די אידישע קינדער, דעם ערשטען מאל אין זיין לעבען האט ער געזעהן פרייע לעבענסלוסטיגע אידישע קינדער אהן א שאטען פון גלות, אהן פחד אין זייערע הערצער, אהן מורא און שרעק אין זייערע אויגען.

הערצל האט פארשטאנען אז אויב עמיצער האט געלייענט זיין „יודענשטאט", האט דאס ארץ ישראל געלייענט און איבערגע-לייענט מעהר ווי איינמאל, און האט דאס אויך פארגעליינט פאר אנדערע. ווייל ארץ ישראל לעבט עס דורך, האט עס אריינגענומען אין די בלוטען.

לאנג איז הערצל געבליבען ליגן מיט'ן פנים צו דער ערד אין ראשון לציון, און ווען ער האט זיך אויפגעהויבען, איז זיין פנים געווען איינגאנצען בלאס, אהן א טראפען בלוט אין געזיכט, און שלאנק ווי א צעדער האט ער זיך אויפגעשטעלט, האט אנגע-שטריינגט זיין בליק צו דעם בארג כרמל, האט אויפגעהויבען זיין רעכטע האנט, און אין דעם גרעסטען עקסטאז האט ער אויסגערו-פען:

„אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני! אויב איך וועל דיך פאר-געסען, ירושלים, זאל מיין רעכטע האנט פארגעסען מיר צו דינען!"

גרויס און קליין, קינד און קייט האט זיך געשטעלט אין א רייהע, אנטקעגען דעם מזרח, און פון אלעמענס בריסטען האט זיך ארויסגעריסען א שאלענדיג געזאנג — די שבועה:

מיר שווערען, מיר שווערען, מיר שווערען!
א שבועה פון בלוט און פון טרערען,
אז הימעל און ערד זאל אונז הערען,
און עדות, די ליכטיגע שטערן!"

איציקל דעם שוחט'ס און חיה שרה, האבען ארויסגעבראכט זייער אינגעלע, דעם בכור, וואס איז דער ערשטער ביי די בילו'-צעס געבוירען געווארען אין ראשון, און דאס אינגעלע בן יצחק,

וואָס האָט ניט גערעדט קיין אנדער שפּראַך ווי נאָר עברית, האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען:

— יחי אדון הערצל, יחי מלך מושיע ישראל!

אַלע פאַרזאַמעלטע זיינען מיטגעריסען געוואָרען, און האָבען ניט אויפגעהערט צו יובלען:

— הידד, יחי אדון הערצל! הידד!

הערצל׳ס האַרץ האָט זיך געריסען. ער איז געווען דערפרייט צו זעהן שוין עטליכע אידישע משפּחות אין ארץ ישראל, אָבער ער האָט זיך דערמאָנט אז דאָס גאַנצע אידישע פאָלק איז נאָך צו־שפּרייט איבער אַלע עקען וועלט. דערפון האָט איהם דאָס האַרץ געקלעמט און ניט געגעבען קיין רוה.

דערווייל האָט ער זיך דערמאָנט, אַז איידער ער איז אוועקגע־פאָהרען פון וויען האָט זיך צו איהם באוויזען אַ אידישער דיכטער פון גאַליציען, אַ מענש מיט אַן אָדלער נאָז, און מיט פארחלומטע אויגען, צואוואַרפענע לאָקען איבער די אקסלען, איינגאַנצען עפּעס אַ אידישער טרובאַדור, נפתלי הירץ אימבער, און ער האָט איהם דאַמאָלס איבערגעלאָזען אַ העברעאישען שיר, און איהם פאַרזי־כערט, אַז ער האָט דאָס געשריבען לכבוד דעם ערשטען ציוניסטי־שען קאָנגרעס, וואָס דאַרף איינגיכען פאָרקומען אין באזעל, שווייץ.

אַלע האָבען זיך פאָרגעשטעלט אז דאָקטאָר הערצל, דער וויענער, קען איינגאַנצען ניט קיין העברעאיש און ניט קיין אידיש, אָבער ווי איבערראַשט זיינען זיי געוואָרען, ווען ער האָט גענומען פאַר זיי זינגען די „התקוה״, אין איהר העברעאישען אָריגינאַלען טעקסט, און ער האָט זיי באוויזען די אידישע נאַציאָנאַלע הימנע אָפּגעדרוקט:

— כל עוד בלבב פנימה
נפש יהודי הומיה,
ולפאתי מזרח קדימה
עין לציון צופיה!
עוד לא אבדה תקותינו,

התקוה הנושנה,

לשוב לארץ אבותינו,

לעיר בה דוד חנה!

ווען ער האָט זיך געדארפט זעצען אויף דער שיף צוריק, איז דער גאנצער ישוב ארויסגעקומען זיך מיט איהם געזעגנען. מען איז הערצלען געקומען אַרויסבאַגלייטען מיט בלומען און מיט פרוכט, מיט וויין און מיט תבואה, מטוב הארץ, האָבען איהם גרויס און קליין ארויסבאגלייט און זיינע לעצטע ווערטער ווי זיינע לידער זיינען איבערגעזונגען געוואָרען, ביז די שיף האָט זיך אָפּ-גערוקט, אין דער לופטען האָבען זיך נאָך געהערט זיינע הארציגע פאר׳חלומטע ווערטער:

— לשנה הבאה בארץ ישראל!

## דער גלות משיח אין לאָנדאָן

דערנאָך איז הערצל געקומען קיין לאָנדאָן נאָכאמאָל. ער האָט געוואוינט ביי מאקס נאָרדוי, וועלכער האָט איהם געגעבען אַ בריף צו זאנגנוויל׳ן, האָט שוין זאנגוויל אָנגעהויבען טאָן אלץ אין דער וועלט הערצלען צו פארגרינגערען זיין שליחות, אז הערצל זאָל זיך קענען טרעפען אין לאָנדאָן מיט די איינפלוסרייכסטע שטאטסמענער, אידישע און ניט אידישע.

אין לאָנדאָן זיינען געלאָפען טעלעגראמען צו קוירנעל גאָלד-סמיטה, קיין קארדיף און באלד איז געקומען אן איינלאדונג אין דעם מאקאבייער קלוב, פאר א קבלת פנים, דערנאָך האָט ער זיך געזעהן מיט דעם טשיף ראביי, (רב הכולל) און מיט סער מאָנטעגיו, נייטען דזשאָזעף, און עלקין אדלער.

די גאַנצע פּראָמינענץ אין ענגלאנד איז געווען אינטערעסירט אין איין זאַך, און דאָס איז, צו זעהן באאיינפלוסען רויטשילד׳ן אין הערצל׳ס פּלענער.

מיטאמאָל איז אָנגעלאָפען א צייט, ווען די ענגלישע רעגירונג, אויף דער פאָדערונג פון פארלאמענט, האָט באשלאָסען צו שאפען נייע רעגולאציעס צו באשריינקען די אימיגראציע, דאָס האָט גע-

מיינט אַז דאָס ערשטע וואָלט דאָס נייע געזעץ געטראָפֿען די אידען פון רוסלאַנד און פון פוילען.

הערצל'ס פריינט האָבען געזוכט צו באאיינפלוסען די קאָמי-סיע אַז זי זאָל איינלאַדען הערצלען און הערען זיין בליק אויף דער פראַגע.

הערצל איז איינגעלאַדען געוואָרען, און אין דער קאָמיסיע האָט ער זיך באַקאַנט מיט לאָרד רויטשילד'ן. אויך רויטשילד איז געווען אַ מיטגליד אין דער זעלבער קאָמיסיע, און ער האָט איינ-געלאַדען הערצלען צו זיך אהיים.

די באַזוכען זיינען געווען העפליכע, פריינטליכע, און נאָך עטליכע באַזוכען האָט הערצל ענדליך געמאַכט אַ שמועס מיט לאָרד רויטשילד וועגען ארץ ישראל און זיינע פּלענער.

— אונטער ענגלישער הערשאַפט בין איך געגען אַ אידישען שטאַט אין ארץ ישראל, — האָט דער אידישער לאָרד איהם גע-ענטפערט, — זעהט איהר, אונטער טערקישער הערשאַפט, וואָלט איך געווען צופרידען.

רויטשילד האָט גוט געוואוסט, אַז אידען ווערען פאַרפאָלגט אין רוסלאַנד און רומעניען, און אַז די נייע רעגולאַציעס פון ענג-לאַנד וועלען אידען טרעפען זעהר שווער.

דאָס האָט הערצלען צוגעשפּילט, און דעריבער האָט ער רויט-שילד'ן געוואונען אויף זיין זייט.

דער פּלאַן פאַר קאָלאָניזאַציע איז פאָרגעבראַכט געוואָרען פאַר טשעמבערליינען און פאַר לענדסדאַונען, ער האָט באַקומען זייער שטיצע און מיט איינפלוס פון איזראַעל זאַנגוויל און דזשאָזעף קאָווען, די גאָווערנאָרס פון דעם קאָלאָניאַל טראָסט, איז הערצל געווען אויף דעם וועג צו דערפאָלג.

עס איז געווען אַ פראַגע פון זעקס מיליאָן.

די יק"א האָט געגעבען צוויי מיליאָן, און עס האָט אויסגע-זעהן, אַז די איבעריגע פיר מיליאָן וועלען קענען לייכט געשאַפען ווערען.

א קאָמיסיע איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אויסצופאָרשען דעם געגענט, אין דער קאָמיסיע זיינען אריין אזעלכע פּראָמינענטע מע-נער ווי קוירנעל גאָלדסמיטה, פּראָפעסאָר לובארט, דער באריהמ-טער אגראָנאָם גרינבערג, פון דער „מאקאבעען," און פּראָפעסאָר מארמאָרעק.

הערצל האָט גרינבערג'ן אָנגעזאָגט, ער זאָל בלייבען דאָרטען און אָפּווארטען ביז די קאָמיסיע וועט קומען צוריק קיין לאָנדאָן, כדי אז מען זאָל איהם קענען לאָזען וויסען אז ער איז באַפול-מעכטיגט אויסצומאכען די געזעצליכע פּאפּירען און שליסען דעם אָפּמאך.

אָבער גרינבערג האָט ניט אויסגעפאָלגט הערצלס אינטרוק-ציעס, ער איז באלד צוריק געפאָהרען, און אויף זיין רייזע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין וויען, און האָט געוואָלט זיך זעהן מיט הערצלען, נאָר הערצל האָט זיך אָפּגעזאָגט איהם אויפצונעמען, אזוי בייז איז הערצל געוואָרען. דאָס האָט גרינבערג'ן אויך אריינ-געבראכט אין כעס, וואָס האָט אפשר געפיהרט דערצו, אז דער גאַנצער גאנג פון דער אידישער געשיכטע איז אָפּגעקירעוועט גע-וואָרען צום ערגערען און געבראכט זעהר טרויעריגע רעזולטאטען פאר דעם גאנצען אידישען פאָלק איבער דער וועלט.

זאנגוויל און אנדערע האָבען געפאָדערט פון גרינבערג'ן, ער זאָל צוריקפאָהרען קיין עגיפּטען, נאָר מען האָט עס שוין ביי איהם ניט געקענט פּועלען. הערצל אַליין איז אָפּגעפאָהרען קיין קאאיראָ.

עס איז שוין אָבער פון די פאַרהאנדלונגען גאָרניט געוואָרען, די עגיפּטישע רעגירונג האָט ניט געוואָלט דערלויבען מען זאָל באַ-ציהען וואסער פון דעם נילוס, טענה'נדיג, אז דער נילוס האָט ניט גענוג וואסער. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די ענג-לישע רעגירונג האָט געגעבען אַ וואונק צו עגיפּטען, אַז זי זאָל ניט געבען די דערלויבניש צו באציהען וואסער, ווייל די ענגלישע רעגירונג האָט געפיהלט, אַז אויב אידען וועלען זיך אַוועקזעצען אין סיני, וועלען זיי שוין געפינען מיטלען ווי אזוי צו שאפען וואסער.

אין דער אייגענער צייט, ווען די אידישע קאָמיסיע איז גע-גאנגען קיין עגיפּטען, איז טשעמבערליין געפאָהרען קיין איסט

אפריקאַ, און אזוי ווי טשעמבערליין האָט געהאט א געהויבענע מיינונג וועגען הערצלען, האָט ער דאן דערפיהלט די מעגליכקייט צו פאראינטערעסירען הערצלען אין דעם אוגאנדא פּלאַן אין מזרח אפריקא. צוליב אוגאנדא האָט טשעמבערליין אליין צושטערט דעם פּלאַן פון קאָלאָניזאציע פון עגיפּטען אויף סיני.

אין דער צייט, ווען הערצל׳ס „יודענשטאאט" האָט אָנגעהויבען ווערען פארשפּרייט אין אַ בראָשורע, איז דאָס ווערק אַריינגעפּאַלען צו דאָקטאָר מתתיהו בירענבוים, וועלכער האָט אין יענער צייט געשריבען אונטער דעם נאָמען „אחר."

מתתיהו אחר, ווי מען האָט איהם שפּעטער גערופען, איז ווי משה לייב לילינבלום אין דער יוגענט, געוועזן אַ משכיל, און האָט באקעמפט אַלץ וואָס איז אידיש, אָבער אין די שפּעטערדיגע יאָהרען זיינען ביידע געוואָרען פייערדיגע חובבי ציון, און האָבען זיך גענומען ווידמענען דער אידישער קולטור, דער ליטעראטור און דעם ציוניזם.

ווען אוסישקין האָט זיך אין וויען געטראָפען מיט׳ן דאָקטאָר בירנבוים, האָט ער אוסישקינען אַ זאָג געטאָן:

— גייט באזוכט דעם יונגען הערצלען, עס איז זעהר וויכטיג, איהר וועט אויסגעפינען, אַז דאָס איז זעהר אן אינטערעסאנטער יונגערמאן.

אוסישקין האָט נאָך אַלץ זיך ניט אונטערגעגעבען, און האָט געטענה׳ט:

— בלויז דערפאר, ווייל ער איז אן אינטערעסאנטער יונגערמאן, איז נאָך פאר מיר ניט גענוג זיך צו גיין באקענען מיט איהם.

איז דאָקטאָר בירנבוים אוועק צו הערצלען, און האָט איהם דערציילט, אַז אוסישקין געפינט זיך איצט אין וויען.
הערצל האָט זיך דערפרייט, און אויסגערופען:

— איך וועל גיבען אַ קארטעל מיט אן איינלאדונג, אז ער זאָל מיך באזוכען.

אין דעם קארטעל האָט הערצל געשריבען צו אוסישקינען:

— איך האָב אזוי פיל געהערט וועגען אייך, מען זאָגט מיר,

אז איהר זייט איינער פון די טיכטיגסטע אַרבייטער פאר ציון, אַ זאַך אין וועלכער איך בין לעצטענס זעהר שטארק אינטערעסירט.
— בעט איך אייך, אז איהר זאָלט זיין אַזוי פריינטליך, און קומען מיך באזוכען, היינט ארום פינף נאָכמיטאג.

מיט דרך-ארץ,

טעאָדאָר הערצל."

דאָקטאָר בירענבוים האָט א זאָג געטאָן צו אויסשקינען:

— געוויס וועל איך מיטגיין מיט אייך.

צו דער באשטימטער צייט זיינען זיי ביידע געקומען צו הערצלען.

דורך אַ טונקעלען פאָיער האָט א דינסט זיי אריינגעפיהרט צו הערצלען, אין זיין סטודיאָ, און ביי דעם ערשטען אָנבליק האָט הערצל אוסישקינען געוואונען.

— איך בין זעהר צופרידען אייך צו קענען און רעדען מיט אייך, — האָט הערצל איהם ווארעם געדריקט די האנט — איך האָב אַזוי פיל געהערט וועגען אייך.

— זיכער ניט מעהר וויפיל איך האָב וועגען אייך געהערט, — האָט אוסישקין איהם געענטפערט.

הערצל איז גלייך אריבערגעגאנגען צו דעם ענין ארץ ישראל, און האָט אַ פרעג געטאָן:

— און וואָס דיינקט איהר וועגען מיין „יודענשטאאט?"

— אז איך בין איינפארשטאנען מיט דער אידייע, דארף איך דאָך אייך ניט זאָגען, האָט אוסישקין א זאָג געטאָן, און ווייטער גערעדט:

— דאָס איז דאָך פארשטענדליך פון מיין אָנגעהעריגקייט צו די חובבי ציון, — ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— אָבער, — האָט הערצל געוואָלט הערען ווייטער.

— וואָס עס איז שייך צו רעאליזירען דעם פּלאַן, וועגען דעם

לאזט זיך אסאך רעדן. מע דארף נאכדיינקען, עס זיינען דא אסאך זאכען געגען וועלכע איך האב אויסצוזעצען.

הערצל האט גלייך גענומען פארטיידיגען זיין ווערק.

— איך בין איבערצייגט, אז אויב די אייראפעאישע מעכטע, וועלען אונז גיבען זייער שטיצע, וועט פאר אונז זיין לייכט צו קריגען אין קאנסטאנטינאפאל די צושטימונג פאר אונזער פלאן. אזוי גיך ווי מיר האבען די הסכמה צו אונזער פלאן, וועלען מיר ניט האבען קיין שוועריגקייטען צו קריגען דאס געלט אין לאנדאן, וואוהין איך קליב זיך אינגיכען צו פאהרען. די פראגע איז נאר — האט הערצל באזארגט א זאג געטאן: — צי האבען מיר גענוג אידען וועלכע וואלטען געקענט זיין גוטער מאטעריאל פאר קאלא-ניזאציע, און צי וואלטען זיי וועלען עמיגרירען?

— הער דאקטאר, — האט אוסישקין געשמייכעלט פון הערצל׳ס נאאיוויטעט און פון זיין ניט וויסען די אמת טראגישע לאגע פון הונדערטער טויזענדער אידען וואס זיינען שוין דאן געווען גרייט צו לויפען אינמיטען דער נאכט קיין ארץ ישראל.

איך וועל אייך גאראנטירען צוצושטעלען אזוי פיל אידען ווי איהר וועט נאר קענען קאלאניזירען, כאטש עס וועט זיין א מאנגעל אין טראנספארטאציע מיטלען.

פון הערצלען האט אוסישקין זיך דעם ערשטען מאל דער-וואוסט, אז מאקס נארדוי אין פאריז איז א איד און טאקע ציוניסט.

הערצל האט איינגעלאדען אוסישקינען ער זאל מיט איהם מיטפאהרען קיין לאנדאן, אבער ער האט זיך אפגעזאגט:

— קיין ענגליש רעד איך ניט, איך קען זיך דארט מיט קיינעם ניט.

אוסישקין און הערצל זיינען פון יענער באקאנטשאפט צוגע-קלעפט געווארען איינער צום צווייטען.

ווען בירנבוים האט שפעטער גענומען ריידען מיט אוסישקינען, האט אוסישקין א זאג געגעבען:

— יא, מיר דארפען איהם זעהר פאר דעם ציוניזם, ער איז

א באצויבערענדע פערזענליכקייט אָבער זעהר א נאאיווער נאָך, ער קען נאָך ניט אונזערע אידען. ער מיינט אז מיר האָבען נאָר צו באקעמפּען אויסערליכע שוועריגקייטען, וואָס עס טוט זיך ביי אונז אינוועניג, ווענגען דעם צום באדויערען, ווייסט ער גאָרניט, אָבער אפשר איז געזונטער פאר איהם אזוי, מען טאָר איהם ניט עפנען זיינע אויגען, וועט זיין גלויבען אין ציוניזם זיין נאָך שטארקער.

אין פאריז האָט אוסישקין געפונען א קליינע גרופּע, אָנגעפיהרט פון איינעם מאירסאָן, די גרופּע האָט זיך גערופען „די פּאַלעסטינער יוגענט,” און איז געשטיצט געוואָרען פּון דר. ווייץ, וועלכער איז דערנאָך געוואָרען א דירעקטאָר פון דער יק"א אין זכרון יעקב.

נאָך דער באגעגניש איז פאָרגעקומען דער ערשטער קאָנגרעס, און געשטיצט איז הערצל געוואָרען פון מאקס נאָרדוי, פון מאנדעלשטאמען, פון די ברידער מארמאָרעק, פון גרינבערג'ן, פון וואָלפסאָנען, און פון אוסישקינען אליין.

ווי פון הימעל ארונטערגעשיקט, ווען אידיש בלוט האָט זיך געגאָסען ווי וואסער, א פאָלק איז געלעגען געשמידט אין אייזערנע קייטען, ארומגערינגעלט פון פאָבעדענאָסצעוו'ן, פון פאָן פלעווען, פון קרושעוואנען, און פון אלע בייזע גייסטער פון דער וועלט.

אָבער ווען ער איז אריינגעקומען אין יענער היסטאָרישער נאכט, צעהן אַ זייגער, זיך אויפגעשטעלט און געהאלטען די גרויסע, ערשטע, היסטאָרישע רעדע, האָט ער אפילו נאָרדויען, אוסישקינען, וואָלפסאָנען און מאנדעלשטאמען פארטונקעלט.

ניט קיין ערדישער מענש האָט ער אויסגעזעהן, אויף דער טריבונע, נאָר א משיח, וועלכער איז געקומען צוצורייסען די גלות-קייטען, און אָנזאָגען די גרויסע בשורה:

— די שעה פון דערלייזונג פאר אונזער פאָלק האָט געשלאָגען, עס איז די העכסטע צייט צו נעמען דעם גורל פון דעם פאָלק אין אונזערע אייגענע הענט, דאָס אידישע פאָלק מוז און זאָל באפרייט ווערען!

דעלעגאטען פון פארשיידענע לענדער האָבען זיך ארומגע-

כאפט, זיך געהאלזט און געקושט. פרעמדע זיינען זיך נאָהענטע געוואָרען, און אלע האָבען דערפיהלט ,אַז זיי לעבען אין א גרויסען היסטאָרישען מאָמענט, עס איז דער אָנהויב פון א באוועגונג אַרויסצופיהרען אַ פאָלק פון גלות. דער פונדאמענט איז געלעגט געוואָרען יענעם אָוועגט פאר א גרויסער נאציאָנאלער באוועגונג, אויסצולייזען ארץ ישראל, און צו באפרייען דאָס אידישע פאָלק פון א שווערען גלות!

דערנאָך איז ארויסגעשפרונגען דער גאליציאנער דיכטער, ווע-מען הערצל האָט שוין געקענט פון פריהער, און מיט הערצל'ס דערלויבעניש האָט ער אָנגעהויבען זינגען דאָס ליד, וואָס איז זינט יענעם אָוועגט געוואָרען אונזער אידישע נאציאָנאלע הימנע:

## התקוה!

— כל עוד בלבב פנימה
נפש יהודי הומיה,
ולפאתי מזרח קדימה
עין לציון צופיה.
עוד לא אָבדה תקותינו,
התקוה הנושנה,
לשוב לארץ אבותינו,
לעיר בה דוד חנה!

הערצל האָט דעם דיכטער געכאפט קושען פון פרייד, די ארץ ישראל'ער דעלעגאציע, וואָס איז באשטאנען פון בערל איינבינדער און איציקל דעם שוחט'ס האָבען דערקענט דאָס ליד, וואָס הערצל האָט פאר זיי געזונגען אויף זיין באזוך אין ראשון לציון, זיי האָ-בען דעם דיכטער אריינגערופען צו זיך אין צימער פון זייער האָטעל, און האָבען מיט איהם די גאנצע נאכט ניט אויפגעהערט צו טרינקען כרמל וויין און זינגען:

— עוד לא אָבדה תקותינו!

# אין מאַריסוויל

דער פּלאַן צו מאַכען פון מאַריסוויל אַ קאָלאָניע אויף קאָאָפּע-ראַטיווע יסודות האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין אַ גרויסער דורכ-פאַל.

יאָסל און יוחנן האָבען די כוחות געשטרעקט, אָבער מענשען זיינען ניט איינגעוואוינט צו האָבען איינזעהעניש מיט אנדערע, און ווילען זיך מיט זיי ניט רעכנען.

די גייסטיגע פּיהרערשאַפט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו יוחנ'ן, אָבער ווען איינער האָט געוואָלט מען זאָל מיט די קינדער לערנען אידיש, האָט דער אנדערער געוואָלט נאָר העברעאיש.

די ראַדיקאַלערע האָבען געטענה'ט:

— וואָס זיינען מיר גרינהאָרנס, וואָס דאַרפען מיר אונזערע קינדער לערנען אידיש? צו וואָס דאַרפען זיי דאָס?

אין דער קאָלאָניע זיינען געווען אַ צאָהל סאָציאַליסטען, וואָס אין יענער צייט האָבען זיי געזעהן די לייזונג פון דער אידען פּראַ-גע אין דעם סאָציאַליזם וואָס זיי האָבען געמיינט, אַז ער שטעהט שוין אויף דער שוועל, דער סאָציאַליזם מוז און וועט קומען, איז געווען אַ גאַנץ געוויינטליכער לאָזונג ביי אַזעלכע סאָציאַליסטען אין יענער צייט. אַזעלכע זיינען אינגאַנצען געווען געגען אידישער בילדונג.

ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע פון דעקאָרירען דאָס צי-מער מיט בילדער, אַ צימער וואָס האָט געזאָלט באַשטימט ווערען פאַר אַ ביבליאָטעק, און מען האָט אויפגעהאַנגען אַ בילד פון קאַרל מאַרקס און פון באַקונין, האָט יוחנן אין יענער צייט באַקומען צו-געשיקט זעהר אַ שעהן בילד פון דאָקטאָר טעאָדאָר הערצל, איז דאָס בילד אויפגעהאַנגען געוואָרען אויף דער וואַנט אנטקעגען דעם בילד פון קאַרל מאַרקס.

— וואו זיינען מיר, אין ציון? וואוהין שלעפּט מען אונז צו אַל די גוטע יאהר, האָט אַ קאָלאָניסט זיך צושריען, און ער האָט נאָך צוגעגעבען:

היינט וועט איהר דאָ אויפהייַנגען הערצל'ס בילד, מאָרגען קען

זיך איינעם פארוועלען אויפהייננען א בילד פון דעם ווילנער גאון, אָדער גאָט ווייסט פון וועמען!

האָט שוין יאָסל זשיטניקער ניט געקענט פארטראָגען און אויס־גערופען:

— עס געפעלט אייך ניט, וועט מען אייך ארויסצאָהלען, און ארויסלאָזען פון דעם געשעפט!

— אָבער וואו איז טאָלעראנץ — האָט יוחנן זיי געוואָלט גי־בען צו פארשטעהן. — אז איהר נעמט זיך געוויסע רעכט, דארפט איהר די זעלבע רעכט דערלויבען אנאנדערען! איהר פארעהרליכט קארל מארקס, דעריבער טאָר אנאנדערער ניט פארגעטערען דאָק־טאָר הערצל, הא?

— הערצל איז ניט קיין סאָציאליסט, און ער וויל פארשלעפען די אידען אין א מדבר אריין, — האָט אנאנדערער געגאָסע גענומען זיך היצען.

יוחנן האָט געזוכט גיבען צו פארשטעהן די מיטגלידער, און ער האָט געטענה'ט:

— מיר זיינען אידען און מיר זיינען סאָציאליסטען, קענען מיר ניט זיין עפּעס אנדערש ווי ציוניסטען סאָציאליסטען, — אָבער די געגנער האָבען ניט געוואָלט הערען, און האָבען געשריען:

— מיר זיינען נאָך ניט פארטיג, מיר וועלען ברייננען רעדנער פון נויאָרק, מיר וועלען אייך ווייזען וואָס פאר א סאָציאליסטען איהר זייט, מיט הערצל'ס בילד אין ביבליאָטעק!

— זינגען וועט די געשיכטע, האָט יוחנן געשמייכעלט. — עס איז אפשר נאָך צו פריה צו זאָגען נביאות, אָבער דערוויל איז די לאָגיק מיט אונז. דער סאָציאליזם פסלט ניט קיינעמס נאציאָנא־ליטעט, פארוואָס זשע זאָלען אידען זיין ערגער פון אנדערע נא־ציאָנאליטעטען, אז אן אינטערנאציאָנאל באשטייט דאָך פון מיט־גלידער פון פארשיידענע נאציאָנאליטעטען, אז אנדערש קען דאָך דאָס גאָר קיין אינטערנאציאָנאל ניט זיין!

פון אזעלכע קלייניגקייטען האָבען זיך אָנגעהויבען די רייסע־רייען אין מאָריסוויל, אָבער ווען עס איז געקומען צו אָנהויבען

לערנען די קינדער, האָבען די עלטערען ווידער זיך אָנגעהויבען רייסען.

איינציגע האָבען געוואָלט אידיש און העברעאיש, האָבען אַנ-דערע נאָר געוואָלט א סאָציאַליסטישע סאָנדעי סקוהל, אָבער קיין אידיש און העברעאיש איגנאַנצען ניט. צען פאמיליעס האָבען גע-גרינדעט א סאָנדעי סקוהל, און האָבען געלערנט די קינדער נאָר סאָציאַליזם, און איידער דאָס ערשטע יאָהר איז אריבער האָבען אַנדערע טראַנספערירט זייערע הייזער און די גערטנער צו קרים-טען, און אזוי איז צושטערט געוואָרען א שיינער חלום אין מאָ-ריסוויל, וואָס האָט געזאָלט ווערען א מוסטער פון א אידישען דאָרף און איז גאָר געוואָרען א שטעטעל.

און אז עס האָבען זיך שוין אריינגעצויגען קריסטיליכע שכנים צווישען אידישע פאמיליעס, האָט זיך באַלד אָנגעהויבען פיהלען אז עס שמעקט שוין אין מאָריסוויל אויך מיט גלות, און טאָמער האָט זיך איינעם פארגלוסט שפּעט אין אָוונט צו זינגען, האָט מען פונקט ווי אין דער גרויסער שטאָדט דערהערט א קלאַפּ אָדער א געשריי:

— שאָט אַפּ: זייט שטיל!

איינמאָל האָט שוין אפילו איינער געוואגט און אויסגעשריען זיך זידלענדיג:

— איהר שמוציגע אידען!

האָט יאָסל זשיטניקער מיט וויטאָג באמערקט:

— נו, איצט, וועלען מיר זיין שוין אין א מאָריסווילער גלות! זיי דארפען נאָך נאָך א פּאָר מאָל א געשריי טאָן „שמוציגע אי-דען,״ דאָס איבעריגע קומט שוין אליין!

יוחנן האָט אָפּגעזיפצט, און א זאָג געגעבען

— פון מאָריסוויל וועט שוין אפּנים, ווי מיר ווייזט זיך אויס, קיין ליט ניט זיין!

יאָסל האָט זיך געערגערט :

— ניט אזוי האָב איך געמיינט, ניט צוליב דעם האָב איך גע-

אַרבייט אַזוי שווער, אַז אַן איירישמאַן זאָל מיר אונטער מיין פענסטער פאַרוועהרען צו זינגען און זאָל מיר שרייען „דו שמוצי-גער איד!" אַזעלכע כיבודים האָב איך דאָך אין זשיטאָמיר אויך גע-קראָגען. איז צו וואָס בין איך געלאָפען קיין אַמעריקאַ? צו וואָס זשע נאָך האָב איך זיך געדאַרפט שלעפּען פון ריווינגטאָן סטריט? דאָרט בין איך דאָך כאָטש געווען צווישען אידען! אמת, ביי דעם רב הכולל'ס לויה האָט מען אין נויאָרק אויך געוואָרפען שטיינער. — יאָסל האָט ווידער זיך פאַרזאָרגט:

— בקיצור, קינדער, דאָס געפעלט מיר ניט!

דערנאָך איז די רביצין אַריינגעקומען, האָט אַריינגעבראַכט בתיה'ן עפּעס עסען, דער רב איז אַריינגעגאַנגען אין צווייטען צימער.

אין צווייטען צימער האָט יוחנן אָנגעפיהרט מיט א קלאַס, און ער האָט ביי די קינדער געהייסען דער „היברו טיטשער."

ווען דער רב איז אַריינגעקומען האָט ער געהערט ווי יוחנן האָט א רוף געטאָן אסתר'ן:

— אסתר, די קינדער ווילען אָנקוקען די נייע „בייבי". וויז זיי די בייבי אויף איין מינוט, היינט מעג מען שוין!

אסתר, אויסגעפּוצט אין דער יוניפאָרם פון א באַרמהערציגער שוועסטער, האָט אַריינגעבראַכט דאָס קינד, און געוואָרנט, — אָבער נאָר פון דערווייטענס, און ס'זאָל זיין שטיל, עס זאָל זיך ניט דער-שרעקען!

אַלע קינדער האָבען אַרומגערינגעלט אסתר'ן, זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, און האָבען געמאַכט אַלערליי באַמערקונגען:

— דזשי! — האָט איין אינגעל אויסגערופען פאַרגאַפט, וואונ-פול, דזשאַסט א טייני בייבי!

— מאַי גאַד, — האָט אַנאַנדער אינגעלע אויסגעשריען — דזשאַסט דריי טעג אַלט!

— אַטאַ'באַי! — האָט אַ דריט אינגעל זיך צולאַכט באַגייס-טערט, ווען ער האָט דערזעהן, אַז דאָס קינד האָט געעפענט די אויגעלאַך, און האָט זיך אויסגעגענעצט.

— מיטוואָך וועלען מיר מאכען פאר אלע קינדער, א פּארטי, האָט יוחנן זיי דערציילט, מיטוואָך איז דער ברית, קינדער!

— סוועל, ע פּארטי, סוועל! — איז געוואָרען א גדולה אויף אלע קינדער, און יוחנן האָט זיי געשיקט אהיים.

ווען זיי זיינען געבליבען אליין האָט דער מאָליוועער רב אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב באשלאָסען דיר נאָך איינמאָל זאָגען יוחנן, עס איז אפשר אן עולה, דו פּלאגסט זיך דאָ, אויב שוין יאָ זיין א היברו טיטשער, איז פארוואָס ניט האלטען א רבנות שטעלע, כלע-בען, עס איז מעהר בכבודיג! דיר פעהלט דאָך פּשוט חיונה, זוהן מיינער!

רבי לעבען, — האָט יוחנן אַ זאָג געטאָן, ניט ווי דער מאָליוועער רב וואָלט געוועזן זיין שווער נאָר גלאט א רב, — כך היא א דרכה של תורה, אזוי איז דער שטייגער פון לעבען פאר אזא אידען ווי איך בין, — פּת במלח תאכל, ברויט מיט פּוטער האָבען מיר ברום השם, אַ שטיקעל פון גאָטס פעלד, א ביסעל גרינס פון אייגענעם גאָרטען, אַ ברונים מיט פרישע וואסער אויך, דארף מען ניט זינ-דיגען, בתיה'לע איז צופרידען, איך בין אוודאי צופרידען, איך וויל ניט קיין רבנות, רבי לעבען!

מעהר האָט דער מאָליוועער רב מיט יוחנ'ן ניט גערעדט די אי-בעריגע טעג וועגען קיין תכלית.

צום ברית זיינען געקומען אלע מיטגלידער פון דער גרופּע וואָס האָבען געהאט הייזער און גערטנער, כאָטש עס איז קיין קאָלאָניע אגיף קאָאָפּעראטיווע יסודות ניט געוואָרען אין מאָריסוויל, האָ-בען אָבער אלע געפיהלט, אז יוחנן האָט געמיינט גוט, ער איז געוועזן טאָלעראנט צו אלעמען, האָט קיינמאָל ניט ארויפגעצוואונ-גען זיין געדאנק אויף אנאנדערען.

ביי דעם ברית האָט מען געטרונקען כרמל וויין, מען האָט גע-טאנצט און געהוליעט, דער עיקר האָט יאָסל זשיטניקער אויס-געגעבען די מוזינקע, און שוין זיין אביסעלע פרייליך אויסגעטרונ-קען האָט יאָסל א קוש געטאָן זיין טאָכטער אסתר'ן, און איהר א זאָג געטאָן:

— מזל-טוב דיר אויך, אסתר'ל, איך און די מאמע זאָלען אינ-
גיכען דערלעבען ביי דיר אויף תנאים, אסתר האָט דעם פאָטער א
קוש געטאָן, און איהם צוליב נאָכגעזאָגט — אָמן!

אין זיך האָט זי געטראכט:

— מאָל דיר, אז עס וואָלט געווען ערגעץ נאָך אזא יוחנן, נו,
וואָלט איך זיך אוודאי ניט געלאָזען בעטען, אָבער ווי די זאך איז,
וועל איך זיך שוין בעסער ווארעמען לעבען זייער פייער מיט לי-
בער פריינטשאפט, איידער גלאט נעמען אן אמעריקאנער בחור!

יאָסל זשיטניקער איז געווען א געזונטער דאָרפּס פויער, א
לעבע יונג, אז מען האָט גדארפט האָט ער געארבייט פאר דריי,
נאָר ווען עס איז געקומען צו א שמחה, האָט ער געמוזט א לעב
טאָן, און האָט אלעמען מיטגעריסען.

יאָסל האָט זיך צוזונגען:

— הנה מה טוב, ומה נעים,

שבת אחים גם יחד!

הנה מה טוב,

ומה נעים

שבת אחים שבת אחים

גם יחד !

און וויפיל אידען עס זיינען געווען ביי דעם טיש האָט יאָסל
אלעמען געשלעפּט אין א קאראהאָד, מען האָט זיך פארגעסען, אז
מען זיצט אין אמעריקא צווישען קריסטען!

כאָטש עס איז נאָך געווען פריה אין אָווענט, האָט זיך דאָס
געזאנג איבערגעריסען און דאָס טאנצען האָט מען אויפגעגעבען
אינמיטען, ווען עס האָט זיך מיטאמאל דערהערט א קלאפּ אין טיר
פון דרויסען, דאָס האָט דער ניט אידישער שכן געלאָזט הערען
זיין פּראָטעסט אז אָדער עס געפעלט איהם ניט דאָס געזאנג, אָדער
ער פארגינט גלאט ניט, וואָס הייסט הוליען אין א פּראָסטען
מיטוואָך!

יאָסל איז געוואָרען אַן אויפגערעגטער און האָט געוואָלט ארויס-לויפען און זיך פארפיהרען מיט דעם שכן, אבער אסתר האָט איהם צוריקגעהאַלטען —

— פּאפּא, טייערער, איך בעט דיך, לאָז איהם אָפּ. ווער ווייסט, טאָמער אַן אנטיסעמיט, אפשר עפּעס א נבזה'ניק, נו, פארשטייסט דאָך, א ליטישער קריסט, א שכן, ער ווייסט דרך ארץ, ער האָט דאָך געזעהן א דאָקטאָר אַלע טאָג, ער ווייסט דאָך עס איז דאָ א נייע בייבי, וואָס זשע דען, ער וויל ניט וויסען, איז וואָס ווילסטו איהם לערנען מענשליכקייט, זאָל ער פאַלען מיט'ן קאָפּ אין דער אדמה, פּאפּא!

נאָכדעם ווי אסתר האָט דעם פאָטער פערהאַלטען, און ער האָט זיך אוועקגעזעצט, האָט ער נאָך אַלץ זיך ניט געקענט בא-רואיגען, און א זאָג געטאָן —

— אָבער זאָגט כּאָטש אַליין, א גוי א דבר אחר! זיינען זיך אידען משמח, מען זינגט הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד, דאכט זיך וועמען האָבען מיר געטשעפּעט, האַ? און אז זיי מוזען זיך אָנשיכורען יעדע „וויק-עֶנד", קריגען מיר זיך אויך מיט זיי, און מיר שרייען אויף זיי „יו דוירטי אייריש", האַ? מיר אידען זיינען טאָלעראנט, אפילו צו משומדים! מיר טאָלערירען א וועלט מיט רשעות, ווייל מיר זיינען פאָרט אַ דעמאָקראַטיש פאָלק.

פאר'ן אוועקפאָהרען האָט דער רב זיך געזעהן מיט בתיה'ן און ער האָט איהר אַ זאָג געטאָן:

— מיין עצה איז פאָרט, אז יוחנן זאָל אָננעמען די רבנות שטעלע אין קאָנעטיקוט, איך בין דאָרט געווען אַ פּאָר מאָל, איך קען די אידען זעהר וואוילע, פיינע מענשען, עס וואלט איהם דאָרט זיין גוט ווי די וועלט!

אין עטליכע חדשים ארום האָט יוחנן דערזעהן, אז פון דעם שטעטעל איז געוואָרען אַ דערפעל, עס איז שוין אפילו קיין מנין אידען ניט געבליבען אין מאָריסוויל, און די קריסטען האָבען צו-כאפּט די דירות מיט די שטיקלאך ערד, און זיינען געווען צופרי-דען ארויסצוצאָהלען די אידישע שכנים אבי פון זיי פּטור צו ווערען.

דער מאַליוועֶר רב האָט ארויסגערופען פריהער די טאָכטער מיט דעם קינד, דערנאָך האָט ער אויף מאָרגען טעלעגראַפירט צו יוחנ'ן, און ער איז ארויסגעקומען.

# אין קאָנעטיקוט

ביי דעם מאַליוועֶר רב האָט יוחנן געטראָפען א קאָמיטעט פון וואָטערבורי, וואָס זיינען געזעסען און געוואַרט אויף איהם, זיי האָבען איהם נאָך אַלץ אָנגעבאָטען די רבנות שטעלע.

— אויב דו ביזט מסכים, האָט יוחנן א זאָג געגעבען צו בתיה'ן, איז דאָס שוין אפנים אזא באשערטע זאַך, דער חלום אין מאָריסוויל איז דאָך שוין צורונען געוואָרען, ביי דעם טאַטען אויף קעסט קענען מיר ניט זיצען דאָ אין נויאָרק, נאָך מיט שלום'ן, מו זאָל שוין דער מאַליוועֶר רב האָבען אין מיר אביסעל נחת, ווי ער רופט דאָס! ער האָט זיך דוקא איינגעשפּארט, און וויל דוקא נאָר א רב פאר אן איידעם, זאָל שוין זיין אזוי. בתיה'לע, קענסט זאָגען דעם מאַליוועֶר רב, ער זאָל זיך פאר מיר צושרייבען און אָננעמען פאר מיר דאָס כתב רבנות!

— דער אָפּמאַך איז אַ צופרידענשטעלענדער, — האָט דער רב, וועלכער איז פּונקט אָנגקומען אויף יוחנן'ס רייד, א זאָג געטאָן.

— נו, אויב אזוי בין איך מוכן ומזומן, און זאָל זיין אין א מזל'דיגער שעה! — האָט יוחנן א זאָג געטאָן, און איז אריין צו דעם קאָמיטעט.

יאָסל איז אָנגעקומען און בתיה האָט זיך געוואונדערט:

— וואו איז אסתר? זיך ניט געקומען מיט מיר געזעגנען אפילו!

— אסתר ליגט קראנק, זינט זי איז צוריק אין שטאָדט. איך וויים ניט וואָס איהר איז, האָט יאָסל זיך אנטשולדיגט פאר בתיה'ן.

— די שטאָטישע לופט, מען קען דאָך דאָ דערשטיקט ווערען!

— נו, וואָס דען! האָט יוחנן באמערקט, — נאָכאַלעמען אַ

מענש קומט פון זשיטניק, איז ניט געוואוינט צו דער שטאָטישער אַטמאָספערע, וועט שוין קיינמאָל זיך ניט צוגעוואוינען!

— פארפאלען, דאָס מאָל איז שוין אזוי באשערט, האָט יאָסל באַדויערט, — פאָהרט געזונט, מיר וועלען ארויסקומען צו אייך צוזאמען מיט דעם מאָליוועער רב, ביי דער ערשטער געלעגענהייט.

וואָטערבורי איז אַרויסגעפאָהרען באגעגנען דעם נייעם רב מיט בריטשקעס און מיט פערד און וועגלאך, עס איז געווען אַ גרוי-סער יום-טוב.

דער עלעמענט אידען איז באשטאנען מייסטענס פון אזעלכע וואָס גרינערהייט זיינען זיי געווען פעדלער פון ברוכווארג, אַלטע קליידער, פאפיר, אָבער מיט דער צייט האָבען זיך אַזעלכע אידען ארויפגעאַרבייט, זיינען געוואָרען די בעלי בתים אפילו פון די דע-פּארטמענט סטאָרס, דירעקטאָרען פון די באנק געשעפטען און האָלסייל הייזער.

יוחנן איז געווען רב, אָדער ווי די בעלי בתים האָבען איהם גערופען ראביי, אָבער ער האָט באלד אויסגעפונען, אַז די עטליכע בעלי בתים וואָס האָבען איהם אונטערגעשריבען דאָס כתב רבנות, זיינען שוין פון די עטליכע געציילטע, פארבליבענע, שוין אויף דער עלטער. די מייסטע מיטגלידער זיינען שוין דער צוויי-טער דור, זייערע זיהן און טעכטער, די יונגע מיטגלידער האָבען שוין אויף זייערע עלטערען געקוקט ווי אויף „גרינהאָרנס," זייע-רע קינדער האָבען זיי אין יוחנן'ס העברעאישע שולע, אָדער ווי זיי האָבען דאָס גערופען — „אין היברו," ניט געשיקט, סיידען דאָס קינד האָט אינגיכען שוין געדארפט ווערען בר מצוה.

— ראביי, דזשעקי דארף שוין באלד זיין בר מצוה, זייט אזוי גוט, זעהט ער זאָל קענען די „בראָטשעס" (ברכות) מיט אַ „ספיטש". — אָט דאָס איז געווען אַ געוויינטליכער „אָרדער" פון די טאטעס אָדער מאמעס אין זיין קאָנגרעגיישאָן.

— וואָס קען אייער אינגעל — האָט יוחנן די ערשטע צייט געפרעגט אין אזא פאל, און וואָס זאָל ער קענען.

דערווייל קען ער נאָך גאָרנישט, מען וועט איהם אויסלערנען,

וועט ער קענען ווי אלע קענען, אַ נייעס איז דאָס אויסצולערנען אַ אינגעל בר מצוה?

— אז ביז דרייצען יאָהר האָט איהר איהם גאָרניט געלערנט, היינט ווי קען איך איהם אין עטליכע וואָכען צוגרייטען צו בר מצוה? — האָט יוחנן געפרעגט, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען, יוחנן האָט דעם אינגעל אויסגעלערענט די ברכות, פון קיין מפטיר האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין.

— אפשר ווייסטו צו וואָס מען דאַרף האלטען אַ ראַביי, אז קיין ריכטיגען „ספּיטש" קען ער דאָס קינד ניט אויסלערנען, פרעג וואָס טוט ער די גאַנצע וואָך, וועל דאַרף זיין זיצען און אליין לערנען, דערפאר צאָלט מען איהם געלט?

אַזעלכע רייד זיינען אָנגעקומען צו איהם שוין מעהר ווי איינ־מאָל, און ער איז געוועזען שטאַרק באַזאָרגט, און ער האָט דאָס אָפען ארויסגעזאָגט פאר בתיה'ן:

— איך פארשטיי ניט פארוואָס דער טאַטע האָט מיר פאר'־שדכנט די שטעלע אין וואָטערבורי, ער דאַרף דאָך נאָך געדיינ־קען מיינע קלאסען אפילו אין מאָליוו!

— צום הארצען דאַרפסטו זיך ניט נעמען, — האָט בתיה איהם געזוכט צו באַרואיגען, אָבער יוחנן האָט באַשלאָסען, אז ער וועט פאררופען אַ זיצונג פון זיינע בעלי בתים, די דירעקטאָ־רען און זיך מיט זיי דורכריידען אָפענהאַרציג.

די זיצונג איז פאררופען געוואָרען, און יוחנן האָט אָנגע־הויבען ריידען צו זיי:

— ברידער, איהר וועט אפשר אויף מיר פאָראיבעל האָבען, אָבער איך גיי מיט דעם אמת, ווייל איך אייך זאָגען, אז איך פאר־שטיי ניט ווי אַזוי איהר האָט געקענט אזוי פארנאכלעסיגען אייערע קינדער אַז ביז דעם דרייצענטען יאָהר פון זייער לעבען האָט איהר זיי קיין אידישקייט אינגאַנצען ניט געלערנט, היינט וואָס פאר אַ דור דערוואַרטעט איהר אין דער צוקונפט צו האָבען דאָ אין שטאָט, וואָס פאר אַ אידען קען פון זיי אויסוואַקסען, אַז זיי האָבען ניט דעם מינדעסטען באַגריף ניט אין זייער גע־שיכטע, ניט אין אידישע טראַדיציעס, זיי קענען דאָך אפילו ניט

קיין בלעטעל עברי, ווי אזוי קען איך זיי הייסען אָנטאָן תפלין, אַז זיי קענען אפילו די ברכה ניט מאכען!

באלד האָט זיך אויפגעכאפּט א בעל הבית, און האָט יוחנ'ן ניט געלאָזען ווייטער ריידען:

— דער ראביי וועט מיר „עקסקיוזען," איך בין טאקע ניט קיין „עדזשעקייטעטער" מענש, אָבער די באָיס אונזערע, זיינען אָלרייט, מען וועט זיי לערנען בר מצוה וועלען זיי קענען, מען וועט זיי ווייזען ווי צוזאָגען א ברכה וועלען זיי נאָכזאָגען. דע-רוייף האָבען מיר דאָך אַ געלערענטען ראביי, ער דארף דאָס אינ-געל, דעם „באָי" איהם „פּרעפּיירען" צום ספּיטש מיט דעם — „וואָטשעמיקאָליט," און — דעצאָל!

יוחנן איז געזעסען א פארלוירענער, דעם קאָפּ ארונטערגע-זונקען, ער האָט זיך געשעמט די בעלי בתים צו קוקען אין געזיכט.

א צווייטער מיטגליד האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט אויך גענומען א וואָרט:

— איך בין אויך אַ פּראָסטער "חי וקים". אָבער איך וויים, אפילו אין נויאָרק, אז מען איז א „מעמבער" אין א קאָנגרעגיי-שאָן, קומט דער טאטע מיט צוויי חדשים פאר דער בר מצוה, גיט אן אָרדער דעם ראביי, דעם טיטשער, און ביז דער בר מצוה איז פארטיג דער ספּיטש מיט דער דרשה אפילו, און דעצאָל, פון וואָס מאכט מען דאָס אַ וועזען? דערוייף האָט מען געדארפט רופען אַ ספּעשעל מיטינג פון דער באָרד?

וואָס מעהר מענשען עס האָבען גענומען ווערטער, אַלץ מעהר האָט יוחנן דערפיהלט, אַז די בעלי בתים טייטשען אוים אז דאָס איז דערפאר, ווייל מן הסתם איז דער ראביי אליין אַ „גרינהאָרן," קער ער מיט די עלטערע קינדער זיך ניט ריכטיג צוזאמענריידען, דעריבער גרייט ער זיי ניט צו ווי עס דארף צו זיין.

דאָס האָט שוין יוחנן ניט געקענט פארטראָגען, איז ער ווידער אויפגעשטאנען און האָט אַ זאָג געטאָן:

„עקסקיוז מי" דאָס איז ניט ווייל איך בין אַ גרינער, גלויבט מיר, אַז איך וויים אַז מען קען אפילו אויסלערנען א בער טאנ-צען, אָבער ניט וועגען דעם האנדעלט זיך דאָ.

אויב איהר ווילט, אז אייערע קינדער זאָלען זיין אידען, און זאָלען פאר אייך האָבען מעהר דרך ארץ, און זאָלען טאקע קומען אין שוהל ארייך אויך, דארפט איהר זיי דערציהען פונקט ווי מיר האָבען דערצויגען אידישע קינדער אין דער אַלטער היים. מען האָט ניט געבראכט א אידיש קינד צום ערשטען מאָל אין חדר צוויי חדשים פאר בר מצוה, נאָר געבראכט, לאָמיר זאָגען, כאָטש אין דער אייגענער צייט, ווען איהר הויבט איהם אָן צו שיקען דאָ אין אמעריקא, אין פאָבליק סקוהל. דאָרט האָט א קינד ביז בר־מצוה געקענט לערנען חומש מיט ר״שי, א בלאט גמרא, דערנאָך האָט מען איהם געשיקט אין א ישיבה, אָבער דאָ מעג ער כאָטש ביז בר מצוה קענען דאווגען, זאָגען גוט עברי, וויסען כאטש א פרשה חומש, דאָס מיין איך, דערציהען אידישע קינדער, איהר פארשטייט!

— וואָס טויג אייך דער ספיטש, אַז ער הויבט ניט אָן וויסען וואָס אידישקייט מיינט, — האָט יוחנן ניט אויפגעהערט צו טענה'ן א געערגערטער. ער ווייסט דאָך גאָרניט פארוואָס ער איז א איד!

זיינע רייד זיינען געפאלען ווי האָגעל איבער זייערע קעפּ. עס איז זיי ניט געפעלען, אבער איצטער האָט שוין קיינער ניט געוואגט איהם איבערצושלאָגען.

נאָכאַלעמען, ווי פראָסט די אַלע אידען זיינען ניט געוועז, זיינען זיי אָבער פאָרט אַלע געקומען פון יענער זייט ים, און זיי האָבען געפיהלט, אַז דאָס וואָס דער ראביי זאָגט, איז אַ טיפער אמת, און מען קען עס ניט אָפּלייקענען. זיינען זיי געזעסען און געשוויגען, ניט געוואגט צו עפענען דאָס מויל.

— איהר שווייגט, — האָט יוחנן א טראכט געטהון, נו גוט, וועט איהר ביי מיר באלד ארונטערשלינגען נאָך מעהר ביטערע פילען.

— איך זאָג ניט, אַז עס איז אייערע קינדער'ס שולד, וואָס איז דאָס קינד שולדיג, אַז איהר זייט עטליכע יאָהר געוועזן נע ונד, און האָט ניט געהאט קיין צייט זיך אָפּצוגיבען מיט זיין דערציהונג? איהר האָט איהם ניט געלערענט ביז דרייצעהן יאָהר, קען ער ניט. אָבער אַ קינד'ס דערציהונג הויבט זיך ניט אָן מיט בר מצוה !

— דאָס איז — אַמעריקען סטייל — האָט יוחנן געדונערט, — איהר רופט דאָס האַרי-אָפּ — אַז װעה איז צו דעם אידישקייט וואָס איז געמאַכט אויף האַרי-אָפּ. . . עס טויג ניט, מיינע ברי-דער. אַ איד ווערט געבוירען אַ איד, און איידער ער ווערט אַלט אַ וואָך, פאַרגיסט מען איהם שוין זיין בלוט, איז דאָך אַ סימן, אַז עס קומט ניט אָן אַזוי גרינג צו זיין אַ איד. מען דאַרף פאַרבלוטען צו זיין אַ איד. היינט אַז איהר האָט געזאָרגט פאַר דאגות חיונה, פאַר פּרנסה פאַר אייער ווייב און קינד גרינגערהייט, פאַרוואָס איז אייך ניט איינגעפאַלען אויך צו זאָרגען פאַר'ן קינד'ס גייסט, ביז דרייצעהן יאָהר? ווי איז אַזוינס געהערט געוואָרען?

איינינע אידען האָבען זיך שוין אָנגעהויבען הויבען פון די ביינקלאַך. די פּיל האָט אָנגעהויבען צו ווערען צו ביטער, און שווער ארונטערצושלינגען. זיי האָבען אָבער נאָך אַלץ געשוויגען.

— דעריבער וועט איהר מיר אנטשולדיגען, וואָס איך האָב אייך אַרויסגעזאָגט דעם אמת. אַ רב, וועלכער זאָגט ניט דעם אמת, טאָר קיין רב ניט זיין. אויב איהר ווילט אַז מען זאָל אייך חנפ'נען, אָדער אָפּנאַרען, נעמט אייך אַנאַנדער רב, איינעם פון די חברה, וואָס וועלען זיך אַוועקזעצען מיט אייערע קינדער קנע-לען און זיי צושטעלען טאַנדייטנע ספּיטשעס צו בר מצוה, פּונקט ווי מען לערענט אוים אַ מאַלפּע, אָבער קיין אידען וועט איהר דורך אַזא מעטאָדע פון אייערע קינדער ניט מאַכען, און איך געב אַ טראַכט וועגען דעם, וואָס עס וועט זיין מיט צעהן און מיט פופצען יאָהר שפּעטער.

די קינדער, וואָס מען האָט ביז איצט ניט געלערענט, און זיי ווערען איצטער בר מצוה, וועלען אַ וואָך נאָך דער בר מצוה אפילו די ברכה ניט געדיינקען, וואָס זשע פאַר אידען, וועט וואָטערבורי האָבען מיט פופצען יאָהר שפּעטער? ווער וועלען זיין די בעלי בתים אין יענער צייט? וואָס פאַר אַ אידישקייט וועט מען שוין קענען מיט זייערע קינדער לערנען? זיי וועלען דאָך אַפילו ניט וויסען פאַרוואָס זיי זיינען אידען!

— ראַביי, טו די פּאָינט! — האָט דער פּרעזידענט אַ זאָג גע-געבען: לעטס אַנדערסטענד וואָס דאַרף מען טהון?

— מען דאַרף נעמען די קליינע קינדער און זיי אָנהויבען צו

שיקען אין „היברו", אזוי שנעל, ווי זיי הויבען אָן צו געהן אין פּאָבליק סקוהל. — האָט יוחנן פאָרגעשלאָגען, און זיי געגעבען צו פארשטעהן :

— מען דאַרף ביי דעם אידישען קינד איינפּלאַנצען אין זיין הארצען אידישקייט, און איהם מאכען פיהלען, אז דאָס איז אזוי וויכטיג, אויב נים וויכטיגער ווי די פּאָבליק סקוהל. ער געהט פינף מאָל א וואָך, אין פּאָבליק סקוהל, דאַרף ער קומען פינף מאָל א וואָך אין היברו, וועט ער זיך דערוויסען, אז מיר האָבען א שפּראַך, אז מיר האָבען א היסטאָריע, און וואָס עס איז אזוינס אידישקייט, און אזאַ אינגעלע, ווען ער וועט אָפּלערנען עטליכע יאָהר, וועט ער, איידער ער וועט דארפען ווערען בר-מצוה, וויסען וואָס עס איז אידישקייט, וואָס עס מיינט בר מצוה. ער וועט קע-נען אידיש, און וועט פארשטעהן העברעאיש, און אזאַ קינד, וועט טאַקע קענען האלטען א דרשה, און די דרשה וועט מען איהם נים דארפען אויסשטעלען. פּונקט ווי ער קען אליין מאכען א „ספּיטש" און א „קאָמפּאָזישען" אין פּאָבליק סקוהל, אזוי וועט ער אויך קענען צוגרייטען א רעדע וועגען בר מצוה, און איהר וועט האָבען נחת, און פּלעזשור, און ער וועט זיין שטאָלץ אויף אייך, און ער וועט זאָגען :

— מיין טאטע האָט מיך געלערענט!

— אָט דאָס, ברידער, רוף איך „עדזשוקייטעד", אָבער נים ווי ביי אייך קומט אויס, אז עס איז עפּעס מיין שולד. איך וויל נים לערנען אייערע קינדער!

די גאַנצע צייט וואָס יוחנן האָט גערעדט איז געזעסען אין א ווינקעל איין יונגערמאן, און האָט זיך איינגעהערט צו זיינע רייד, און האָט געשלונגען יעדעס וואָרט.

ווען יוחנן האָט אָפּגערעדט, האָט זיך אָפּגערופען דער יונגער-מאן :

— מיסטער פּרעזידענט, איך בין נאָך נים קיין מעמבער ביי אייך. איך בין געקומען און האָב געוואָלט ווערען א מעמבער, נאָר איצטער, איידער איך ווער ביי אייך א מעמבער, בעט איך ביי אייך פריהער א וואָרט. קען זיין, אז איהר וועט מיך גאָרנים ווע-

לען פאר קיין מעמבער אין אייער שוהל. איז גלייכער אַז איהר זאָלט מיר פריהער געבען אַ וואָרט.

איידער דער פּרעזידענט האָט איהם געגעבען דאָס וואָרט, האָט ער זיך געווענדעט צו די פאַרזאַמעלטע:

— ברידער, איהר האָט געהערט. דאָ זיצט אַ יונגערמאַן און וויל ווערען אַ מעמבער נאָר ער וויל פריהער אַ וואָרט. קען עמי-צער דעם יונגענמאַן!

— דאָס איז לייזער, דער זייגערמאַכער. איך קען איהם. — האָט זיך אָפּגערופען אַ צווייטער, וועלכער איז געווען לייזער'ס אַ שכן, אויף מעין סטריט.

— אַ גרינער, איינגאַנצען צוויי יאָהר אין לאַנד. — האָט דער שכן פאַרטרויעט דעם פּרעזידענט. — איך האָב גאָר ניט געגלויבט אַז לייזער איז אַ שוהל איד, נאָר אַז ער איז געקומען און וויל ווערען אַ מעמבער, לאָמיר הערען וואָס ער האָט צו זאָגען!

— גוט, גאָ אַהעד. שוט! — האָט דער פּרעזידענט אַ זאָג גע-געבען. דאָס איז געווען ביי איהם אַזאַ מין מעשה ברייטער בעל-הבית, יענעם אַ זאָג צו געבען — גאָ אַהעד שוט! — ווי איינער רעדט: איך געב דיר דאָס וואָרט, רעד !

און לייזער האָט זיך אויפגעשטעלט, און געהאַלטען אַ גאַנצע רעדע :

— עס איז אמת, איהר זייט דער פּרעזידענט און מיט אייך זיצען די בעלי בתים, עס איז אייער שוהל. קיין מעמבער בין איך נאָך ניט, און עס קען זיין אַז קיין דעה טאָר איך אייך ניט זאָ-גען; אָבער איהר וועט מיר מוחל זיין, ברידער, מיר זיינען אַלע אידען, און איך האָב אויך קינדער, און קליינע קינדער.

עס איז שטיל געוואָרען, און ער האָט ווייטער גערעדט:

— ביי מיר זיינען דאָ צוויי קינדער, זיבען און ניין יאָהר אַלט, און ביז דער רבי איז ניט געווען, האָב איך זיי אַליין געלע-רענט, איצטער געהען זיי צום רבי'ן, און איך קען אייך זאָגען, אַז וואָטערבורי האָט געדאַרפט וויסען, אַז זי האָט אַ גרויסע זכיה

צו האָבען מר. טווערסקי׳ן פאַר אַ רב, און פאַר אַ „היברו טיט-שער״.

וואָס מיינע קינדער לערנען אוים ביי איהם אין אַ וואָך, וועלען זיי ביי קיין אנדערען ניט אויסלערנען אין דריי חדשים, נאָר איהר ווייסט עס ניט. איהר קומט ניט אין די קלאַסען. עס אַרט אייך אַפילו ניט, וואָס אייערע קינדער געהען ניט, און דערנאָך שעהמט איהר זיך נאָך ניט, און איהר פאַלט אָן אויף דעם ווירדיגען רב, וואָס ער זאָגט אייך דעם אמת! איהר האָט נאָך צו איהם טענות? ער איז דאָך נעביך גערעכט!

— איהר האָט אייערע אייגענע קינדער ביז דרייצען יאָהר ניט געלערענט, און אנשטאט וואָס ער דאַרף האָבען טענות צו אייך, געהט איהר גאָר, און איהר זייט איהם מבזה, איהר רופט איהם „גרינהאָרן!״

— מיינע ברידער, זייט מיר מוחל! אין אַ ריכטיגער שטאָדט וואָלט מען אַזאַ יונגענמאַן געשעצט און געאַכטעט, און אַז איהר האָט איהם שוין יאָ דאָ אין וואָטערבורי, שטערט איהם כאָטש ניט אין דער אַרבייט. העלפט איהם דערציהען אייערע קינדער און גיט איהם אַ פרייע האַנט, און טהוט ווי ער הייסט אייך! נעוועהר מיינד דער מפטיר מיט דעם „ספּיטש״, וואָס מען קען אויסלערנען צו אָרדער. דאָס איז טאַנדייטנע אַרבייט, ווי דער רב אַליין, האָט פריהער אייך אָנגעמערקט. זאָל ער בעסער זיך נעהמען פאַר די קליינע קינדער, זאָל ער איינשטעלען קלאַסען, און אָנגעהן מיט דער אַרבייט, ווי ער פאַרשטעהט, וועט איהר אין דריי חדשים האָבען קינדער, וואָס וועלען אייך אַליין די אויגען עפענען. די קינדער וועלען זיין אידישע קינדער, ריכטיג דערצויגען, אַז איהר וועט זיך ניט גאָר ניט דאַרפען שעהמען מיט זייער אידישקייט.

איהר אַליין, וועט ווערען בעסערע און שעהנערע אידען, צוליב אַזאַ שולע פאַר קינדער וועל איך ווערען ביי אייך אַ מעמבער, און וועל אייך צאָהלען וויפיעל איהר וועט באַשליסען, אַז איך דאַרף צאָהלען, און איך וועל זיך אונטערנעהמען אַרויסצוגעהן און קריגען נאָך קינדער צווישען מיינע שכנים, ווייל קינדער דאַרפען האָבען קלאַסען. עס איז היימישער, פּרעהליכער, לעבעדיגער, אָבער ניט שיקען די איבערגעוואַקסענע קינדער איינמאָל אַ וואָך, וואָס

זיי שטערען נאָר דאָס לערנען פון די קלענערע, ווייל א אינגעל צו דרייצען יאָהר, שוין אין „דזשוניאָר האי", וויל ניט אָנהויבען פון דעם אָנהויב. ער פיהלט זיך שוין דערצויגען. קען ער ניט קיין אידיש, איז שוין צו שפּעט, אַז מיר האָבען אַליין פארנאכלעסיגט, טו לאָמיר כאָטש איצטער זיך כאַפּען און גוט מאכען וואָס מיר קענען ראַטעווען.

לייזער איז צוגעגאנגען צו דעם פּרעזידענט, און האָט איהם דערלאנגט א צעהן דאָלאר ביל.

— פאַרשרייבט מיך פאר א מעמבער אויף א תלמוד תורה, און אויב עס איז ניט גענוג, וועל איך געבען נאָך.

דער פעדלער, וועלכער האָט זיך דער ערשטער אָפּגעריסען אויפ'ן רב, האָט געבעטען א וואָרט.

— מיסטער פּרעזידענט, — האָט ער אָנגעהויבען. — איך האָב ניט געמיינט דעם רב צו „אינסאַלטען." איך וויים אַז דער רב איז אַן „עדזשעקייטעטער", נאָר מען דאַרף אָבער געבען די גרויסע באָים אויך א „טשאַנס". מען דאַרף זיי ניט אָפּלאָזען, זאָל מען עפּעס טהון מיט זיי.

— מיר, וועלען מאכען פאר זיי א קלאָס, מיר וועלען זיי אריינגעהמען אין א קלוב, — האָט יוחנן פאָרגעשלאָגען. — אָבער דער עיקר דארפען מיר א שולע פאַר די קינדער אין די יאָהרען פון אַכט און עלטער, און פינף מאָל א וואָך. איך פאָדער ביי אייך ניט קיין באזונדערען לעהרער פאר זיי, און קיין אנדערע הוצאות. איך וועל אפילו אַליין באַזאָרגען פאר זיי די ביכער. וואָס איך וויל פון אייך, איז אַז איהר זאָלט מיר שיקען דאָס קליינוואַרג, אַזוי שנעל ווי זיי הויבען אָן צו געהן אין פּאָבליק סקוהל.

— געוואוינט צו אייער קינד, אַז ער זאָל וויסען, אַז ער איז א איד, און אַז מען דאַרף אַלע טאָג קומען אין „היברו!"

לייזער, נאָכדעם, ווי ער האָט אַוועקגעלעגט דאָס צעהנערעל לעבען פּרעזידענט אויפ'ן טיש, האָט זיך שוין איצטער געפיהלט אביסעל דרייסטער און ער האָט אויסגערופען:

— מיסטער פּרעזידענט, איך פאַרשטעה ניט, וואָס האָט איהר

דאָ מורא? וואָס וויל דען פון אייך דער ראביי? ער וויל דאָך אייער טובה! לאָזט איהם! גיט איהם אַ פרייע האנט! זאָל ער באַווייזען וואָס ער קען אויפטהון! ער וועט אָפּטיילען די קלענערע קינדער, און זיי לערנען ווי עס דארף צו זיין. עס איז דאָך בעסער פאַר אייך, פאַר מיר, פאַר אונז אַלעמען! אז ער וויל ארבייטען שווע-רער און וויל עפּעס אויפטהון, דארף מען דאָך איהם זאָגען א דאנק!

דער פּרעזידענט האָט זיך אָנגעהויבען איבערקוקען מיט די אַנדערע אידען, און דערנאָך האָט ער אַ זאָג געגעבען:

— מיינע ברידער. וואָס זאָגט איהר?
לייזער האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט.

— מיסטער פּרעזידענט. — האָט ער געשמייכעלט, — אויב איהר נעמט מיך אריין פאַר אַ מעמבער, וועל איך אייך דערנאָך זאָגען, וואָס איהר דארפט טהון. איך זעה דאָך אַז אייערע מעמ-בערס ווייסען ניט ווי אזוי עס דארף זיך פיהרען. בין איך אַ מעמבער אָדער ניט?

— ברידער, לייזער וויל ווערען אַ מעמבער, — האָט דער פּרע-זידענט זיך געווענדעט צו דעם עולם.

— איך מאַך אַ מאָשל (מאושען) מען זאָל איהם „אַקסעפּ-טען". (אריינגעהמען). — האָט אנאנדערער זיך אָפּגערופען.

— אונטערסטיטשט !

אזאַ ענגליש און אידיש האָבען די אידען אין יענער צייט גע-רעדט אין דער קאונטרי.

דערנאָך האָבען זיך געהויבען הענט, און לייזער האָט געהיי-סען שוין אריינגענומען פאַר אַ „מעמבער".

— איצטער מאַך איך אַ פאָרשלאַג — האָט לייזער א זאָג גע-געבען, אַז דער ראביי זאָל עפענען א טעגליכע תלמוד תורה, און זאָל לערנען אַלע טעג פון דער וואָך, חוץ שבת. זונטאג זאָל ער האָבען די קלאסען פאַר דערוואקסענע קינדער. קיינער זאָל איהם ניט זאָגען קיין דעה א האלב יאָהר צייט. דערנאָך זאָלען מיר

האָבען עקזאמען, קומען און ברייגען מבינים, עקספערטען, לעה-רער, „טיטשערס", און זיי וועלען פארהערען די קינדער, ווי עס פיהרט זיך ביי לייטען. דאן בין איך זיכער, אז אַלע וועלען זיין צופרידען!

— וואָס זאָגט איהר, מיינע ברידער! — האָט דער פרעזידענט ווידער אַ פרעג געגעבען ביי דעם עולם. — איהר האָט געהערט לייזער'ס פּראָפּאָזישען, וואָס זאָגט איהר!

קיינער האָט זיך ניט אָנגערופען.

— איך דאַרף אַז עמיצער זאָל „סעקאָנען" דעם פּראָפּאָזישאָן. — האָט דער פרעזידענט ווידער געמונטערט דעם עולם.

— אָל-רייט. — האָט דער פעדלער, דער פריהערדיגער כנגד, אַ זאָג געגעבען, ווי ער וואָלט געבראַכט דעם גרעסטען קרבן. — איך וועל סעקאָנען. לאָמיר טרייען אַ האַלב יאָהר!

ווידער האָבען זיך געהויבען הענט, און דערנאָך האָט דער פרעזידענט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דעם העמערעל איבער'ן טישעל, און אויסגערופען.

— דערמיט פאַסירט. דער מיטינג איז געשלאָסען!

יוחנן האָט אָפּגעדאנקט. געזאָגט אַ גוטע נאַכט, און איז אַרויס, לייזער איז איהם נאָכגעגאַנגען. דריקענדיג איהם די האַנט.

דער פרעזידענט מיט די איבעריגע מיטגלידער האָבען זיך גענומען גרייט מאַכען פאַר אַ פּינאָקעל.

צווישען איין „דיעל" קאָרטען און דעם צווייטען האָט דער פרעזידענט זיך דורכגעוואָרפען מיט רייד מיט זיינע דירעקטאָרען פון דער שוהלכעל:

— אַ סמאַרט גאַי. דער לייזער האַ? ניט געוועזען קיין מעמבער נאָר צוליב דעם ראַביי מיט דער היברו סקוהל וואָס מען וועט מאַכען, וועט ער שוין זיין אַ מעמבער און „סופּאָרטען". סעי, דער ראַביי מוז זיין — אָלרייט .האַ?

— סעי, מיסטער פּרעזידענט. — איצט שפּילט מען קאָרטען. זעהט פון וואָס איהר מאַכט אַ לעבען. — האָט אַ זאָג געטהון צו

איהם דער איד, וואָס איז איצט אין דעם פינאקעל געווען זיין „פּארטנער."

— יאָ — רייט. מיסטער. דעצרייט! — האָט דער פּרעזידענט זיך אנטשולדיגט, און צוגעלעגט — באָט דער ראביי איז אַן „עדזשעקייטעטער" יונג, יעס סער !

דערנאָך האָט מען ווייטער זיך פּארטיפּט אין קאָרטען, און אַלע האָבען זיך איינגאנצען פארגעסען אין דעם מיטינג מיט'ן ראביי ביז עס איז געוואָרען זעהר שפּעט.

ביים אוועקגעהן האָט מען זיך ווידער דערמאָנט:

— מאָרגען דארף מען ברייננען די קליינע חברה, איטס נאָ יוז. אָפּגעמאכט איז אָפּגעמאכט

ווען יוחנן און לייזער זיינען אַרויס פון דעם מיטינג לאָקאַל אין קעלער פון דעם שוהלכעל האָט לייזער אָפּגעשטעלט יוחנ'ן, און האָט איהם דערלאַנגט די האנט.

— ראביי טווערסקי. מיר איז שטאַרק געפעלען, ווי איהר האָט די אידען געזאָגט דעם אמת, און איך בין זעהר צופרידען, וואָס גראד היינט בין איך געקומען צו פארשרייבען זיך פאר א מיט־גליד ביי זיי, און איך מוז אייך זאָגען דעם אמת. איך אַליין בין ניט קיין שוהל איד. זיי זיינען מיר ניט קיין גלייכען. איך האָב מיט זיי ניט וועגען וואָס צו רעדען, און איך וואָלט איינגאנצען געקענט אויסקומען אָהן דער שוהל אויך, נאָר איהר ווייסט דאָך. מען איז דאָך אידען, און עס וואקסען קינדער און איהר קענט דאָך זיי. צוליב די קינדער דארף איך פארבויגען א סך זאכען, איז כדאי צו באלאנגען מיט אידען.

יוחנן האָט שוין פריהער געהאט געטראָפען לייזערען אַ פּאָר מאָל. ער האָט געבראכט די קינדער אין קלאַס אַריין, און אַ פּאָר מאָל איז ער זיי געקומען אָפּנעמען. נאָר ריכטיג אַ שמועס טהון מיט איהם איז איהם ביז איצט ניט אויסגעקומען. איצט ווען זיי זיינען צוזאמען אַהיימגעגאנגען, האָט יוחנן מיט לייזערען פארפיהרט אַ שמועס.

— נו, גוט, קיין שוהל איד זייט איהר ניט, זאָגט איהר, אָבער

אַ איד זייט איהר, איז אינטערעסאַנט צו וויסען, וואָס פאַר אַ סאָרט איד זייט איהר פּאָרט! — האָט יוחנן איבערגעפרעגט.

— איך בין אַ ציוניסטישער סאָציאַליסט. — האָט לייזער גע-ענטפערט, און האָט ווייטער גערעדט:

— איך בין פון דער ערשטער גרופּע ציוניסטען סאָציאַליסטען נאָך פון דער היים, און צוליב דער פּרנסה דאַרף מען דאָ וואוי-נען, איז שוין ניטאָ מיט וועמען אויסצורעדען אַ וואָרט, אָבער וואָס האָב איך צו טהון מיט שוהל אידען? — האָט לייזער גע'-טענה'ט. — זיי זיינען ניט מיין עלעמענט, און אז איך וויל אמאָל אין אַ זונטאג פאַרברייננגען מיט מענשען, פאָהר איך צו אין נויאָרק אויף עטליכע שעה, און זאמעל אָן כוחות צו קענען ליגען דאָ אַ גאַנצע וואָך, פאַרוואָרפען אין אַ קליין שטעדטעל צווישען די פּוריטאַנער.

— דאָס אייגענע טהו איך אויך. — האָט יוחנן איהם באַ-מערקט, און איהם דערצעהלט, אז ער איז שטאַרק פאַראינטערע-סירט אין דעם סאָציאַליסטישען ציוניזם, און אז ער פאָלגט נאָך מיט גרויס אינטערעס אַלץ וואָס עס טהוט זיך איצטער אין דער ציוניסטישער וועלט.

— איך וועל אייך אויסזאָגען נאָך אַ סוד. — האָט לייזער זיך איהם פאַרטרויעט. — ווייסט איהר צוליב וואָס נאָך איך בין היינט געוואָרען ביי זיי אַ מיטגליד; איך וויל זיי איינגיכען רעדען אַ שידוך: איך וויל אריינברייננגען דעם ציוניזם קיין וואָטערבורי. וועל איך דאָך ניט געהן צו קיין גויים, מוז איך פריהער זיי געבען צו לייזען. מיט דער צייט וועל איך אייך בעטען, אַז מיר זאָלען פאַררופען אַ ציוניסטישען מיטינג. איהר וועט רעדען פאַר'ן ציוניזם, און מיר וועלען זיי פאַרשרייבען פאַר מיטגלידער, מיר וועלען אָנהויבען זאמלען צווישען זיי פאַר'ן נאַציאָנאַל פאָנד, און מיר וועלען פון זיי מאַכען ריכטיגע אידען. מיט דער צייט וועט וואָטערבורי דאָך וואַקסען. עס האַלטען אין איין צוקומען נייע אידען פון נויאָרק, און איידער מיר וועלען זיך אומקוקען, וועלען מיר האָבען אפשר אַ בעסערען עלעמענט. כאָטש עטליכע אינטע-ליגענטערע אידען, און מיר וועלען מאַכען פון דעם דערפעל אַ שטעדטעל.

— פון אייער מויל אין גאָט'ס אויערען. — האָט יוחנן געשמייכעלט, און איז געווען צופרידען, וואָס דערוויל האָט זיך שוין כאָטש געפינען איין לייזער. אַ איד, וועלכער איז ניט פארקאָכט אין שמאטעס, און אין אלטע אייזען, און אפילו ניט אין די זייגערלאך, נאָר וועלכער רעדט פון אַ העכערען ענין, חוץ מסחור.

— דערוויל, לייזער, האלט אייער וואָרט, געהט אַרוים מאָרגען אויף מעין סטריט, און רעדט זיך דורך מיט עטליכע אידען, וואָס געהערען ניט צו דער שוהל, אָבער מאַכט זיי זאָלען אָנהויבען שיקען די קינדער אין די קלאַסען. לאָמיר צונויפשטעלען אַ ריכטיגע שולע, און לאָמיר נעמען דערציהען די קינדער אין שטעדטעל. זאָל זיין אַ ריכטיגע שולע, וועלען מיר דערנאָך קענען אויך אין זינען האָבען אַנדערע אַרבייטען.

דאָס זאָג איך אייך צו. — האָט לייזער איהם פארזיכערט, און האָט ווייטער גערעדט.

— האָט אין זינען, אַז איך אַליין בין גראָד ניט קיין תלמוד תורה איד. איך וויל אַ אידישע שולע, וואו מען זאָל טאַקע מיט'ן אידישען קינד לערנען די אידישע שפּראַך, און דעם מפטיר אינגאַנצען אויסשניידען.

יוחנן האָט איהם איבערגעהאַקט:

— שניידט נאָך ניט, גזלן. איהר האָט נאָך ניט פון וואָס אויסצושניידען. דערוויל לאָמיר האָבען די קינדער. דערנאָך וועלען מיר זעהן, רייסט נאָך ניט אָפּ קיין שטיקעל פון דער שולע, איידער מיר האָבען אַ שולע. קריגט פריהער אַלע קינדער, וואָס געפינען זיך אין שטעדטעל. דערנאָך וועלען מיר זעהן וואָס מען קען טהון אין דעם סדר הלימוד. אויב עס וועלען זיין טאַטעס, וואָס וועלען פאָדערען אידיש, וועלען מיר זיכער איינפיהרען אידישע לימודים. דערוויל האלט עס נאָך ניט דערביי.

— איך האַלט, אַז דער לימוד דאַרף זיין אין אייערע הענט. אויב איהר זעהט איין די וויכטיגקייט פון אידיש, דאַרפט איהר לכתחלה איינפיהרען אידישע לימודים. — האָט לייזער באַמערקט.

— יאָ, אָבער לאָמיר פריהער זעהן מיט וועמען מיר געהען צום טיש. מיר האָבען דאָך נאָך ניט קיין קינדער גענוג פאַר קלאַסען.

קען איך דאָך ניט צוברעקלען זיך אי אויף אידיש, אי אויף העברעאיש. מיט די גרויסע בחורים, ווען מען דארף אריינקלאפּען „אידישקייט" אויף איין פוס, קען מען זיך דאָך ניט אוועקזעצען קנעלען אויף צוויי לשונות. זיי מוז מען דאָך איבערגעבען, וואָס עס לאָזט זיך, אַז זיי זאָלען כאָטש וויסען אויף וואָס פאר אַ וועלט זיי זיינען, מיט קלענערע קינדער קען מען אנדערש זיך צופּיהרען די הענט. — האָט יוחנן איהם געגעבען צו פאַרשטעהן.

— גוט, איך וועל אייך צושטעלען די קינדער, אָבער דערנאָך וועלען מיר דאַרפען איינפיהרען קלאסען אין אידיש. — האָט לייזער פאַרענדיגט, און זיי האָבען זיך צושיידעט.

בתיה איז געזעסען און האָט געוואַרט אויף יוחנ'ן. זי האָט געוואָלט וויסען מיט וואָס די זיצונג האָט זיך פאַרענדיגט.

— די זיצונג האָט געקענט פאַרוואנדעלט ווערען אין אַ שטורם — האָט יוחנן איהר דערצעהלט. — אָבער לייזער האָט געראַטעוועט די סיטואַציע. לייזער איז געוואָרען אַ מיטגליד ביי זיי, און טאַקע דערפאַר, ווייל ער וויל אַ גוטע שולע, און ער האָט זיי אוועקגעגעבען אַ גאָב, און זיי האָבען ארונטערגעשלונגען, צוגענומען אַ חלק, און זיי זיינען בעסער געוואָרען.

— נו, און דו אַליין? — האָט בתיה איבערגעפרעגט.

— איך אַליין, האָב זיי אוועקגעגעבען אַ גאָב. — האָט יוחנן זיך איהר פאַרטרויעט, — איך האָב זיי געזאָגט, אַז עס איז ניט מיין שולד, וואָס זיי האָבען יאָהרענלאַנד געפּעדעלט אין קאַונטרי, און פאַרנאַכלעסיגט די קינדער, ביז זיי זיינען גרויס געוואָרען, און איצטער ווילען זיי, אַז איך זאָל זייערע דערוואַקסענע קינדער מאַכען בר מצוה אויף איין פוס, צום באַשטעל. איך קען עס ניט, און איך האַלט ניט פון דער מעטאָדע.

— זיי האָבע עס טאַקע ניט געוואָלט לײדען, און אין אָנהויב איז אויסגעקומען ביי זיי, אַז איך בין אַ גרינער, און אַז איך באַליידיג זיי, ווייל זיי זיינען פשוט ניט בכח מיך צו קענען פאַרשטעהן, ניט מיך האָבען זיי אין וואָטערבורי געדאַרפט האָבען פאַר אַ רב. זיי דאַרפען אַן אמעריקאַנער בחור'ל, וואָס זאָל זיי חנפ'ענען. זיי קיצלען און גלעטען, אָבער ניט דערצעהלען זיי,

ווער זיי זיינען, און מאכען פון זיי בעסערע אידען, פיינערע מענ-
שען.

— אָבער, יוחנן — האָט בתיה איהם גערעטען. — פארקריגען
זיך מיט זיי דארף מען אויך ניט, גאָכאלעמען. זיי זיינען דאָך
דיינע בעלי בתים, און מען דארף לעבען בשלום.

— קינד, וואָס פאלט דיר איין — האָט יוחנן זיך פארענט-
פערט. — קריגען זיך גאָר? עס האָט זיך ניט געהאנדעלט אין קרי-
גען זיך. אָבער די מענשען זיינען פשוט אליין ניט דערוואקסענע
מיך צו קענען פארשטעהן. מען רעדט שוין ניט פון אָפצושעצען,
און ער האָט זיך באקלאָגט אויף זיין גורל:

— שטעל דיר פאָר די ירידה: נאָך מיין אָנפיהרען מיט קולטור
קרייזען אין מאָליוו, ביז ווערען דער „היברו טיטשער" אין וואָ-
טערבורי, קאָנעטיקוט, און ערשט ווער זיינען מיינע בעלי בתים,
מיינע דירעקטאָרען, סיגעל, דער דזשאָנק דילער, און זיינע אונ-
טערשטופער, האַ? וואָס זאָגסטו, בתיה ?

בתיה איז אנשווינגען געוואָרען. זי האָט ניט געהאט וואָס צו
ענטפערען. זי האָט געפיהלט, אז יוחנן לעבט דורך שטילערהייט
אין הארצען׳ א גרויסען קריזיס, און אז ער איז גרייט אויף אלע-
מען, און ביי דער ערשטער געלעגענהייט ווארפען די שטעלע און
אנטלויפען פון אמעריקע.

— יוחנן, טייערער, — האָט בתיה דערנאָך ווידער אָנגעהוי-
בען, — דו ווייסט דאָך, איך האָב זיך קיינמאָל ניט געמישט אין
דיינע עסקים, בפרט איצטער, ווען איך אליין קען גאָר ניט טהון.
איך בין דאָך צוגעבונדען צום קינד. טהו ווי דו פארשטעהסט.

— עס איז ניט שייך, — האָט יוחנן זי בארוהיגט. — וואָס
זיינען דאָס פאָר ווערטער, דו ביזט צוגעבונדען צום קינד, און
פארוואָס עפעס ביזטו צוגעבונדען מעהר ווי איך?

— דו האָסט מיך ניט פארשטאנען, — האָט בתיה איהם גע-
געבען צופארשטעהן. — איך האָב געוואָלט זאָגען, אז איך וואָלט
אליין געווען גרייט עפעס צו טהון און דיר צו העלפען, אז דו
זאָלסט קענען אויפגעבען די שטעלע, אויב זי איז דיר ניט צום
הארצען. אָבער מיט שלום׳ן אויף די הענט קען איך דאָך ניט
געהן זוכען קיין ארבייט.

— הער שוין אויף צו רעדען נארישקייטען. אַ נייעס גאָר, וואָס הייסט, דו וועסט געהן זוכען ארבייט? וואָס פאר אַן אר־בייטאָרין ביזטו דאָס מיטאמאל געוואָרען, האַ?

— נשקשה, זאָל מיר נאָר שלום אונטערוואקסען, וועל איך דיר ווייזען, אַז איך וועל ניט זיצען מיט קיין פארלעגטע הענט,— האָט בתיה געשמייכעלט.

דערווייל האָט מען געעפענט די תלמוד תורה, לייזער האָט גע־האָלפען צונויפברייגנען די קינדער, און מען האָט אָנגעהויבען צו לערנען אַלע טאָג. קיינער פון די בעלי בתים האָט זיך ניט גע־מישט, חוץ וואָס לייזער פלעג זיך ארייגכאַפען פון צייט צו צייט און שטארק אָנקוועלען, וואָס די קינדער לערנען זיך צו צו רעדען אידיש צוביסלאך, און נאטירליך, מיט די יונגערע קינדער איז דער לימוד אַוועק אַ סך בעסער און שנעלער, ווי מיט די בר מצוה־איגגלאך, וואָס מען האָט קוים אויסגעלערענט צו מאכען די ברכה איבער דער תורה.

איינמאָל אין אַזאַ שבת ביי דעם לייענען אין דער תורה, נאָכ־דעם, ווי מען האָט אויפגערופען אַ אינגעל צו דער תורה, און דאָס אינגעל האָט זיך געוואָרגען מיט די ווערטער, און זיך אַזוי פארפּלאנטערט, אַז וואָס מעהר מען האָט איהם אַרויסגעהאָלפען אַלץ מעהר האָט ער זיך פארפּלאנטערט, האָט זיך אָפּגעשפּילט אין שוהל אַזאַ סצענע:

— שעהמען האָט איהר זיך געמעגט, האָט דעם אינגעל׳ס פאָטער זיך צושריען אויף יוחנ׳ן, — אַ רב זייט איהר? אַ גאָר־נישט זייט איהר! איהר נעמט געלט אומזיסט, און איהר קענט אפילו אַ אינגעל צו בר מצוה קיין ברכה ריכטיג ניט אויסלערנען!

יוחנן האָט אָפּגעשוויגען, גענומען זיין היטעל מיט׳ן מאנטעל, און איז אוועק אהיים. ער האָט געהאַט גרוים ערגערניש, אַפילו ניט געהאַט קיין הארץ בתיה׳ן צו דערצעהלען פון דעם סקאנדאל וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין שוהל.

מעהר איז ער אין שוהל ניט געגאנגען. אויף מאָרגען האָט ער געשיקט רופען דעם פּרעזידענט, און האָט איהם געזאָגט:

— מיסטער פּרעזידענט, איהר קענט האָבען מיין רעזיגנאַציע,

און זיך זוכען אנאנדערען אויף מיין שטעלע. וואָטערבורי איז פאר מיר קיין שטאָדט ניט.

— סטייטש וואָס רעדט איהר, ראבּיי טווערסקי — האָט סיגעל מיט איהם איינגע'טענה'ט — מאלע וואָס אַ גראָבער יונג האָט דאָרטען אַ בורטשע געטהון אין שוהל, איז וואָס זיינען מיר אַלע שולדיג? ביי אונז זייט איהר אונזער רב, און מיר זיינען פון אייך צופרידען, און איהר דארפט זיך ניט ערגערען!

עס האָט אָבער ניט געהאָלפען.

יוחנן האָט זיך דורכגערעדט מיט לייזערען, און ער האָט זיך איהם פארטרויעט:

— איך קען ניט נעמען בתיה'ן קיין נויאָרק. די לופט איז פאר דעם קינד ניט קיין גינסטיגע, אָבער איך וועל זי איינאָרדענען דאָ, און אַליין וועל איך אַרויספאָהרען.

לייזער האָט איהם פארזיכערט, אַז ער וועט זעהן טהון פאר בתיה'ן וואָס עס וועט נויטיג זיין, און ער זאָל זיך ניט זאָרגען.

בתיה און יוחנן האָבען דערנאָך זיך דורכגערערדט און יוחנן האָט איהר געגעבען צו פארשטעהן, אַז ער וויל איבערהויפּט מעהר אין אמעריקא ניט זיין.

— איך וויל ניט זיין קיין רב אין אמעריקע, נאָך טויזענד מאָל מעהר ווי איך האָב אין קורילאָוועץ קיין גוטער איד ניט געוואָלט זיין. איך וועל ניט זיין אין גלות ביי אַן עדה פּעדלער, וואָס האָ-בען ניט דעם מינדעסטען באגריף וואָס אידישקייט מיינט, און איך וועל פאָהרען קיין ארץ ישראל, אַ קוק טהון וואָס דאָרטען טהוט זיך און דערנאָך וועל איך שיקען נאָך דיר.

בתיה האָט איהם פּרובירט אָפּרעדען.

— איצטער קיין ארץ ישראל ? — האָט זי גע'טענה'ט, — נאָכדעם, ווי מיר האָבען געהאט אַזעלכע ניט קיין פרייליכע בריף פון בערעלען? דו ווייסט דאָך, אַז מען לעגט זיי דאָרטען שטיינער אין וועג! דער אידישער ארבייטער איז אריינגעלעגט געוואָרען אין חרם, אין ארץ ישראל. מען האָט אריינגעפיהרט אראבּישע און

עגיפּטישע אַרבייטער און מען לאָזט דעם אידישען אַרבייטער דאָרטען ניט אויפהויבען קיין קאָפּ. צו וואָס זשע ועסטו איצט לויפען קיין ארץ ישראל?

— אָט טאקע ווייל די לאַגע איז איצט דאָרט אזא! — האָט יוחנן געטענה׳ט, — ווייל עס זיינען שוין דאָרטען דאָ שטרויכלונגען און שטערונגען, מוז מען קומען און שטאַרקען זייערע הענט. ארץ ישראל טאָר ניט געבויעט ווערען מיט פרעמדע, ניט אידישע הענט.

מען טאָר ניט דערלאָזען אויפבויען דארטען א נייעם גלות, געבויעט אויף קנעכטשאפט און אויף עקספּלואטאציע. עס איז אַ פאלשער תירוץ, אַז אידען זיינען ניט קיין ארבייטער. אידען וועלען מיט דער צייט ווערען נאָך בעסערע לאנד ארבייטער, פלייסיגערע גערטנער און פלאנצער, ווי ניט אידען. אָבער אונטערגראָבען דעם סוד, וואָס די בילו׳צעם האָבען אוועקגעלעגט טאָר מען ניט דערלאָזען! — האָט יוחנן אויסגערופען.

— וועל איך פאָהרען מיט דיר, — האָט בתיה גע׳טענה׳ט, — דיין גורל איז מיין גורל.

— ניין, — האָט יוחנן איהר געגעבען צו פארשטעהן. — דער קלימאט איז נאָך דאָרטען ניט אינגאנצען קיין גינסטיגער. עס בושעווען נאָך אַ סך קראנקהייטען. איך וועל פאָהרען, וועל פאַר דיר צוגרייטען א נחלה, מיט א גאָרטען, און דערנאָך וועסטו קומען.

— נו, איך וויים דאָך, — האָט בתיה געשמייכעלט, — דעם גאנצען לעבען ביזטו אַ קייטען רייסער, און איצטער האָסטו שוין דערזעהן אַ פרישע מעגליכקייט זיך צוצורייסען מיט אמעריקע, אָבער מיר שיינט, אַז דו האנדעלסט ניט ריכטיג. דו האָסט שוין געמעגט אָנהויבען ווערען אביסעל פּראקטישער. פארבויגען אביסעל פון יענעם אידעאליזם, און זעהן אפשר זאָלסטו פאָרט דאָ בלייבען, איידער זיי געהען בריינגען א נייעם רב אויף דיין פּלאץ!

— ניין, דאָס וועט ניט געשעהן. איך וועל דאָ ניט בלייבען! — האָט ער געענטפערט אנטשלאָסען.

סוף וואָך האָט ער גענומען בתיה׳ן מיט׳ן קינד, און זיי זיינען אוועקגעפאָהרען צו דעם מאָליווער רב.

דער רב איז געווען אויסער זיך ווען ער האָט דערהערט, אַז יוחנן האָט באַשלאָסען צו פאָהרען קיין ארץ ישראל, און בתיה׳ן איבערלאָזען דאָ מיט׳ן קינד, אָבער צושטעהן האָט ער ניט גע-וואָלט.

— נאָכאלעמען האָב איך דיר קיינמאָל קיין דעה ניט געזאָגט. דו ביזט גרויס געגוג צו פארשטעהן וואָס דו האָסט צו טהון. דער רב איז געווען רוהיג, מחמת קיין פרנסה האָט איהם ניט גע-פעהלט, און ער איז געווען גרייט בתיה׳ן מיט׳ן קינד אויסצוהאל-טען ביז יוחנן וועט זיך איינאָרדנען אין ארץ ישראל, און שיקען נאָך איהר.

אין איניגע טעג ארום איז ער אָפּגעפאָהרען, און ווען די שיף האָט געגעבען אַ פייף, און האָט זיך אָוועקגערוקט פון דעם נויאָרקער האפען, איז אסתר געשטאַנען לעבען בתיה׳ן, זי גע-גלעט און געטרייסט:

— דו ביזט אַ קינד. דאַרפסט ניט וויינען. ווי לאנג וועט עס נעמען און מיר וועלען אַלע זיין דאָרטען. וועסטו זעהן, מיר וועלען נאָך פאָהרען צוזאַמען העכסטען אין אַ האלב יאָהר אַרום. זאָל ער נאָר אונז שרייבען די ערשטע פאָר בריעף, אז מען קען זיך דאָרטען איינאָרדנען, און מיר וועלען אַלע פאָהרען, דיינע על-טערען, און מיינע עלטערען. מיר וועלען ווידער ווערען שכנים, ווי אין מאָריסוויל. דו וועסט זעהן. — האָט אסתר מיט איהר אריינגע׳טענה׳ט.

בתיה איז אָפּגעזעסען ביי די עלטערען עטליכע טעג. דאָס קינד האָט אָנגעהויבען ווידער פיהלען שלעכט, און דער דאָקטאָר האָט איהר פארשריבען בעסערע לופט פאר׳ן קינד, און זי האָט געמוזט צוריקפאָהרען.

לייזער איז געקומען, האָט זי איבערגעצויגען אין אַ קלענערער דירה, אַ שטיבעל פון דריי צימערען מיט אַ גערטענדעל, און טאקע ניט ווייט אין שכנות פון זיין אייגענער דירה.

אסתר איז אַרויסגעקומען צו בתיה׳ן אויף די סוף וואָכען, און איז געשטאַנען מיט איהר ביז זונטאג ביינאכט און דערנאָך איז זי צוריקגעפאָהרען, פארשפרעכענדיג איהר אויף דער צוויי-טער וואָך ווידער אַרויסצוקומען.

# די צווייטע עליה

ביי דער טערקישער גרענעץ האָט יוחנן זיך שוין אָנגעטראָפען מיט פּאַסאַזשירען פון רוסלאַנד און פון רומעניע. פּאָגראָם קרבנות, און מענשען וועלכע האָבען געליטען פון גזרות אין רומעניען, און די יוגענד איז געפאָהרען שוין באַזעלט מיט אַ אידעאַל.

הערצל׳ס נאָמען איז געווען אויף אַלעמענ׳ס ליפּען. מען האָט גערעדט פון ציוניזם, כאָטש קיין קלאָהרע פאָרשטעלונג האָט נאָך קיינער ניט געהאט וועגען דאָס, וואָס דער ציוניזם דאַרף זיין.

אויף דער שיף האָבען זיך געוואָרפען אין די אויגען רייכע אידען, וואָס האָבען מעהרסטענס גערעדט רוסיש, און האָבען זיך געהאַלטען אין איין באַריהמען, אַז זיי האָבען אין ארץ ישראל שטרעקעס באָדען, און וויינגערטנער, פּרדסים, און אַז די געשעפּטען וואָלטען שוין געטראָגען גאַנץ גוטע רווחים, ווען ניט די דושעהובצעס, די אידישע ארבייטער אין ארץ ישראל, וועלכע קריכען אין דער לעבער אַריין, און ווילען פאַרכאַפּען דאָס לאַנד און דאָס „אומגליקליך מאַכען”. . .

די ווערטער זיינען יוחנ׳ן אריין אין דער נאָז אַריין. ער האָט געפיהלט, אַז דאָס שטימט מיט די נאַכריכטען, וועלכע זיינען געקומען פון בערעל דעם איינבינדער׳ס און איציק דעם שוחט׳ס.

ער איז אַוועק אין אַ ווינקעל אויפ׳ן אויבערשטען דעק, און האָט זיך גענומען לייענען די בריעף פון ארץ ישראל, וואָס זיינען געלעגען ביי איהם אין קעשענע.

— פון די צוויי הונדערט אידישע ארבייטער וואָס זיינען שוין געווען אין ראשון לציון זיינען פאַרבליבען עטליכע געצעהלטע. — האָט איציק געשריבען. — די ארבייטער האָבען זיך צוזעעט און צושפּרייט ווער וואוהין. כאָטש די ארבייט איז געווען ליב, ווען אפילו שווער, האָבען די אידישע ארבייטער זי געוואָרפען, צוליב די נייע, יעדעס מאָל פריש געבאַקענע גזירות וואָס די קאָלאָניסטען, די עקספּלואַטאַטאָרס האָבען אויף זיי אַרויפגעוואָרפען, און אויך צוליב קראַנקהייטען.

— אין זכרון יעקב ארבייטען שוין קרוב צו צוויי טויזענד

אראבישע ארבייטער, אָבער אידען קענען דארטען קיין ארבייט ניט קריגען, און זיי פּלאגען זיך אין דחקות און אין נויט אין דעם „הייליגען לאנד”.

פון דעם וואָס די ווערטער אין „הייליגען לאנד” זיינען געווען אריינגענומען אין קלאמערען, האָט יוחנן איצטער, נאָך די רייד, וואָס ער האָט געהערט אויף דער שיף, זיך געכאפּט, אז מען אַר־בייט מיט די אראבער, ווייל זיי אַרבייטען האלב אומזיסט, און אז אידען לאָזען זיך ניט עקספּלואטירען, דעריבער באטראכטען די קאָלאָניסטען די אידישע ארבייטער פאר די שטערער, און זיי פּאר־וויקלען נאָך די טומאה אין דער יראָה, אַז די היינטיגע יונגעליים פאראומרייניגען דאָס הייליגע לאנד.

פון די דאָזיגע מחשבות איז איהם געוואָרען טרויעריג אויפ׳ן הארצען.

עס איז איהם אָבער געווען א וואונדער, ווייל ער האָט אַליין געלייענט אין די אמעריקאנער צייטונגען, אז נאָך א שטיקעל צייט פריהער ווען דער באראָן רויטשילד האָט געפאָדערט אז זיינע קעלערען זאָלען באארבייטען אידישע אַרבייטער, און דער באראָן האָט אָפען געזאָגט: — העלפט איינער דעם צווייטען, און גע־דיינקט, אַז איהר זייט אַמאָל אַליין געווען אָרים, פארלאָזט ניט אייערע ברידער!” אָט דאָס זיינען געווען דעם באראָנ׳ס ווערטער, איידער ער איז צוריקגעפאָהרען.

און דאָך האָט בערעל געשריבען:

— „די באציהונג פון די קאָלאָניסטען צו די אידישע ארבייטער פאַרשאפען ניט קיין כבוד די ערשטע, אלע קאָלאָניסטען, כמעט אָהן אויסנאמע, נעהמען בעסער דעם אראבישען ארבייטער, איי־דער דעם אידישען. ווייל דער אידישער אַרבייטער באציהט זיך צו דעם בעל הבית אָהן הכנעה, און דער אידישער בעל הבית קען זיך ניט באנוצען מיט זיין פאָלקס ברודער ביי אלע גראבע שליחות׳ן. . . דער אראבישער ארבייטער באגנוגענט זיך מיט א קלענערען לוין, א זאך וואָס דער אידישער ארבייטער קען זיך ניט דערלויבען. און אָט איז למשל דאָ א ברונעם אין נס ציונה, פון די חובבי ציון, נעמען די ארבייטער וואסער פון דעם ברונעם, דארפען זיי דורכגעהן דעם קאָלאָניסטישען קווארטאל, האָט מען

פארצוימט דעם וועג מיט א הויכען שטיינערנעם פּלויט, און די אַרבייטער האָבען געמוזט מאכען אַ לאַנגען אומוועג, צו דערגריי־כען דעם ברונעם . . ."

— דאָס איז שרעקליך, — האָט יוחנן ניט אויפגעהערט צו טראַכטען, און די לאַגע האָט איהם שווער באאומרוהיגט.

ווען ער איז שפּעטער אביסעל ארונטערגעקומען אין צווישען דעק, וואו עס זיינען געפאָהרען אַן אָרעמער קלאַס אידען, האָט ער דערזעהן אַן אנדער בילד. דאָ זיינען געפאָהרען האַרעפּאשניקעס, אַרבייטער, סטאָליאַרעס, און בעקער יונגען, סטודענטען פון די גימנאַזיעס, און דאָ האָט מען גערעדט פון ארבייט און פון דעם כח פון ארבייט. מען האָט אָפען דיסקוטירט און קריטיקירט דעם ציוניזם אָהן אַן אינהאַלט און פּרוכטלאָז, וואָס באַגנוגענט זיך מיט שעהנע ווערטער, אָבער ווענעם טרעגער טוען גאָרניט די אי־דייע צו באַקליידען מיט בלוט און פליישׁ דורך אַקטיווע מעשים.

מען האָט אפילו גערעדט פון דער אַרבייטער באוועגונג אויף דער אידישער גאס איבער דער וועלט, וועלכע געהט איינגעשפּאַנט אין א פרעמדען וואָגען, און וואס פארשטעהט ניט די ליידען פון דעם אייגענעם אידישען פאָלק, וואָס קען ניט דעם שורש פון דער אידישער געשיכטע, און האָט ניט קיין גלויבען און קיין ליבע פאַר א אידישער נאציאָנאַלער צוקונפט.

— דער ישוב אין ארץ ישראל איז איצטער צופוילט און דע־מאָראַליזירט דורך שטיצע און חלוקה, פּאַראַזיטיזם און עקספּלואַ־טאַציע פון פרעמדער, ביליגער און פארשקלאַפטער ארבייט — האָט איין יונגערמאַן זיך געהיצט, און האָט אין זיינע ווערטער אריינ־געלעגט די גאַנצע נשמה.

— גוט, — האָט יוחנן זיך דערפרעהט. — די צווייטע עליה שרייבט ווידער אַ קאַפּיטעל געשיכטע. שוין גאָר איינגאַנצען אַנ־דערע דיבורים, ווי די, וועלכע ער האָט געהערט פון די רוסישע סוחרים. די בעלי בתים, וועלכע האָבען שוין אין ארץ ישראל נחלות מיט פּרדסים, און האַלטען זיי אויף מיט ביליגער אַראַבי־שער און עגיפּטישער אַרבייט, און אַליין זיצען זיי אין רוסלאַנד, און שניידען שוין די קופּאָנעס, און יוחנן האָט ביי זיך באַשלאָ־סען, אַז קומענדיג איצט קיין ארץ ישראל, וועט ער זיך ווידמענען

דעם לאנד, ער וועט אָנפיהרען אן אויפקלעהרונגס קאמף קעגען די עקספּלואטאטאָרס, וועלכע פארלויפען דעם וועג די חלוצים, די פּיאָנערען, וועלכע זיינען געקומען די ערשטע מיט עטליכע יאָהרען צוריק, און האָבען זיך גענומען פאר דער אויפבוי אַרבייט אויפ'ן ריכטיגען וועג, נאָר אַזוי שנעל, ווי זיי, די פּאראזיטען האָבען דער-שמעקט אַז עס איז שוין דאָ אַ מעגליכקייט זיך צו באַפעסטיגען, איז מען געקומען צולויפען און מען האָט שוין אריבערגעשלעפּט די גלות מעטאָדען, דעם ביליגען מסחור מעטאָד, די קנעבלשאפט, און מען שטעלט זיך שוין בויען נחלות צוליב ספּעקולאציע, פּרדסים צוליב רווחים, און מען באנוצט זיך שוין מיט ביליגער ארבייט, מיט אראבער און מיט עגיפּטישע ארבייטער און דעם אי-דישען ארבייטער לעגט מען שוין אין חרם, מען דערלאָזט איהם ניט מאכען קיין לעבען, און דאָס איז דער גרעסטער פארברעכען קעגען דעם אידישען ארבייטער און קעגען דעם לאנד

איציק און בערעל האָבען אויסגערעכענט ווען יוחנ'ןס שיף האָט געדארפט אריינקומען און זיי האָבען איהם אפּגעוואַרט ביי דער שיף, כאָטש זיי האָבען איהם ניט דערקענט.

יוחנן איז פאר דער צייט פארעלטערט געוואָרען, און אויך די באָרד ביי איהם איז אויסגעוואקסען, און ער איז געשטאנען און געקוקט אויף אַלע זייטען, געזוכט באַקאנטע, און זיי ניט געקענט דערקענען.

גראָד חיה שרה, וועלכע האָט איהם איינמאָל געזעהן ביי דער גרענעץ, ווען איציק האָט זיך מיט יוחנ'ן געזעגענט, האָט באַ-מערקט, ווי עס דרעהט זיך ארום אין האַפען איינער מיט אַ שוואר-צער באָרד, מיט אַ פּאָר פארחלום'טע אויגען, און זוכט פון אַלע זייטען ווי ער וואָלט עמיצען דערוואַרטעט, האָט חיה שרה אַ זאָג געגעבען:

— קינדער, דאָס מוז אוודאי זיין אונזער גאסט, וואָס מיר דערוואַרטען היינט, אפשר איז דאָס יוחנן טווערסקי? —

די ווערטער האָבען דערגרייכט צו זיינע אויערן, ווייל ער איז געווען אָנגעשפּיצט און געוועז זיכער אַז עמיצער וועט איהם קו-מען באַגעגענען, און יוחנן האָט זיך צושמייכעלט פון פרייד, און איז צוגעגאנגען:

— נו, יאָ, דאָס בין איך, יוחנן טווערסקי, — ער האָט זי אויך ניט דערקענט, ווייל זיי זיינען אַלע געווען פאַרברענט פון דער טראָפּישער זון, און אינגאַנצען פאַרענדערט, און ער האָט אַ זאָג געגעבען:

— ווער זשע זייט איהר, וואָס איהר ווייסט מיין נאָמען? —

אין דעם קול האָבען איהם זיינע לאַנדסלייט דערקענט. די שטימע האָט פון אַלעמאָל אין זיך עפּעס מיסטישעס, ווי עס האָבען דורות לאַנג די קינדער פון די גוטע אידען. עפּעס איז דאָ אין זייער קול, אַזוינס, וואָס פאַראינטריגירט, אויף אַ מיסטישען אופן.

— יאָ, דאָס איז יוחנן! — האָט בערעל אויסגערופען און איז איהם אריינגעפאַלען אין די ארעמס, און זיי האָבען זיך געכאַפּט קושען, און האָבען זיך ניט אויפגעהערט צו קלאַפּען מיט די הענט איבער די פּלייצעס, אָהן ווערטער.

אַזוי גיך ווי יוחנן איז פריי געוואָרען פון בערלען איז איציק דעם שוחט׳ס איהם ארויפגעפאַלען אויפ׳ן האלז, און די אייגענע סצענע האָט זיך באַנייעט ווידערהאָלט, און דערנאָך איז בערעל׳ס פרוי צוגעקומען:

— איך בין חיה שרה, אפשר געדיינקט איהר מיך. איך האָב עס אַוועקגענומען איציקען פון אייער גרופּע עם-עולם — און איהם געבראַכט קיין ארץ ישראל. נו, איצטער ווייסט איהר שוין ווער איך בין? —

דאָס וואָס די פּאַלעסטינער פרויען זיינען געוואוינט צו טהון די אייגענע שווערע ארבייט ווי די מענער, מאַכט זיי אַ סך מענליכער און דרייסטער, און ניט וואַרטענדיג אויף קיין זאַך, האָט חיה שרה איהם דערלאַנגטביידע הענט, און איהם ארומגענומען, און אַ זאָג געגעבען:

— מיין חבר׳ס אַ חבר, איז מיינער אויך אַ חבר, און זי האָט איהם געקושט ניט וואַרטענדיג אויף זיין איינלאַדונג.

— שמי בן יהודה, — (מיין נאָמען איז בן יהודה,) איז דער קליינער איינגעלע נאָכגעקומען נאָך דער מוטער, און ארומגענומען

יוחנ'ן, און איהם זיך צוגעטוליעט, ווייזענדיג. אז אויך ער איז פאראינטערעסירט אין זיינע טאטע-מאמע'ס חברים, און יוחנן איז געריהרט געוואָרען פון דעם קליינעם אינגעלע, נאָך מעהר ווי פון דער הארציגער באגעגעניש פון זיינע קורילאָוועצער חברים, און ער האָט ארויפגעכאפּט דעם קליינעם אינגעלע אויף די הענט, איהם געצערטעלט און געלאשטשעט, און גערעדט צו איהם אויף אידיש:

— ווּעמענס אינגעלע ביזטו? בערעלס? —

בן יהודה האָט זיך באלײדיגט, און געענטפערט אויף העברע-איש:

— אנחנו מדברים בעברית, אבל לא כלשון גלות! — וואָס אויף אידיש הייסט עס:

— מיר רעדען העברעאיש, אָבער ניט אין דער גלות שפּראך! —

יוחנן האָט געהאלטען דאָס אינגעלע אויף די הענט, אָבער דערפיהלט א באַלײדיגונג.

— הער אַ מעשה, — האָט ער זיך געטראכט: מיר ארבייטען פאַר אַן אויפלעבונג פון אַ פאָלק, אין אן אייגען לאנד. מיר העל-פען דעם ישוב פון רוסלאנד, און אַפילו פון אמעריקע, און גראד אין אמעריקע געהט אָן אן אויפלעבונג פון א אידישער שפּראַך און פון א ליטעראטור, און מיר דערמונטערען יעדען אידישען טאלאנט, מיר פרעהען זיך מיט יעדען דיכטער, מוזיקער, און מיר פרעהען זיך מיט א שעהן אידיש וואָרט. און דאָ, ביי דעם שעה-נעם קבלת פּנים, גיט איהם שוין דאָס קינד אן אָנצוהערעניש, אַז דאָ רעדט מען ניט קיין אידיש?

אָבער בערעל און איציק האָבען איהם איבערגעשלאָגען זיינע געדאנקען, און האָבען אַ זאָג געגעבען:

— דער דור געבוירען דאָ אין לאַנד רעדט ניט קיין אידיש, און מיר זיינען זעהר צופרידען, וויייל מיט דער צייט, וועלען מיר אַליין אויך ניט וועלען רעדען קיין אידיש.

— דאָס איז אַפילו ניט זעהר קיין גרויסע חכמה! — האָט יוחנן געענטפערט, און ארונטערגעלאָזען דאָס אינגעלע פון די הענט.

— מיר וועלען נאָך האָבען גענוג צייט פאַר די אַלע פּלפּולים,
— האָט בערעלע אַ זאָג געגעבען, — היינט איז ביי אונז א יום טוב. מיר האָבען געוואָרפען די אַרבייט און זיינען אַרויסגעקומען דיך באַגעגענען, וועלען מיר געהן אין ראשון, און מיר וועלען הערען וואָס דו האָסט צו דערצעהלען פון אמעריקע, און פון דער וועלט, און די דיסקוסיעס וועלען מיר לאָזען אויף אַן אַנדערש מאָל. —

בן יהודה איז געגאַנגען צווישען איציקען און יוחנ'ן, נאָר דאָס געשפּרעך האָט ער איצטער געפיהרט מיט'ן פאָטער, און ער האָט אָנגעהויבען צו שטעלען קלאָץ-קשיות: אבאַ, איש גדול כאדון יוחנן, איננו מדבר בעברית? —

— טאַטע, אַזאַ גרויסער מענש ווי יוחנן קען ניט רעדען קיין העברעאיש? —

דאָס איז אויסגעקומען ווי דאָס קינד וואָלט געזאָגט מיט באַ-דויערען:

— אָרימער יוחנן! אפילו קיין העברעאיש קענסטו ניט רע-דען! . . . . —

יוחנן האָט דאָס ניט געקענט פאַרטראָגען, און ער האָט אַ זאָג געגעבען צו דעם קליינעם בן יהודה :

— אני יודע לדבר, וגם אני מבין כל שאתה מדבר, אבל לשונינו — אידיש. אנחנו מדברים אידיש בכל תפוצות ישראל. — וואָס דאָס מיינט:

— איך קען יאָ רעדען העברעאיש, און איך פארשטעה אויך יעדעס וואָרט וואָס דו רעדסט. אָבער אונזער שפּראַך איז אידיש. מיר רעדען אידיש אומעטום וואו אידען זיינען צוזעעט און צו-שפּרייט ! —

— אבל אנחנו עברים, ולשונינו לשון עברית! —

— אָבער מיר זיינען העברעער און אונזער שפּראַך איז העב-רעאיש! — האָט בן יהודה ניט אפּגעלאָזען און איז באשטאַנען אויף דאָס זייניגע, פּונקט ווי ער וואָלט לכתחלה געוואָלט צוגריי-טען יוחנ'ן, אַז ער וועט האָבען אַ שווערען קאַמף דאָ אין לאַנד,

אויב ער וועט זיך שטעלן קעגן העברעאיש, אזוי ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן.

דעם אמת געזאגט, האט זיך דער קאמף וועגן אידיש און העברעאיש, ניט אנגעהויבן אין ארץ ישראל, נאר אין די גלות-לענדער. אין דעם איז אייגנטליך באשטאנען דער אונטערשייד פון די ציוניסטען סאציאליסטען און די טעריטאריאליסטען. ביי די ציוניסטען סאציאליסטען, איז העברעאיש געווען אויף דער טאג-ארדנונג און ביי די אלגעמיינע סאציאליסטען, איז גאר די שפראך פראגע אוועקגעשטעלט געווארען אינגאנצען אנדערש. און ווען אוסישקין האט שפעטער באקומען די אויבערמאכט אין ארץ ישראל, האט ער געשטעלט נאך א שווערערע פאדערונג:

— עברית או רוסית! —

— העברעאיש, אדער רוסיש! —

פון אידיש האט גאר קיין רעדע ניט געקענט זיין.

ביי די העברעער איז אויסגעקומען, אז א איד, ווען ער קען ניט קיין העברעאיש, מעג ער זיך באנוצען מיט רוסיש, מיט דייטש אדער פראנצויזיש, אבער למען השם, ניט מיט קיין אידיש.

גאנץ אנדערש האבען געהאלטען די טעריטאריאליסטען, ביי זיי איז אידיש געווען די פאלקס שפראך. די שפראך מיט וועלכער אידען רעדען זיך צוזאמען אין דער גאנצער וועלט, ווערענד העברעאיש, ביי די טעריטאריאליסטען, איז געווען די שפראך פון די יחידי סגולה, פון די פריוועליגירטע.

די סירקינ׳ס, די בארוכאוו׳ס, די גארעליקס און דניאלים, האבען בפירוש גערעדט און געשריבען א קלאסישען העברעאיש, אבער וואס עס איז געווען שייך דעם פאלק, די פאלקס מאסען, האבען זיי געהאלטען אז זייער שפראך איז אידיש, און אין יענער צייט זיינען אויפגעקומען א גאנצע רייהע אידישע שריפטשטעלער, וועלכע האבען פריהער גערעדט און געשריבען אין העברעאיש, נאר מיט דעם רענעסאנס אין דער אידייען-וועלט, מיט דעם סאציאליזם און טעריטאריאליזם, האבען א גרויסע צאהל אידישע שריפטשטעלער, ווי אבראמאוויטש, דער זיידע, שלום אש, פינסקי, רייזין, שלום עליכם און א רייהע אנדערע זיך א קירעווע

געטהון צו אידיש, באוואוסטזיניג. אידיש האָט אויפגעהערט צו ווערען א זשאַרגאָן, אין דעם מאָמענט, ווען גרויסע קינסטלער האָבען זיך גענומען ווידמענען דער אידישער שפּראַך אָון איהר ליטעראטור.

עס איז שוין אין דעם אייגענעם יאָהר אָפּגעהאַלטען געוואָרען א קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, וועלכע איז געווען די קאָנפערענץ וועגען דער אידישער שפּראַך, און ביי יענער קאָנפערענץ האָבען זיך גרויסע אידען, פארטראכט וועגען דער צוקונפט פון אידיש און האָבען זיך דערקלעהרט אין ליבע צו דער אידישער שפּראַך.

ביי יענער קאָנפערענץ האָט פיגורירט, דאָקטאָר נאטאן בירנבוים, דער אייגענער אחר, וועלכער איז פון דער השכלה איבערגעגאנגען צו דעם ציוניזם, צוגלייך מיט הערצלען, און מיט איהם איז דאמאָלט אויפגעטראָטען דאָקטאָר חיים זשיטלאָווסקי, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען דער אַפּאסטעל פון אידיש, און מיט זיי אברהם רייזען, דוד פינסקי, שלום אש, און אַ צאָהל אנדערע גרעסערע און קלענערע, און אפילו דער דאָקטאָר נאטאן בירנבוים, וועלכער האָט גערעדט מעהר דייטש ווי אידיש, און אויף זיין דייטשען דיאלעקט, האָט ער ניט אויפגעהערט צו דונערען:

— יודיש, און נאָר יודיש, דאָס איזט אונזער שפּראַכע! —

דאָך האָט דער אייגענער דאקטאר אין יענער צייט זיך דערקלעהרט באַרייט מוסר נפש צו זיין פאַר אידיש.

און ווען די ערשטע טעריטאָריאַליסטען זיינען געקומען אַלס משולחים קיין אמעריקע האָבען זיי אין זייער פּראָגראַם איינגעשלאָסען די זעלבע באַציאונג צו אידיש, און האָבען באקעמפט די ציוניסטישע טענדענץ בנוגע העברעאיש.

אָבער מעהר פארשארפט האָט יוחנן אין דעם ערשטען טאָג פון זיין אריבערטרעטען אויף דעם ארץ ישראל׳ער באָדען, באגעגענט זיך מיט דער דאָזיגער שפּראַכען-פּראָבלעמע.

ער האָט אָבער באַשלאָסען דערווייל אָפּצואווארטען, ביז אַ פּאַסיגער געלעגענהייט. נאָכאַלעמען האָט ער געביינקט צו זעהן ארץ ישראל. ער האָט בדעה געהאט זיך איבערצופלאנצען און זיך איינבירגערען אין דעם פארשפּראָכענעם צוקונפטיגען לאנד. און

ער האָט געזוכט אוועקצוציהען פון דער שפּראַכען פּראַגע, און דאָס אָפּלעגען אויף אַן אנדער מאָל.

דער טאָג איז געווען זעהר אַ הייסער, און זיי האָבען געהאט אַ לאַנגע שטרעקע צו געהן ביז זיי וועלען אָנקומען אין דער קאָ-לאָניע.

מיט האסטיגע טריט האָבען זיינע חברים געשפּאנט אין פאָרויס, אַזוי אַז ער איז געווען אַרומגערינגעלט צווישען זיי. די טראָפּישע זון איבער זייערע קעפּ האָט געגאָסען ליכט און הייסע זונשטראַלען אויף זייערע געזיכטער, אַ געדיכטער שוויים האָט זיך צוגאָסען איבער זייערע פּנים׳ער, אָבער דאָס האָט זיי ניט גע-שטערט צו זינגען:

— פּה בארץ חמדת אבות,

— תתקימנה כל הבטחות,

פּה נחיה,

ופּה נירש,

חיי זוהר,

חיי חפש,

נירו ניר,

ניר, ניר,

שירו שיר,

שיר, שיר,

עוד יבאו גרעונים.

שעהנער און שטאַרקער פאַר אַלע האָט געזונגען דער קליינער בן יהודה. ביי די דערוואַקסענע איז דאָס געזאַנג און די שפּראַך אַרויסגעקומען אביסעל געקינצעלט. מען האָט געקענט מערקען, אַז זיי דאַרפען די ווערטער איבערזעצען אין זייערע געדאַנקען פון העברעאיש, ווערהענד ביי דעם אינגעלע זיינען די ווערטער אַרויס-געקומען ניט געקינצעלט, נאַטירליך.

בערל, וועלכער האָט באַמערקט, ווי יוחנן איז געשטוינט פון דעם קינד'ס פּליסיגען העברעאיש, האָט איהם באַמערקט:

— דאַרפסט ניט זיין איבערראַשט, יוחנן. עס איז פאַראַן דאָ עפּעס אַזוינס אין דער לופט, וואָס רעגט דיך אָן צו דער העברעאישער שפּראַך. באַזונדערס ווען דו ביזט געבוירען דאָ. די בערג פון יהודה און פון גליל, דער עמק, און דער אויר האָט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס פאַראינטריגירט דיך פאַר דער העברעאישער שפּראַך. דו קומסט צו צו אַ שעהנער לאַנדשאַפט, און דו עפענסט דעם שיר השירים, און דער גאַנצער טעקסט באַקומט פאַר דיר אַן אַנדער געשטאַלט. דו קענסט קיינמאָל ניט פאַרשטעהן דעם אמת'ן טייטש פון אַזאַ קאַפּיטעל שיר השירים, ווי, למשל:

— אני חבצלת השרון, שושנת העמקים! —

— איך בין די רויז פון שרון, די קווייט פון די טהאָלען! —

— נאָר ווען דו געהסט אויף אַ שפּאַציר איבער דעם שרון, און דו קומסט אַרונטער אין די טיפענישען פון דעם עמק, און דו באַגעגענסט יענע בלוט רויטע רויזען, דערפיהלסטו מיטאַמאָל, ווי אַלע רויזען באַקומען שפּראַך, נויגען זיך צו דיר עקזאָטיש, ווי זיי הויבען אָן זיך אַליין פאָרצושטעלען פאַר דיר אין העברעאיש, און זיי פאַרלאָקען דיך און נעהמען זינגען:

— אני חבצלת השרון, שושנת העמקים! —

— דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש! —

מיטאַמאָל זיינען זיי אָנגעקומען אין די הרי יהודה, אויפ'ן וועג קיין ראשון לציון. פון איין זייט די בערג. און פון דער אַנדערער זייט, דער ישוב, וועלכער איז שוין געווען פאַרפּלאַנצט פון דעם באַראָן הירש'ס וויין קעלערען און קאָלאָניעס, דאָס בילד איז געוואָרען אַזוי אַנציקענדיג, אַז יוחנן איז פאַרכאַפּט געוואָרען פון דער רחבות, פון דעם שניי אויף די שפּיץ בערג, פון דעם בלויען הימעל, און פון די פעלדער און סעדער, אין מיטען מדבר, אז ער איז איבערגעוועלטיגט געוואָרען, און ווי זיינע פיס וואָלטען מיטאַמאָל אונטערגעהאַקט געוואָרען, האָט ער געקניעט און זיך צוגעזעצט .מורמלענדיג:

— שהחינו וקימנו, והיגיענו לזמן הזה! —
דערנאָך האָט ער ניט אויפגעהערט צו מורמלען:

— אַמאָל פלעגן די קינסטלער זאָגן: זעה נעאפעל און שטאַרב, איך האָב אַלעמאָל געפיהלט:

— זעה ארץ ישראל און לעב.

דערנאָך איז יוחנן איבערגעפילט געוואָרען מיט אזעלכע מיס-טישע שטימונגען, אַז ער האָט אפילו ניט געהערט ווי די חברים האָבען גערעדט צו איהם, ער איז געווען איינגאנצען איבערגע-טראָגען אין זיינע געדאנקען, און האָט פארגליכען זיין אָנקומען דעם ערשטען טאָג קיין אמעריקע, וואו מען איז זיי אנטקעגענגע-קומען מיט כלי זמרים, צו דער שיף, נאָר ביז זיי זיינען אריינגע-קומען אין ריווינגטאן סטריט, האָבען די איירישע זיי באווארפען מיט שטיינער, און דאָ איז אַלץ אַזוי באשיידען, אַזוי פרימיטיוו. ניטאָ נאָך קיין טראנספארטאציע-מיטלען, מען געהט צופוס, אָבער מען געהט מיט גרינג געמיטה, פון קיינעם ניט געשטערט, און מען פיהלט זיך אין דער היים.

עס איז געוואָרען אַזוי לייכט אויפ׳ן געמיטה. ווען ניט דער איבעלדיגער איינדרוק וואָס דאָס קינד האָט איהם געגעבען אַן אָנצוהערעניש ווענען אידיש און העברעאיש, וואָלט ער געווען היינט זיך געפיהלט דער גליקליכסטער אין דער וועלט.

אָבער אָט זיינען זיי שוין אָנגעקומען אין ראשון לציון. די פרויען זיינען זיי אַרויסגעקומען אנטקעגען, און אַלע האָבען אַרויסגעוויזען אַזוי פיל ווארעמקייט.

מען האָט צוגעגרייט א גוטען ווארעמעס. אויף א היימישען אופן האָבען זיך אַלע אַרומגעזעצט אין געצעלט, ארום א ברייטען הילצערנעם טיש, זעהר שעהן אויפגערוימט, אויף דעם פאַרמערי-שען שטייגער, ווי ער איז געווען געוואוינט אין זשיטניק, און דער-נאָך אין מאָריסוויל, נאָר וואָס פאר א פארגלייך?. . .

— ארץ ישראל! — האָט עס ניט אויפגעהערט צו זינגען אין זיין הארצען. אונזער לאנד! אונזער היים, די היים פון דעם אי-דישען פאָלק! —

אין מיטען פון דעם טיש אין עס-צימער זיינען געשטאנען פרישע, ווילדע בלומען, און צום טיש איז דערלאנגט געוואָרען גרינצייג פון דעם אייגענעם גאָרטען, און מילכיגס פון דער אייגע-נער בהמה, און אין מיטען פון דעם מאָלצייט, האָט זיך דערהערט דאָס הירזשען פון די מויל אייזלען, וואָס האָבען דערמאָנט אז מען איז אויף אַן אייגענער פאַרמע, און די באוועגונגען ביי די פרויען ווי ביי די מענער זיינען אלץ אזעלכע לייכטע, ריטמישע, און דאָס לעבען ווי בכלל דאָס לעבען פון דעם פויער, פריי און זאָרגלאָז.

און נאָך אַ זאַך איז איהם שטארק געפעלען:

מיט די קינדער האָט מען זיך דאָ אָפּגעגעבען, ווי מיט דעם וויכטיגסטען אין לעבען. דאָס קינד האָט באקומען פון אַלעמען געננוג אויפמערקזאמקייט און צערטליכקייט, די בעסטע נאהרונג, און דאָס שעהנסטע געלעגער, אזוי ווי אַלע וואָלטען געפיהלט, אז קיינער לעבט ניט פאַר זיך, נאָר פאַר דעם דור, וואָס קומט נאָך איהם, און צו דעם פרעמדען, צו דעם גאסט, איז מען געווען ניט נאָר העפליך, גאָר אמת איבערגעבען מיט אזא מין פריינטשאפט, וואָס ער האָט אין דער וועלט ניט באגעגענט. פונקט ווי יעדער איינער וואָלט דאָ דערפיהלט, אז ער איז ניט געקומען אהער צו-ליב זיך, נאָר צוליב דעם פאר וועמען מען דארף מאכען פּלאַץ.

— דאָס איז נאטירליך ביי אונז, — האָט איהם בערעל ביים טיש געגעבען צו פארשטעהן זעהענדיג ווי יוחנן איז איבערראשט, און ער הערט זיך ניט אויף צו חידושן פון יעדע קלייניגקייט.

אומעטום האָבען מיר געלערענט די ביבעל, און האָבען זי ניט פאַרשטאנען. קומען מיר צוריק אין ארץ ישראל, און די ביבעל הויבט אָן צו האָבען פאַר אונז אַ גאַנץ אנדער באדייטונג. האָבען מיר אומעטום פון קליינערהייט אָן געלערענט:

— ואהבתם את הגר, — און איהר זאָלט ליב האָבען דעם פרעמדען, — כי גרים הייתם בארץ מצרים. — ווייל פרעמדע זייט איהר אליין געווען אין מצרים.

— אָבער ווען מיר קומען אַליין אהער. צוריק אין אונזער לאנד, און מיר עפענען די ביבעל און מיר נעהמען לייענען די אייגענע ווערטער, דערפיהלען מיר, אז איצט זיינען מיר שוין אין

דער היים, ניט אין גלות. באגרייפען מיר, אז ווען דער פרעמדער קומט צו אונז, דארפען מיר איהם מאכען פיהלען זיך אין דער היים, און דאן זיינען מיר גרייט איהם אפצוגעבען דעם טרונק וואסער, אונזער ביסען ברויט, און דאס בעסטע געלעגער, און מיר פיהלען אז מיר לעבען אן אמת, א נאטירליך לעבען און דאס איז ביי אונז דאס גרעסטע פארגעניגען.

עס איז געוואָרען נאכט. איבער די בערג האָט זיך פארצויגען א בלויער אזור, און ניט קיין טומאן נאָר א בלויע ראסע האָט זיך פארצויגען איבער בארג און טהאָל, און איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, האָט זיך א ווייסע נאכט פארשפרייט איבער די בערג פון יהודה.

א גילדערנע לבנה, ווי א שטיק צוגליהטער פייער איז ארויסגעקומען פון אונטער די בערג, און טיפע שאָטענס מיט א קיהל ווינטעל האָבען זיך אָנגעטראָגען און האָבען אַלץ איינגעהילט אין א שטיל-שווייגען, וואָס האָט גערעדט העכער ווי מיט ווערטער, און פון אַלץ האָט יוחנן געהערט איין שטימע:

— אונזער לאנד! ארץ ישראל! דאָס לאנד פון אונזערע אבות, דאָס פארשפראָכענע לאנד פון דער צוקונפט, פאר די וואָס וועלען קומען נאָך אונז!

יאָסעל, דער שומר, וועלכער איז געווען דער פלינקסטער פון אַלע שומרים אין ראשון, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס ער האָט אַלץ געטהון מיט איין האנט, זינט יענער נאכט, ווען א פארגיפטעטע שפיז פון א בעדואינער האָט געבראכט דערצו, אז ער איז געבליבען מיט איין האנט, האָט פלינק א כאפ געטהון די ביקס אויפ'ן אקסעל, און א זאג געגעבען:

— שלום חברים! טוב לחיות בארץ ישראל!

— אויף ווידערזעהן, חברים. עס איז שעהן צו לעבען פאר ארץ ישראל!

דער קליינער יהודה איז צוגעלאָפען צו יאָסלען, זיך צוגעטוליעט צו איהם, און געענטפערט:

— שלום, יאָסל, וגם למות בעד ארצינו! —

— אויף ווידערזעהן יאָסל, עס איז אויך שעהן צו שטאַרבען פאַר אונזער לאַנד!

אין דעם דאָזיגען מאָמענט האָט יוחנן באַגריפען, אז אין ארץ ישראל איז ניטאָ קיין מורא פאַר'ן טויט. דער עיקר איז, ווי אַזוי מען לעבט, כל זמן מען לעבט. — הייסט עס, אַז דאָס איז ניט קיין פּוסטע פראַזע, ווען אַ קליינער אינגעל, ווייסט שוין וואָס דאָס איז אַזוינס לעבען און טויט. ער זאַפּט דאָס אַלזאָ איין אין זיך, פון געבורט מיט דער מוטער'ס מילך! . .

— איז אפשר דאָס קינד גערעכט. וואָס איך בין ביי איהם אַ מענש פון דעם גלות-לאַנד! — האָט יוחנן אָנגעהויבען צו טראַכ-טען, און ער האָט אָנגעהויבען מקנא צו זיין דאָס אינגעלע, וואָס איז דאָ געבוירען געוואָרען, און לעבט אַזאַ נאַטירליך, פריי לע-בען, און וואָס קוקט אויף איהם מיט באַדויערען, יעדעס מאָל, ווען ער נעהמט רעדען מיט איציקען און מיט בערלען אין אידיש.

— דבר נאָ עברית. — האַלט בן יהודה אין איין אַגיטירען איהם, — רעד העברעאיש. און דערנאָך לעגט ער רק צו: אל תדבר לשון גלות! — רעדט ניט די גלות שפּראַך!

— ווער האָט עס איהם אַזוי פאַרבילינגט, און מיאוס געמאַכט דאָס ליבע מאַמע-אידיש? —

די חברות האָבען שוין אויפגערוימט דאָס עס-צימער, און מעהר ווי א ריינער טיש און אָפּגעטרוקענטע כלים אין קיך איז אין ערגעץ ניט געבליבען קיין זכר פון דעם, וואָס עס האָט זיך פריהער געטהון.

איצטער זיינען אַלע ארויס אין גאָרטען. מען האָט צולעגט אַ פייער, און ארום דעם פייער האָבען אַלע זיך אַרומגעזעצט. גרויס און קליין, און אַלע האָבען זיך געטוליעט ארום דעם גאַסט, איהם אַלץ געוואָלט מאַכען פיהלען זיך וואָס היימישער און באַקוועמער.

געסט זיינען אָנגעקומען פון זכרון יעקב און פון נס ציונה. קאָלאָניסטען זיינען ארויסגעקומען, און האָבען אפילו געבראַכט מיט זיך געסט, אורחים, וואָס זיינען אויך ערשט היינט אָנגעקומען בייטאָג מיט דער אייגענער שיף.

צווישען זיי האָט יוחנן דערקענט סיי די אַרבייטער, וועלכע

האָבען דעם גאַנצען וועג אויף דער שיף געחלומ'ט און זיך גע-היצט וועגען ארץ ישראל און גערעדט באגייסטערט פון דעם ציוניזם, ווי ער וואָלט געדארפט זיין, און אויך אייניגע פון די בעלי-בתים, די סוחרים, ביי וועמען ארץ ישראל איז שוין געווען א מסחור, ווייל זיי האָבען שוין געהאט פארפלאנצט פרדסים אין ארץ ישראל, האָבען דאָ באשעפטיגט אראבער, און האָבען ניט אויפגעהערט צו גיסען פעך און שוועבל אויף די אידישע אר-בייטער, וואָס „מאכען אומגליקליך דאָס לאַנד," ווייל זיי צושטע-רען די אָרדנונג, און רייצען אויף דעם אראבער און קלעהרען איהם אויף, אַז ער זאָל פאָדערען גרעסערע שכירות, און ניט לאָ-זען זיך פארקנעכטען.

— משה, משה קומט! — האָבען בערעל און איציק ביידע אויסגערופען באגייסטערט צו יוחנ'ן, און האָבען איהם גענומען ערקלעהרען ווער דער משה איז.

— משה שמעליאנסקי. דו האָסט מן הסתם געהערט פון איהם. א איד, וואָס קען זעהר שעהן אידיש און נאָך שעהנער העברעאיש. ער שרייבט גאנץ גלאטע דערצעהלונגען, און נאָך בערלען האלט מען, אַז ער איז דער שעהנסטער שרייבער ביי אי-דען אין ארץ ישראל, און דערצו טאקע אַן אמת'ער אידעאליסט, וואס האלט מיט די פועלים. — האָט איציק אין דער שטיל גע-געבען יוחנ'ן צו פארשטעהן און האָט איהם באקאנט געמאכט, ווער דער משה איז, איידער ער איז צוגעקומען נאָהענט.

לכבוד דעם גאסט, יוחנ'ן, וועמען אַלע האָבען דערוואַרטעט איז משה ארויסגעקומען צוזאמען מיט די בעלי-בתים ביי וועמען ער האָט געאַרבייט, און וועלכע האָבען איהם פארשפּראָכען אַ חלק אין זייערע וויינגערטנער, און ער האָט אויך מיטגעבראכט די בעלי בתים מיט זיך, נאָר אין יענער צייט איז נאָך משה שמע-ליאנסקי געווען איינער פון די פּועלים, און מיט א בארוף אויף ליטעראטור, און אויף חבת ציון, און א יונגער אידעאליסט און ער האָט מיט זיין צונג ווי מיט זיין פען ניט געשאנעוועט די קאָ-לאָניסטען, און זיי אוועקגעגעבען א גאָב, ווי עס איז זיי געקומען.

משה האָט מיטגעבראכט מיט זיך לכבוד דעם גאסט אַ קעס-טעל וויינטרויבען פריש, מיט דעם טוי פון חרמון, און אַ פּאָר

פלעשער וויין, און אויפ׳ן גראָז, ארום דעם געצעלט, איז געדעקט געוואָרען די ערד פאר א חגיגה׳לע, און באלד האָט מען צולעגט די פירות, און אָנגעגאָסען דעם וויין, און בערל, וועלכער איז גע- ווען דער אָפיציעלער משורר, דער פּאָעט פון ראשון, איז אויפגע- שטאנען, און האָט געעפענט די חגיגה:

ווינציג האָט זיך איהם געחלומ׳ט, אַז גאָר אינגיכען וועט דער אייגענער משה שמעליאנסקי איבערגעהן אין דעם שונא׳ס לאַגער און וועט נעהמען באקעמפען די אידישע אַרבייטער, זיינע אייגענע חברים, און אַז דער אייגענער שמעליאנסקי, וועט זיך ניט אָפּ- שטעלען פאר קיין זאַך, און וועט אַליין פארציהען אראבישע אַר- בייטער, און אז ער וועט ווערען אַליין דער יושב ראש פון די קאָלאָניסטען, און צוטראַכטען רק תחבלות ווי אזוי צו באקעמפען די אידישע ארבייטער בעוועגונג אין ארץ ישראל.

דער עולם האָט געהוליעט ביז דער מאָרגענשטערן איז אויפ- געגאנגען און די שומרים האָבען זיך שוין געביטען. יאָסעל איז צוריקגעקומען אַ פרעהליכער א מוטיגער, ארונטערגענומען די ביקס פון אקסעל מיט אזא פלינקער באוועגונג, אַז עס איז איהם געווען צו באוואונדערען. איציק האָט ביי איהם צוגענומען די ביקס, זיך צוזעגענט מיט דעם עולם, אַ קוש געגעבען חיה שרה׳ן, און איז אוועק האלטען די וואַך.

בערעל און יוחנן זיינען נאָך פארבליבען, און זיי האָבען זיך דורכגערעדט אויף אַן אינטימען, חבר׳שען אופן.

פריהער האָט יוחנן איהם איבערדערצעהלט זיינע איבערלע- בענישען אין נויאָרק, אין מאָריסוויל, און אין וואָטערבורי, און ער האָט זיך ניט געשעהמט צוצוגעבען, אז אידישע קאָלאָניזאציע אין אמעריקע, איז דערוויל אַ גרויסער דורכפאַל. עס נעהמען זיך דערצו ניט די ריכטיגע מענשען, און אזוי גיך, ווי מען קומט אויף דער פאַרמע, נעמט זיך אויסשפּרייטען דער אייגענער ניט יושר׳דיגער שטייגער פון אידישען לעבען, אריבערגעשלעפּט פון דער אלטער היים, און דערנאָך פון נויאָרק. רכילת, לשון הרע, קנאה, שנאה, פּליאטקעס, קליינליכע פּאָליטיק. און דער עיקר, שפּעקולאציע. לאַנד שטייגט אין מקח, דערפיהלען אידעלאַך, אַז עס איז דאָ אַ געלעגענהייט צו כאַפּען א פארדינסטעל, פארקויפט

מען מיט רווחים, און מען ווערט אַ שפּעקולאַנט פון הייזער, אַן אַגענט, אַ יאַרידניק. מען קויפט און מען פארקויפט איבערנאַכט. עס טויג ניט.

— ניט דאָס האָב איך געמיינט, — האָט יוחנן זיך איהם פאַר-טרויעט. — עס איז פון דער עס עולם אידייע אין אמעריקע גאַר-נישט געוואָרען. ס'איז צושוואומען געוואָרען אַ שעהנער חלום. און איצטער זיינען שוין די מעהרסטע געוואָרען אדער פאַבריק ארבייטער, אָדער קליינע סוחרים, אַגענטען פון נעה-מאַשינען, און פארזיכערונגס אַגענטען, און די אידייע איז טויט. קאָלאָניזאַציע איז אַ דורכפאַל פאַר אידען אין אמעריקע. — האָט יוחנן פאַר-ענדיגט.

ווען ער איז שטיל געוואָרען, האָט בערל אָנגעהויבען דער-צעהלען:

— מיט אונז איז עס גאַנץ אנדערש. קודם איז קלאָהר, אַז כאָטש מיר ארבייטען אונטער די ערגסטע פיזישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, זעהען מיר קלאָהר די גרויסע, פּאָטענציעלע קאָלאָ-ניזאַציע מעגליכקייטען. ניט מעהר וואָס מענשען קומען אהער מיט ווינציג געלט, און נאַטירליך געהט עס אַוועק מיט דער צייט, איידער די ערד הויבט אָן ארויסצוגעבען איהרע רווחים. עס געהט אַוועק אין דער ערשטער תקופה פון פּיאָנערעווען. דערנאָך מוז מען אנקומען צו שטיצע. געבען טאַקע די חובבי ציון פון חוץ לארץ און געבען מיט'ן גאַנצען הארצען, נאָר דאָס אומגליק איז, וואָס אויף איינציגע ווירקט די שטיצע זעהר שלעכט. עס מאַכט געוויסע עלעמענטען פאַר פוילענצער, זיי לערנען זיך אויס צו לע-בען אויף שטיצע, און דעריבער איז ביי זיי ניטאָ קיין מזל-ברכה.

מען מעג שוין זאָגען פאָרויס, אַז די שטיצע מצד די חובבי ציון וועט ווערען אַ קללה, כל זמן די אידען דאָ, וועלען זיך ניט אויסלערנען צו שטעהן אויף אייגענע פיס און זיך נעהמען ריכ-טיג צו דער ארבייט. עס זיינען אָבער דאָ אויסערגעוועהנליכע מעגליכקייטען פאַר אידען מיט געלט. — האָט בערעל איהם באַ-טאַנט, — היינטיגעס יאָהר האָט שוין פּאַסירט גאָר אַ נייעס:

— מענשען פאַרמעגליכע פון רוסלאַנד און אפילו פון אַמע-ריקע זיינען געקומען, און האָבען אויפגעקויפט גרויסע שטחים לאַנד, זיי האָבען באַווירטשאַפט און פארפלאַנצט, ניט מיט זייער

איינענער פּראַצע, נאָר מיט׳ן כח פון זייער געלט. זיי האָבען שוין אַפילו זיך פאַראייניגט אין אַ געזעלשאַפט, האָבען אוועקגעשטעלט משגיחים כדי אכטונג צו געבען אויף דער ארבייט וואָס אַנדערע טוהען, און מען קען שוין זעהן פראַוויס, אז דער ישוב וועט פון די דאָזיגע בעלי בתים האָבען גרויסע צרות, מחמת ביי די בעלי בתים וואס וואוינען ניט אין לאַנד איז דאָס ניט קיין אידעאַל, נאָר אַ נייער מסחור, און ווי אַלע מסחרים, איז שוין אויך דער דאָזיגער האנדעל געבויעט און באזירט אויף שפּעקולאַציע און אויף פארקנעכטונג.

יוחנן האָט עס שטארק באַדויערט און איהם באַמערקט:

— געוויס, וועט דאָס קיין גוטעס דעם ישוב ניט טהון. געלט האָט שוין אַזאַ טבע. ארבייט און שוויים בינדט צונויף דעם שע־פער מיט דאָס געשאַפענע, מיט בלוט און אָדערען, מיט נערוועןאון מאַרך. און אָהן סכנת נפשות וועט מען דעם בונד ניט אי־בעררייסען, אָבער געלט און סחורה איז פּונקט אַזוי לייכט פאַנ־אַנדערבינדען איינס פון דאָס אַנדערע, ווי מען לאָזט פאַנאַנדער אַ קניפּעל״.

— היינט איז דאָס אַ רענדעל, מאָרגען באָדען, און איבער־מאָרגען קען מען האָבען אַ געלעגענהייט פאַר דעם באָדען צו באַקומען דריי רענדלאַך. איז אויסגעביטען ווידער אויף רענדלאַך. דעריבער דאַרפען מיר זיך באַצייטענס צוגרייטען ווייל עס מוז קומען צו אַן אָפענעם קאַמף. — האָט בערעל זיך איהם פאַרטרויעט און איהם געגעבען צו פארשטעהן.

די משגיחים וועלען דאַרפען נושא חן זיין ביי זייערע בעלי בתים פון אויסלאַנד, וועלען זיי ניט קאַרגען אויף דעם אייגענעם חשבון, נאָר אויפ׳ן חשבון פון דעם ארבייטער. זיי טוהען דאָס שוין איצטער. זיי דינגען אַראַבישע ארבייטער, זעהר ביליג, און־טער׳ן מקח, און דאָס ברענגט דערצו, אַז דער חלוץ זאָל פאַרהונ־גערט און אנטוישט ווערען. דאָס פיהרט אויך דערצו, אַז מיר די אידישע אַרבייטער קענען ניט דערגרייכען אונזער ציעל, צו פאַר־גרעסערען די צאָהל אידישע ערד־ארבייטער אין לאַנד, מחמת מען רעדט אונז שוין איצטער איין, אַז מיר, די חלוצים זיינען ניט פעהיג צו ערד ארבייט, צו לאַנדווירטשאַפט, כאָטש עס איז אין דער אמת׳ן אַ מיאוסער בלבול.

— טרויעריג, זעהר טרויעריג. — האָט יוחנן מסכים געווען מיט איהם.

בערל האָט ווייטער געצויגען דעם דאָזיגען געדאנק:

— דער גורל פון דעם גאַנצען ישוב איז אבער פאָרט אָפּהענגיג פון אידישען פּועל. דער אידישער ארבייטער איז פאר'ן ישוב דאָס זעלבע, וואָס בלוט פאר'ן קערפּער פון א געזונטען מענשען, ער גיט איהם צו געזונט און לעבען, און פארהיט איהם פון צו-פוילט ווערען. די אראבישע ארבייטער זיינען ניט מעהר, ווי אָנגעשפּארט זיך אויף אַ צובראָכענעם שטעקען.

— עס זיינען אָנגעקומען היינטיגעס יאָהר א שפּאר ביסעל קרעמער און מעקלער, שענקערס און הענדלער. מלמדים און שמשים, סופרים און שופטים. איבערנאכט זיינען זיי פּלוצלינג געוואָרען ארבייטער, האָבען מיר זיך מיט זיי דערפרעהט. אָבער אונזער שמחה האָט לאנג ניט אָנגעהאלטען. עס זיינען דורך א פּאָר טעג, און די מחנה איז נעלם געוואָרען פון די קאָלאָניעס נאָך שנעלער ווי זי איז אָנגעקומען. מחמת זיי זיינען לכתחלה ניט געווען צוגעפּאסט צו דעם ארט לעבען. זיי זיינען פּראדוקטען פון בהלה, און אייניגע האָבען גראד געוואָלט פארבלייבען, זיינען אָבער די ארבייטס באדינגונגען אזעלכע, אז מען איז געצוואונגען צו פארלאָזען די קאָלאָניע.

— אויב מיר ווילען אידישע ארבייטער אין לאנד, דארפען מיר ענדערען די לעבענס-באדינגונגען. — האָט יוחנן איהם בע-מערקט. מיר דארפען געפינען א וועג, עפּענען נייע אויסזיכטען און צילען, וואָס זאָל צובינדען צו דער ארבייט ניט נאָר אויס ליבע, נאָר אויך דורך תכלית. —

— אויב אזוי, — האָט בערעל א זאָג געגעבען, — האָב איך איין פּאָרשלאג פאר דיר. דו ביזט איצט אַ גאסט, דו קענסט דעם סאָציאליזם. דו ווייסט דעם דורכפאל פון דער קאָלאָניזאציע אין אמעריקע. טו נעהם אויף זיך די ארבייט אויפצוקלעהרען די אי-דישע ארבייטער אויף צוויי אופנים. ערשטענס, ווי ווייט מעגליך שפּאָרען און זיך שטעלען אויף אייגענע פיס דורך קאָאָפּעראטיווע קאָלאָניעס, און צווייטענס באַשטעהען אז אידישע קאָלאָניסטען מוזען געבען די ארבייט צו אידען. על כל פנים אויך צו אידען,

אָבער ניט ארויפלעגען א חרם אויף אידישע ארבייט. מחמת דאָס איז שרעקליך, און עס וועט פיהרען צו אונטערגאנג. עס ווערט אַ לאנד פון מסחור, וואָס וועט ליגען ביי די אויסלענדישע קאפּיטאַ-ליסטען אין די הענט, און אויב מיר וועלען ניט פארכאפּען אין צייט, וועלען מיר אויסהאָדעווען א שלאנג, אן אייגענע שלאנג ביי אונזער טהיר. —

— נו, גוט. ברענג מיר דעם עולם, אָדער ברענג מיך צו די ארבייטער, און איך וועל זיי נעהמען אויפקלעהרען, — האָט יוחנן אַ זאָג געגעבען אַ צופרידענער.

ווען זיי זיינען געגאנגען שלאָפען, האָט שוין געטאגט, און עס האָבען זיך שוין געהערט די קולות פון די בהמות, חיות און עופות, וואָס האָבען זיך איבערגעמישט, און אַלעמאָל דערמאָנט, אַז מען איז נאָהענט צו דער נאטור, און אז אַ לעבעדיגע וועלט, האָט זיך אויפגעכאפּט פון שלאָף.

אויף מאָרגען האָט בערעל אנגעהויבען צוגרייטען פאר יוחנ'ן דעם באָדען פאר אן אגיטאציע טור איבער די קאָלאָניעס, ווי ראשון לציון, זכרון יעקב, יסוד המעלה, פּתח תקוה, ראש פּנה און מתולה.

— חברים און חברות; — האָט בערל אָנגעהויבען, — ביי מיר פערזענליך, און זיכער אויך ביי איציקען, מיין חבר, איז היינט דער גליקליכסטער טאָג אין אונזער לעבען. מיר האָבען היינט אַ גאסט, וועלכער איז אונזערער א יוגענט-חבר, און וועלכער האָט נאָך אין זיין יוגענט געריסען קייטען, געבראָכען דאגמאס, און גע-האָלפען דער אידישער יוגענט צו געהן אויף ראדיקאלע וועגען! —

עס איז געוואָרען אַ שטורעמדיגער אפּלאוז, און אלע, חוץ די פּאָר בורזשואזנע געסט, די קאָלאָניסטען האָבען אלע געשטורעמט מיט באגייסטערונג.

דער קליינער בן יצחק, וועלכער איז שוין געווען אינווע-ניג אין דעם געצעלט, און אלע האָבען גערעכענט אַז ער שלאָפט שוין, האָט אן עפען געטהון דאָס פענסטער, און אויסגעשריען:

— דוב, אל תדבר בלשון גלות, אתה יודע לדבר עברית, מדוע אתה מדבר גלות ? —

— בערל, רעד ניט קיין אידיש. גלות-שפּראַך. דו קענסט רע-דען העברעאיש, פאר וואָס זשע רעדסטו מיט דער גלות-שפּראַך! —

די שטימונג איז געוואָרען אַן אָנגעצויגענע. אַלע האָבען דער-פיהלט, אַז זיי הויבען אָן דאָמינירט צו ווערען פון דעם קינד, וועלכער איז דאָ געבוירען, און אַז איהם איז דערווידער די אידישע שפּראַך.

יוחנן האָט זיך דערפיהלט דענערווירט.

חיה שרה האָט זיך אויפגעהויבען, זיך אנטשולדיגט פאר יוחנ'ן, און פאר דעם גאנצען עולם, און איז אריין אין איהר גע-צעלט, און האָט גענומען איינטענה'ן מיט'ן קינד:

— בן יצחק, בני, — קינד מיינס, — האיש יוחנן הוא אדם גדול, אבל הוא בא מארץ אמעריקע, ושם עברים מדברים בארץ יהדות, וכאשר הוא בא בצל קורתינו, אנחנו מדברים היום בלשון גלות-אל תדבר מאומה. . .

— קינד מיינס. דער מענש יוחנן איז אַ גרויסער מענש, אָבער ער קומט פון אמעריקע און אין אמעריקע רעדען די אידען ניט קיין העברעאיש, נאָר אידיש, און אזוי ווי ער איז היינט אונזער גאסט רעדען מיר היינט אַלע אידיש, און דו זאָלסט מעהר ניט רעדען קיין וואָרט. —

ניט אזוי לייכט איז אָנגעקומען חיה שרה'ן בן יצחק'ן צו בארוהיגען, ער האָט ניט אויפגעהערט צו טענה'ן:

— אבל אנחנו בארצינו, ארץ ישראל. כל העברים חייבים לדבר בלשון העברית! —

— אָבער מיר זיינען אין ארץ ישראל. אַלע אידען דארפען דאָ רעדען העברעאיש.

מיט גרוים מיה האָט איהם חיה שרה בארוהיגט, האָט איהם איינגעדעקט, און בארואיגט מיט א ליד צום שלאָפען געהן:

נומה פרח בני מחמדי

ערשך כי עניע

מחייך העתידים

שיחות לך אביע,
מחייך העתידים,
שיחות לך אביע.

שלאָף מיין זוהן,
מיין קרוין מיין שעהנער,
שלאָף זשע, ליו, ליו, ליו,
א שעהנע צוקונפט,
דיך דערוואַרטעט,
שלאָף אין זיסער רוה! —

בן יצחק איז איינגעשלאָפען. חיה שרה איז ארויסגעקומען, און בערל האָט פאַרגעשטעלט משה שמעליאנסקין, וועלכער איז דאן געווען אין דער סאמער בליהענדסטער פעריאָדע, באזעלט מיט אַ גייסט פון דעם אמת'ן חובב ציון, און משה האָט אָנגעהויבען:

— חברים, מיר איז באקאנט דורך איציקען און בערלען, מיינע אינטימסטע חברים, דער גאסט, יוחנן, און איך בין געקומען איהם היינט דאָ באגריסען, און איהם זאָגען, אַז ארץ ישראל איז איהם מקבל פנים, און עפענט פאר איהם איהרע טויערען, און אַז ער איז אונז מעהר ווי ווילקאָמען, ווייל מיר נויטיגען זיך דאָ אין אידעאליזם, מענשען מיט בילדונג און קענטניש, מענשען מיט נשמה, וועלכע זיינען גרייט צו געהן אויף מסירת נפש, און אויך זעהן ווירקען אויף אנדערע, אַז זיי זאָלען ניט מאכען פון ארץ ישראל קיין נייעם גלות! —

אלע ארומיגע וועלכע זיינען געזעסען אויסגעזעצט מיט די פיס אונטער זיך אויף דער ערד, אנטקעגען פייער, וועלכער האָט איצט געשפרייט העלע פלאמען ארום, און זיך אָפגעשפיגעלט אין די בערג, און פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ גלאָרייך בילד, האָבען זיך דערפיהלט דערמוטיגט פון שמעליאנסקי'ס אָנרעגענדען טאָן, האָבען אָנגעהויבען פאטשען מיט די הענט און גענומען שרייען —

— הידד! יחי המושב! —

— הורא ! זאָל לעבען דער אידישער ישוב! —

שמעליאנסקי האָט ווייטער גערעדט:

— אונזער גאסט וועט אפשר פון מיינע רייד קיין הנאה ניט האבען, ווייל עס האלט מיט אונז ניט זעהר פרעהלאך. קאָלאָניסטען ווערען דוקא אלץ מעהר אין ארץ ישראל, אָבער דאָס איז פאר אונז, פועלים א קללה, צוליב דעם אליין, ווייל וואָס מעהר קאָלאָניסטען, אידישע עס פארמעהרען זיך, אַלץ ווינציגער אידישע פועלים בלייבען ארום די קאָלאָניעס. עס קומט אויס, אַז יעדער קאָלאָניסט קומט אהער איבערצופיהרען דאס וואָס די בילו'צעס האָבען באצוועקט. מיר האָבען אויסגערייניגט די לופט פון מאַלאַריע, זיינען זיי געקומען און האָבען אָנגעהויבען צו פארפלאנצען מסחור. מיר האָבען געטרוקענט די זומפען, קומען די קאָלאָניסטען און פארפלאנצען עקספלואטאציע, און קנעכטשאפט. אידישע ארבייטער וועלכע ווילען בויען דאָס לאנד פאר צוקונפטיגע יסודות לויט די פאָרשריפטען פון הערצלען, און לויט דעם וואונש פון דעם נציב הידוע, דעם באראָן ראָטשילד, קומען צופאָהרען אָפּגעפרעסענע אידישע בורזשוא, און זיי צושטערען דאָס וואָס מיר האָבען געבויעט מיט אונזער שווייס און בלוט! —

ווידער האָט דער עולם אפלאָדירט, און עס האָבען זיך אפילו געהערט געשרייען פון די ארומיגע:

— בראוואָ, משה ! זאָג זיי שמעליאנסקי ! גוט אזוי ! דאָס איז דער אמת ! —

שמעליאנסקי האָט ווייטער גערעדט:

— אויף יעדען אידישען ארבייטער האָבען זיך באוויזען זעקס אראבער. פון וואנען האָבען זיי זיך גענומען? זיי זיינען גארניט געווען דאָ אויפ'ן ישוב! מען ברייננט זיי אַריין פון עבר הירדן, פון דער מדבר, מען זוכט זיי מיט ליכט, אפילו פון עגיפטען ברייננט מען זיי, אבי ניט צו געבען קיין באשעפטיגונג צו קיין אידישען ארבייטער, וועלכער איז אַ קרבן פון פאָגראָמען און פון רדיפות- אין רוסלאנד און פון בעסאראביע, פון רומעניען און פון פוילען —

די בערג זיינען פארהילכט געוואָרען פון די פאטשערייען פון

הענט, וועלכע זיינען געקומען פון אלע ארומיגע אין ראשון, וועלכע האָבען דערפיהלט, אז שמעליאנסקי רעדט דאָס, וואָס עס האָט זיך לעצטענס אָנגעקליבען ביי זיי אלעמען אויפ'ן הארצען.

— זאָג איך, — האָט שמעליאנסקי פאָרטגעזעצט, — מיר, די פועלים זיינען געקומען מיט א אידעאל אין הארצען, מיר זיינען די נאטירליכע, די בארעכטיגטע בויער און יורשים פון ארץ ישראל. מיר דארפען דעראָבערען די ארבייט, כבוש העבודה. אר־בייט איז ביי אונז אַ אידעאל, און מיר דארפען זיך שטעלען אנטקעגען יענע אויסבייטער, וואָס פארקנעכטען דעם ארבייטער, וואָס ווילען בויען ארץ ישראל מיט פרעמדע הענט און מיר טאָרען דאָס ניט דערלאָזען, נאָר קעמפען פאר אונזער לאנד און פאר אונזער פאָלק!

— בעד עמינו, ובעד ארצינו! —

די קאָלאָניסטען זיינען אוועק ברוגזע, אָהן א זיי געזונט, און משה האָט גענומען רעדען נאָך העכער, בכיוון, כדי זיי זאָלען הערען זיינע רייד:

— זאָלען זיי געהן די בלוט־זויגערס, די אויסבייטער, די פארקנעכטער! ארץ ישראל האָט ניט געשיקט נאָך זיי. . . דאָס איז אַ דור המדבר. זאָלען זיי בלייבען אין גלות. זאָלען זיי געהן קיין אמעריקא און עפענען שוויץ־שעפער, פאבריקלעך, וואו זיי וועלען אויסבייטען זייערע ברידער, גרינע אידען, ביז יענע וועלען אויפשטעהן און קעמפען קעגען זיי, אָבער אין ארץ ישראל זיינען זיי אַ קללה. מיר מוזען זיי באקעמפען, מיר וועלען זיי באזיגען! —

און ווען די אפלאָדיסמענטען האָבען זיך איינגעשטילט האָט דער עולם ווידער גענומען זינגען:

— הבה נגילה,

— הבה נגילה,

— הבה נגילה,

— ונשמחה,

— הבה נרננה,

— הבה נרננה,

— הבה נרננה ונשמחה !

און דערנאָך האָבען זיך אַלע אויפגעהויבען, און האָבען זיך אָנגעהויבען קייטלען אין א ראָד, און זיינען אוועק טאנצען די „האָרא”, אקסלען האָבען זיך געהויבען, הערצער האָבען געפלא־טערט, נשמות האָבען זיך געפרייט, די טענץ האָבען אפגעקלונגען אין די בערג פון יהודה, די ווייסע נאכט האָט איינגעהערט און האָט די קולות אוועקגעטראָגען אין גלול.

די בעדואינער, וועלכע זיינען געלעגען אין עמק, האָבען אָנ־געהויבען רעדען צווישען זיך:

— שוין ניט מעהר דער „ולוד אל מות”, דער קינד פון טויט, נאָר א „ולוד אל חי”, א קינד פון לעבען! . . . אן אנדער ליד זינגען היינט די אידען!

דערנאָך האָט בערעל פאָרגעשטעלט יוחנ׳ן, און איהם איז געגעבען געוואָרען דאָס וואָרט.

ער איז געווען געריהרט פון שמעליאנסקי׳ס ווארעמע, הארצי־גע רייד, וועלכע האָבען געוועקט מוט און קוראזש.

די אַלע קאָלאָניעס זיינען געשטיצט געוואָרען פון באראָן ראָט־שילד מיט דער פולער האנט. מיליאָנען פראנק האָט דער באראָן אריינגעבראָקט, און האָט געהאט א שעהנעם חלום אז דאָס וועט געבען ארבייט און ברידערליכע געצעלטען צו אידישע קאָלאָניס־טען וואָס ווילען געבען דעם פאָרצוג צו אידישע ארבייטער, און אז ביידע וועלען לעבען אין שכנות און אין שלום, און רייך מא־כען דאָס לאַנד.

נאָך ווען יוחנן האָט זיך דעמאלס צונויפגערעדט מיט בערלען, און מיט שמעליאנסקי׳ן וועלכער איז נאָך געשטאנען אין דער ארבייט שטאַרק פאראינטערעסירט און באזעלט מיט אַן אידע־אליסטישען גייסט, האָבען זיי איהם געוויזען אַזא חשבון:

— די קאָלאָניזאציע האָט אָפּגעקאָסט ניינציג מיליאָן פראנק, און כמעט דער גאנצער סכום, אויסער מזומן געלט, וואָס עס איז פארבליבען אין די קעשענעס פון די באאמטע. . . איז אריין אין

פרעמדע, ניט אידישע הענט. אַ העלפט פון דעם קאַפּיטאַל איז אריין צו די אַראַבער, אַלס לוין פאר זייער ארבייט, און די טויזענד קאָלאָניסטען אין ארץ ישראל האַלטען שוין איצטער אויס יעדער איינער, דורכשניטליך דריי אראבישע משפחות, ממילא קומט אויס, אַז די אַראַבישע ארבייטס קראַפט קאָסט אונז אָפּ אַ יאָהר ביי אַ מיליאָן פראַנק. פון אָט דער גרויסער סומע פאַלט גאָר נישט אַריין צוריק אין אידישע הענט, ווייל דער אראבישער אַרבייטער קומט נישט קויפען צו דעם שטאָדטישען אידען. אַליץ בלייבט שטעקען אין דעם אַראַבישען דאָרף. פון דעם איז געדרונגען, אַז צוזאמען מיט יעדען אידישען קאָלאָניסט, וואָס מיר באַזעצען אין ארץ ישראל, שאפען מיר פרנסה און לעבען פאר דריי אראַבישע משפחות.

שמעליאנסקי, מאַכענדיג דעם חשבון פאר יוחנ'ן, אין בערל'ס געגענוואַרט, האָט דערנאָך צוגעלעגט:

— און ווען איהר וועט רעדען צו די אידען אין די אַלע קאָלאָניעס, אפילו אין דער אָנוועזענהייט פון זייערע משגיחים און בעלי בתים, זאָלט איהר זיך ניט שעהמען און אונטערשטרייכען דעם מורא'דיגען פארברעכען, און זיי וואָרנען, אַז די גאַנצע וועלט וועט וויסען, דאָס פאָלק ישראל איבער דער וועלט וועט געוואויר ווערען, אַז די אידישע בעלי בתים ווילען ניט אומקעהרען דאָס לאַנד צום פאָלק, און צום אידישען ארבייטער, און די געשיכטע וועט זיי פאראורטיילען פאר דעם פארברעכען!

— און איהר מעגט זיי אויך וואָרנען, — האָט שמעליאנסקי ווייטער גערעדט, — אז אויב מען וועט ניט געבען קיין אַרבייט צו אידישע ארבייטער, וועט דער ארבייטער קליגער ווערען, און וועט זיך נעהמען צו אייגענער קאָלאָניזאציע, אייגענע קבוצות, און מושבי עובדים, ארבייטער קאָלאָניעס, דעמאלס וועט מוזען קומען צו אן אָפענעם קאמף, זאָלען זיי ניט זאָגען, אז מיר האָבען זיי ניט געוואָרענט. — האָט שמעליאנסקי פארענדיגט.

דערנאָך האָט יוחנן זיך אוועקגעזעצט, ארומגעטראַכט דעם גאַנצען ענין, און עס איז איהם קלאָהר געוואָרען, אַז מען האָט שוין פארשלעפּט קיין ארץ ישראל א שטיק גלות.

דער קאָלאָניסט, מיט וועמען עס קומט איהם אויס צו רעדען,

פיהלט זיך שוין דאָ א גאנצער תקיף. און אויף דעם אידישען אַרבייטער קוקט מען מיט ביטול. פון איין זייט שמועסט מען איהם איין, אז ער איז א לא יצלח, טויג ניט צו קיין ערד אַר-בייט, פון דער אנדערער זייט, קוקט מען אויף דעם אויפגעקלעהר-טען ארבייטער, ווי אויף א עוכר ישראל. ער איז ניט פרום געגוג, איז מחלל שבת, און אַ בונטאָווּשטיק, ער פלאָנעוועט גאָר שוין נייע פאַראנדקעס אין לעבען. רעדט פון סאָציאליזם און פון טרייד-יוניאָנס, ארבייטער פאַראיינען.

— און אז איהר וועט נאָך צובונטעווען די ארבייטער. — האָט אַ קאָלאָניסט זיך ניט געשעהמט, און חוצפּה'דיג געוואָרענט יוחנ'ן, — וועלען מיר אייך איינגאנצען אַרויסשיקען פון לאַנד. מיר דארפען ניט קיין אַגיטאַטאָרען דאָ. מיר האָבען זיי געהאט גענוג אין רוסלאנד, פון וואנען מיר זיינען אנטלאָפען. —

יוחנן האָט געשמייכעלט און געטראַכט:

— קייטען, אייזערנע קייטען האָבען שוין די גלות-אידען ווי-דער פארשלעפּט פון גלות, און זיי פענטען מיט די קייטען דעם אידישען ארבייטער. זיי ווילען איהם שוין דאָ אויך פארקנעכטען. עס וועט ניט געהן. מען וועט מוזען אויפוועקען דעם אידישען אַר-בייטער און איהם קלאָהר מאכען זיינע צילען אין לעבען. לאַנד און פרייהייט. —

איידער ער איז אַרויסגעגאנגען אויף דעם טור, האָט ער אָנ-געשריבען בתיה'ן א בריף און ער האָט איהר קלאהר געמאכט די לאַגע, וואָס ער האָט דאָ געפונען:

— ליבע, טייערע בתיה:

שילדערען דיר די איבערלעבענישען, וואָס מען לעבט דאָ אי-בער ביי דעם אָנקומען אין לאַנד לאָזט זיך ניט. עס זיינען ניטאָ די ווערטער. דער הימעל, ניין. עס איז אַן אנדער הימעל. די בלוי-קייט איז עפּעס אזוינס, וואָס עס לעגט זיך דיר אַוועק אין הארצען, און גלעט דיר אויף דיין נשמה. און די בערג, כאטש אָפּט נאַקעטע, ווילדע, רעגען דיך אָן מיט אזוי פיל שטימונג. נו, איך וואָלט געזאָגט — ביבלישע שטימונג. וואו דו קוקסט זיך צו, ווינקען צו דיר אָפּט עפּעס א קאפּיטעל פון דער געשיכטע. אָט

קומסטו אָן צו דער כותל מערבי, און דו דערזעהסט די טרויע־ריגע, פאַרצווייפעלטע בליקען פון די פרומע אידישע מענער און פרויען, ווי זיי באַנעצען די הרוב-געוואָרענע גאָט'ס הויז מיט זייערע ביטערע טרערען, און אין דעם מאָמענט דערפיהלסטו, ווי עס האָט געפיהלט, דער נביא ירמיהו, ווען ער האָט זיך אומגע־קעהרט קיין ירושלים, און האָט שוין דאָרטען קיינעם ניט געפי־נען. נאָר א גרויסען חורבן.

דאָס הארץ אין דיר וויינט. עס ווייזט זיך דיר אויס, אַז דו, אַליין, ביזט פון דאַנען פאַרטריבען געוואָרען. און דיין פאָלק און דיין לאַנד איז געמאַכט געוואָרען צו שאַנד און צו שפּאָט.

אַלט ירושלים שטעלט מיט זיך פאָר אַ מורא'דיג בילד. שמאַ־לע, צוקרומטע געסלעך, ווי פוקסען וואַלטען דאָ אייביג אומגע־לאָפען. עס איז אָפּגעווישט געוואָרען דער אידישער שטאָלץ. נאָר געוויין, נאָר טרויער און חשכות איז אויסגעצויגען איבער דער אידישער שטאָדט, וועלכע דאַרף בענייעם אויפגעבויעט און אויפ־געריכט ווערען.

דערפאַר אָבער, ווען דו קומסט אָן אין די קאָלאָניעס איז שוין גאָר איינגאַנצען אַן אַנדער בילד. דאָ ווערט דיין גייסט אָפּגע־פרישט. דיין מוט דערהויבען, און דו ווערסט איינפאַך אינספּירירט.

די ליבע פון דעם חלוץ צו דעם לאַנד, זיין צוגעבונדענקייט צום געצעלט, צו דעם שטיקעל פעלד, צו זיין גאָרטען, און צו יעדע זאַך אויפ'ן פעלד איז ווידער אַן אומבאַשרייבליכע. זיין גאַנ־צע נשמה, זיין פליים און איבערגעבענקייט איז אָהן אַ גרענעץ און ווערט אריינגעלעגט אין זיין ארבייט, די שווערסטע אַרבייט איז לייכט ווייל ער האָט דאָס געפיהל, אַז אַלץ וואָס ער טהוט, טהוט ער — בעד עמינו ובעד ארצינו — פאַר אונזער פאָלק, און פאַר אונזער לאַנד.

— אַרבייט אין ארץ ישראל איז געוואָרען אַ רעליגיע, אַרבייט דורך געזאַנג, און די נגונים, און די טענץ, אין די פרייע שטונדען. נאָך דער אַרבייט און אפילו ביי דער ארבייט און אין די פרייע טעג, שבתים און ימים טובים, איז דער אַרבייטער דאָ אַ בן מלך. ער פיהלט זיך ווי אין אַ גן עדן. איך האָב דאָ געהאַט אַן אויפ־נאַהמע, האָט דאָס אָפּגעווישט אַ סך פון מיינע פריהערדיגע יום

טוב'דיגע איבערלעבענישען, און זי וועט פארבלייבען אין מיין זכרון אויף אַ גאנץ לאנגער צייט.

— דאָ וואָלט געווען גוט, ווען איך זאָל אויפהערען שרייבען. — האָט יוחנן ווייטער געשריבען. — אָבער דאָס וואָלט געווען נאָר איין זייט פון דער מטבע. . . ווי יעדע ליכטיגע זייט, האָט אויך ארץ ישראל א שאָטענדיגע זייט. דער שאָטען איז א סך טיפער דערווייל, ווי דאָס ליכט, און אויב שרייבען, מוז איך דיר שרייבען דעם גאנצען אמת, אזוי ווי מיר האָבען אפגערעדט.

— די גלות אידען האָבען שוין אהער פארשלעפּט, ווי קיין אמעריקע, אַ שטיק מיאוסקייט. איך האָב אין זינען יענע אידען, וועלכע בייטען אלץ אויס אויף דעם רענדעל, אויף מסחור. מען האנדעלט שוין דאָ ברוך השם מיט „אדמת קודש." מען קויפט אַ נחלה ניט אויף צו באזעצען זיך אין איהר. מען פלאנצט אַ וויינ-שטאָק, ניט כדי מען זאָל הנאה האָבען פון דער פרוכט פון דער אַרבייט, נאָר אויף מסחור, שפּעקולאציע.

מען קויפט היינט און מאָרגען פארקויפט מען מיט רווחים. און איבערמאָרגען קויפט מען ווידער א שטח לאנד, און מען שטייגט ארויף דעם מקח, און אזוי כסדר.

דאָס איז א האלבע צרה. דער גרעסטער אומגליק איז דאָס, וואָס די „פרומע" קאָלאָניסטען, זוכען שוין באצייטענס חטאים אויף די אידישע ארבייטער, מען לעגט זיי שוין אין חרם, און מען לאָזט זיי ניט צו צו קיין ארבייט אויפ'ן ישוב, מען הונגערט זיי בוכשטעבליך אויס, ביז זיי זיינען געצוואונגען צו פארלאָזען דאָס לאנד, און דאָס איז אזא הימעל שרייענדער פארברעכען, וואָס מען טאָר דערצו ניט דערלאָזען, ווייל ניט דאָס האָבען באַ-צוועקט די חובבי ציון, און ניט דאָס האָט הערצל געמיינט, און די איינציגע האָפנונג ליגט איצט אין די הענט פון די ציוניסטען סאָציאליסטען איבער דער וועלט.

אויב זיי וועלען קומען אהער אין אַ גרויסער צאָהל, צווישען די חלוצים אין דער צווייטער עליה, און אויב די וועלט וועט זיך פאראינטערעסירען מיט דעם אידישען פועל אין ארץ ישראל, וועט שטארקען זיינע הענט, און איהם העלפען זיך שטעלען אויף

אייגענע פּיס, דורך דעם כּח פון זיינע מוסקולען, און מיט דער ליבע צו א גרויסען אידעאל, וועלען מיר זיגען.

דאָס איבעריגע אין דעם בריף איז געווען וועגען פּריוואַטע ענינים, פול מיט הארציגע קושען צו איהר, און צו שלום׳ן, גריסען פאר דער משפּחה, און ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען, איז ער געווען גרייט ארויסצוגעהן אויפ׳ן טור, און אָנהויבען טראָגען דאָס גרויסע וואָרט איבער די בערג פון יהודה, און געהאָפט האָט ער, אז אויך דער אידישער קאָלאָניסט, דער בעל הבית פון דער נחלה און פון פּרדס, ווי דער משגיח, אלע וועלען באווירקט ווערען פון זיינע רייד, און אז מען וועט אויסמיידען די טעותים, וואָס געשעהן איצטער אין אַמעריקע. צו בויען פריהער אַ געזעלשאַפט אויף ניט יושר׳דיגע יסודות כדי מען זאָל שפּעטער די געזעל-שאַפט ווידער איבערקעהרען, ארונטעררייסען דעם יסוד, און ווי-דער אָנהויבען בויען באנייעס.

ער איז אָנגעקומען אין פּתח תקוה אין דעם סאַמע ברען-סע-זאָן פון אַראָפּנעהמען די ווייַנטרויבען. סוף זומער, אין זיבעטען יאָהר.

ער האָט געטראָפען א מהומה. נישטאָ קיין ארבייטער, דאָס הייסט אידישע ארבייטער זיינען דוקא דאָ, און זיי זיינען גרייט צו געהן צו דער ארבייט מיט פרייד, אָבער מען נעהמט זיי ניט. . . מען וויל נאָר אראבישע ארבייטער.

זיינען די קאָלאָניסטען אומגעלאָפען איבער ווייטע אראבישע דערפער, און זיי האָבען זיך געבעטען רחמים ביי די אַראַבער:

— ראַטעוועט אונז, קומט צו דער ארבייט. . . גיט אונז אויף אַ פּאָר טעג אייערע קינדער. . .

יוחנן איז געשטאַנען א פארשטיינערטער און האָט צוגעזעהן א בילד, ווי פּופציג אראבישע קינדער פון פינף יאָהר און העכער האָבען מאַרשירט מיט א אידישען קאָמאַנדיר, אַן אָפּנעמער בראש . . .

יוחנן איז רויט געוואָרען פאַר שאַנדע, צוזעהענדיג דאָס בילד.

די אראבישע קינדער האָבען געאַרבייט אין די וויינגערטנער,

און פון דרויסען האָט יוחנן גערעדט צו די ארבייטער וועלכע זיי-נען אומגעגאנגען לעדיג, אהן ארבייט, אין דעם סאמע ברען פון ארבייט-סעזאָן.

— איך פיהל זיך איצטער ניט ווי אין ארץ ישראל, נאָר ווי אין מצרים, — האָט יוחנן אָנגעהויבען זיין רעדע. איך דערמאָן מיך, דאָס בילד, וואָס די ביבעל דערצעהלט וועגען משה'ן, ווען ער איז ארויסגעגאנגען צו זיינע ברידער, זעהן ווי זיי ארבייטען, און ער האָט דערזעהן ווי פארקנעכט זיי זיינען.

— מיר האָבען שוין דאָ אַ קנעכטשאפט, חברים. עס איז שוין אַ נייער גלות איבערגעפלאנצט געוואָרען אין ארץ ישראל. אידישע ארבייטער וועלכע זיינען געקומען אהער אויסצוטרוקענען זומפען, פעט מאכען דאָס לאנד, מאכען פלאץ פאר נאָך צעהנדליגער טוי-זענדער אידען, וואָס זאָלען קומען פון אלע גלות-לענדער, די דאָזיגע ארבייטער, קינדער פון אונזער פאָלק, וועלכע האָבען מקריב געווען טאטע-מאמע, קאריערעס, און זיינען גרייט זיך מקריב צו זיין פאר לאנד און פאָלק, זיי האָט מען ארייגעלעגט אין חרם, זיי גיט מען ניט קיין ארבייט.

— מיט וועמען זשע האָבען אונזערע קאָלאָניסטען בדעה צו בויען אַ לאנד? פאר וועמענס וועגען בויען זיי און פארפלאנצען, אויב ניט פאר'ן אידישען פאָלק, און צוליב אַ אידישער צוקונפט? צוליב וועמען האָט דער באַראָן ראָטשילד אויסגעגעבען אזוי פיל מיליאָנען פראַנק, אויב ניט כדי צו העלפען דעם גאנצען אידישען פאָלק?

— וואָס זשע מיינט ציוניזם? אידישע עקספלואטאציע? טוי-זענד מאָל ניין!

עס איז געוואָרען אַ ווילדע פרייד ביי די פארזעמעלטע אַר-בייטער, וועלכע האָבען ניט אויפגעהערט צו יובלען:

— הידד! יוחנן, הידד! —

יוחנן האָט ווייטער גערעדט:

— עס זיינען געקומען אידען קיין אמעריקע, מיט דער אידייע זיך צו קאָלאָניזירען, נאָר דער געלער טייפעל, די ליבע צו גאָלד, די טבע פון שפעקולאציע און וויסטער מסחור האָט דארטען גע-

מאכט א סוף צו אלע שעהנע חלומות, אָבער צום גליק קען א לאנד ניט געבויעט ווערען אהן ארבייטער. דער אידישער ארבייטער דאָ אין לאנד קומט מיט א אידעאל טיף אין הארצען, מיט א גרויסער ליבע צו זיין פאָלק, און לאנד און דער אידישער אר-בייטער וועט אזא לאגע ניט טאָלערירען, און אויב דער אלגעמיי-נער ציוניזם וועט ניט טהון גארניט פאר דעם אידישען ארבייטער, וועט דער ארבייטער זיך שטעלען אין די רייהען אונטער אן איי-גענער פאָהן, א ציוניסטיש צאציאליסטישע, און זייט ביי זייט מיט דעם אידישען קאָלאָניסט, וועט דער אידישער אַרבייטער זיך נעהמען בויען אייגענע קאָלאָניעס, ארבייטער מושבים, ארבייטער קבוצות, ארבייטער געזעלשאפטען, געבויעט אויף יושר'דיגע יסודות, אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, איינער פאר אלע און אלע פאר איינעם. מיר וועלען ניט רוהען, מיר זיינען געקומען אהער לעבען, בויען, פזלאנצען, אקערען און זעען מיט טרערען, מיט שווייס און בלוט, אבער מיר וועלען שניידען מיט געזאנג.

— דעריבער זאָגען מיר: דער ציוניסט, וועלכער איז געקומען אין ארץ ישראל צוליב בויען דאָס לאנד, פאר זיך און פאר אנ-דערע, זאָל קודם געדיינקען, אז נאָר דורך אידישער ארבייט וועט דאָס לאנד אויפגעבויעט ווערען. זאָל דער אידישער ארבייטער דערפיהלען, אז חוץ קלאסען אינטערעסען זיינען אויך דאָ נא-ציאָנאלע אינטערעסען און אז דער אידישער בעל הבית איז וויליג צו קאָאָפּערירען מיט'ן אידישען ארבייטער, און צוזאמען וועלען זיי ווערען א ברכה פאר'ן לאנד.

— אויב אָבער דער אידישער בעל הבית, דער קאָלאָניסט, דער לאנד באזיצער, וועט אין זינען האָבען זיינע ענגע אייגעננוציגע אינטערעסען, און וועט צוליב עטליכע פיאסטער ביליגער איבער-געבען די גאנצע אַרבייט אין ניט אידישע הענט, דאן ווע-לען מיר זיך באנוצען מיט אונזער וואפע, מיט דעם קלאַסען איני-טערעס, מיר וועלען אָרגאניזירען ניט נאָר די אידישע אַרבייטער, אָהן וועלכע מען וועט מיט דער צייט ניט קענען אויסקומען, נאָר מיר וועלען אויך אויפקלעהרען דעם אַראַבער, און וועקען אין איהם דעם קלאסען אינטערעס, קלאסען באוואוסטזיין, און אויך דער אראבישער ארבייטער וועט מיט דער צייט קומען צום שכל, און זיך ניט לאָזען עקספּלואטירען, און דאן וועט דער אידישער

בעל הבית האָבען פארשפּילט זיין הלק און נחלה אין דעם בנין הארץ.

דער אידישער ארבייטער איז געקומען בויען דאָס אידישע לאנד. די אידישע צוקונפט. און דער אידישער ארבייטער וועט בויען מוסטער קאָלאָניעס, געבויעט אויף קאָאָפּעראטיווע יסודות. דורך צדק און יושר. דער אידישער ארבייטער האָט דעם ווילען און דעם כח, און עס ווילען איהם מיט דער צייט קומען צו הילף די ארבייטער פון דער גאנצער וועלט".

פאר די ארבייטסלאָזע אידישע יונגע לייט איז די רעדע גע-ווען ווי אַ באַלזאם צו אַ קראַנק הארץ. די ארבייטער זיינען צוגעלאָפען, האָבען יוחנ'ן געדריקט די הענט. עס איז געוואָרען א הורא, און אַ הידד, מען האָט גענומען זינגען — די שבועה — און דערנאָך די התקוה, און פון באגייסטערונג איז מען איבער-געגאנגען צו דעם אינטערנאציאָנאל, און צו דער מארסעליעזע. עס איז געוואָרען א יום טוב, און ארבייטער זיינען אונטערגעקו-מען צו בערלען, און האָבען געבעטען, אז מען זאָל זיי פארשרייבען פאר חברים אין דער ארבייטער גרופּע — בעד עמינו ובעד ארצינו — פאר אונזער פאָלק און פאר אונזער לאנד.

דאָס זיינען געווען ניין אידישע ארבייטער פון וואדי-חאנין, אַ געגענט זעהר גוט צוגעפּאסט פאר פּרדסים. עס האָבען דאָרטען געארבייט צוויי הונדערט ארבייטער. ניין פון זיי, זיינען געווען אידישע, און זיי האָבען אויך געפיהלט, אז מען זוכט זיי שוין ארויסצושטויסען, אזוי גיך, ווי מען וועט קענען באקומען אראַ-בישע ארבייטער אויף זייערע פּלעצער. די ניין האָבען זיך צוגע-שריבען צו די ארבייטער משפּחות.

אָבער יוחנ'ן'ס רעדעס האָבען ניט געשמעקט זעהר גוט די קאָלאָניסטען. זיי האָבען דערפיהלט, אז דער מענש איז געקומען זיי באקעמפען, און שטערען אין זייערע פּלענער.

האָבען זיי אָנגעהויבען אינטריגירען קעגען איהם, האָבען איהם נאָכגעפּאָרשט יעדען טריט, און האָבען אָנגעהויבען דער-צעהלען, אַז ער איז ניט פרום געגוג, ניט כשר גענוג. און אז ער רעדט אידיש, און איז אַ געגנער פון העברעאיש, און אז ער איז

געקומען העצען די ארבייטער אויף די בעלי בתים, און רופען צו סטרייקס, כדי אומצוברייננגען דעם ישוב.

אָבער מיט אמאָל האָבען אנגעהויבען צו קומען די ידיעות אַז דער נאציאָנאל פאָנד האָט שוין אָנגעהויבען צו פונקציאָנירען, און אז באָדען אין ארץ ישראל וועט געקויפט ווערען מיט די געלדער פון דעם נאציאָנאל פאָנד, און אז דאָס לאַנד וועט זיין נאציאָנאלעס אייגענטום, די נחלה פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק, און אַז אויף דעם באָדען וועט דער נאציאָנאל פאָנד בויען קאָלאָניעס פאַר פליכטלינגע, וואָס וועלען אָנקומען פון די גע-רודפטע לענדער, און מען וועט אויך אנדערע שטעלען צו דער אַר-בייט, און אַז ארץ ישראל וועט אָנהויבען געבויעט ווערען פון אידען פאַר אידען. ניט נאָר פאַר דעם היינט, נאָר טאקע לדורות, פאַר קינד'ס קינדער.

דאַן האָבען די ציוניסטען אָנגעהויבען אריינקריגען גרויסע שטרעקעס לאַנד, און די ציוניסטען סאָציאליסטען האָבען געזוכט צו באאיינפלוסען די פיהרער און משגיחים אז די אידישע אַרביי-טער אינטערעסען זאָלען גענומען ווערען אין באטראכט, און אויך דער אידישער אַרבייטער זאָל געניסען פון דעם נאציאָנאל פאָנד'ס הכנסה, אָבער די פיהרער זיינען געווען מעהרסטענס פון די קרע-מערישע עלעמענטען, און האָבען געאַרבייט מעהר אין הארמאָניע מיט די קאָלאָניסטען ווי מיט די אידישע ארבייטער.

און וואָס רייכער די קאָלאָניסטען זיינען געוואָרען, אַלץ מעהר פארשטיינערט זיינען זייערע הערצער געוואָרען. זיי האָבען שוין אָנגעהויבען דיקטירט צו ווערען פון זייערע קלאסען אינטערעסען, און זיי האָבען אָנגעהויבען נאָך מעהר פארשטארקען דעם חרם אויף אידישע אַרבייטער, אז אפילו פארדינגען א צימער צו אַן אַרבייטער האָט מען ניט געוואָלט.

יוחנן און בערעל האָבען זיך אָבער ניט פארלוירען. עס האָט אָנגעהויבען אריינצוקומען צוביסלעך געלט פון אמעריקע. די שטיצע איז געקומען פון די ציוניסטען סאָציאליסטען, אָדער ווי זיי האָבען זיך א נאָמען געגעבען: פועלי ציון.

דאָס זיינען געווען מעהרסטענס באוואוסטזיניקע אידישע יונ-געלייט, וועלכע זיינען געווען סאָציאליסטען, אָבער מיט א נא-

ציאָנאל באוואוסטזיין, און מיט ליבע צו ארץ ישראל. אידישע אינטעליגענץ וועלכע האָט געארבייט און אין דער אייגענער צייט געשטודירט מעדיצין און אדוואָקאטור, און אַ צאָהל פון זיי זיינען טאקע געווען פאבריק ארבייטער און האָבען גע׳חלומ׳ט, אַנצוקלייבען געלט און צו פאָהרען קיין ארץ ישראל.

ווען די ערשטע שטיצע איז אַנגעקומען קיין ארץ-ישראל, איז געמאכט געוואָרען אַ חגיגה, און עס איז באשלאָסען געוואָרען צו נעהמען זיך שטעלען בויען אן ארבייטער קאָלאָניע, מרחביה.

אין יענער צייט האָט זיך שוין דער ציוניזם געהאט באַ-פעסטיגט. עס זיינען אריבער עטליכע יאָהר, די קאָלאָניאל באַנק, דער נאציאָנאל פאָנד, און דוקא דאָס וואָס הערצל האָט ניט באַ-וויזען אויפצוטהון ביי זיין לעבען, האָט ער אויפגעטהון מיט זיין אפשטארבען פריהצייטיג.

ערשט נאָך זיין טויט האָבען אידען דערפיהלט, אז אין הערצ-לען האָבען זיי געהאט די ווידערגעבורט פון א נייעם ציוניזם, וועלכער האָט געזוכט דורך אַלע וועגען און מיטלען צו באאיינ-פלוסען די וועלט פּאָליטיק, די גרויסמעכטע, און צו געווינען דאָס געוויסען פון דער וועלט, צו העלפען שאפען אַ רעכטליך געזי-כערטע היים פאַר דעם אידישען פאָלק אין ארץ ישראל.

הערצל׳ס טויט האָט אויפגערודערט די וועלט. עס האָט אָנ-געהויבען פעהלען די אימפּאזאנטע געשטאלט, די דינאמישע קראפט, וועלכע האָט ביז זיין לעצטען אטהעם צוג ניט גערוהט, און פרובירט צו עפענען דאָס פארשטיינערטע הארץ פון דער וועלט וועקענדיג סימפּאטיע און איינזעהעניש מיט דער אידישער לאַגע, מחמת די פּאָגראָמען האָבען ניט אויפגעהערט פון איין זייט, און דער אנטיסעמיטיזם אין רומעניען האָט אָנגענומען ווילדע פאָרמען. די רומענישע רעגירונג האָט געהאלטען אין איין געבען הבטחות בטל צו מאכען די גזירות אויף אידען, און אויף פּאפּיר האָט זי צוגעזאָגט גלייכבארעכטיגונג צו אידען, אבער מעהר ווי אויפ׳ן פּאפּיר איז עס אין רומעניען ווייטער ניט געגאנ-גען.

און וואָס שטארקער דער ציוניזם האָט זיך נאָך הערצל׳ס טויט אָנגעהויבען צו פארשפּרייטען און צו פארכאפּען דעם געדאנק ביי

די אידישע מאסען, אַלץ שווערער און אונטערדריקטער האָבען זיך דערפיהלט די אידישע ארביימער. מחמת די לייטענדע גייסטער ארום דעם ציוניזם גלייך נאָך הערצל׳ס טויט זיינען געווען די עלעמענטען וועלכע האָבען אַלעמאַל געבעלי-בתי׳ועט אויף דער אידישער גאס אויף אן אויטאָקראטישען שטייגער. עס איז געווען אַ קליינבירגערליכער גייסט.

עס איז דעריבער אויסגעקומען, אַז די אידישע מאסען, וועל-כע האָבען פון זייערע לעצטע סענטען און גראָשענס געשטיצט דעם נאציאָנאַל פאָנד און אַלע אנדערע ארץ ישראל׳דיגע אינסטי-טוציעס, האָבען אין דער אמת׳ן ניט געהאט קיין ברעקעל דעה ביי דער פארוואלטונג מיט די ציוניסטישע פאָנדען.

יוחנן האָט דאָס צוגעזעהן, און ער האָט רעוואלטירט קעגען אַזאַ פאַרוואַלטונג, און ער האָט אָנגעהויבען איינזעהן, אַז די אידישע ארבייטער וועלען מוזען נעהמען אן אייגענע שטעלונג, און שאפען א באזונדערע פראקציע אין דעם ציוניזם, וועלכער וועט מיט דער צייט זיך מוזען דערווערבען אן אייגענע פּאָזיציע, און ניט נאָר זאָגען א דעה אין דער פארוואלטונג, נאָר מיט דער צייט אפשר אויך דארפען ווערען דער לייטענדער גייסט אין דער אויפבויאונג פון דעם אידישען ישוב אין ארץ ישראל.

מרחביה, די ערשטע אידישע ארבייטער קאָלאָניע האָט געווי-זען אַ מוסטער. דאָ איז געארבייט געוואָרען אויף אַ קאָאָפּעראַ-טיווען יסוד. דאָ איז ניט געווען קיין „מיינס" און קיין „דיינס". דאָ האָבען ארבייטער געטהון אַלץ וואָס עס איז געווען נויטיג, און האָבען אוועקגעלעגט דעם פערזענליכען אינטערעס. עס איז געווען איניציאטיווע אבער דורך אייגענער דיסציפּלין, צוליב דער טובה פון דעם כלל.

פאר וועמען עס איז ניט געווען גענוג ארבייט די ערשטע צייט, האָט ער געארבעט פון דרויסען. אָבער ער האָט אריינגע-בראַכט אין דער קאָאָפּעראַטיווער קאסע זיינע פארדינסטען, און האָט געהאט א חלק אין מרחביה, ווארטענדיג אויף דער צייט, ווען די קאָלאָניע וועט זיך אנטוויקלען, אויסברייטערען, און ער וועט קענען קומען אהיים, און ניט דארפען ווערען עקספּלואטירט פון דעם קאָלאָניסט, וואו ער האָט געזוכט צו ארבייטען. און איז געווען זעהר ניט קיין אָנגעלעגטער גאסט.

עס איז אָנגעלאָפּען די רוסיש-יאפּאנישע מלחמה. און ווער עס האָט זיך נאָר געקענט ראטעווען פון דער גרענעץ, ווער רעדט נאָך פון דעם שלאכטפעלד איז געלאָפען קיין אמעריקע אדער קיין ארץ ישראל.

ארץ ישראל האָט דעריבער באקומען א נייעם עלעמענט, ניט קיין שרעקענדיגען, נאָר אַ העלדישען טיפּ יונג, וועלכער האָט גע-קענט טראָגען א ביקס, שטעהן אויף דער וואך, און היטען דעם אידישען ישוב.

דער ישוב האָט אָנגעהויבען צו שטעהן אין געפאהר. די קאָ-לאָניסטען מיט זייער אריינגעהמען אלץ מעהר אראבישע ארביי-טער, עקספּלואטירענדיג זיי אויף דעם ערגסטען אופן, און דער אראַבער, דערזעהענדיג פאר זיך א נייעם טיפּ אידישען אַר-בייטער, ניט קיין דערשראָקענעם, נאָר בראוו און העלדיש. געהענ-דיג אנטקעגען אלע געפאהרען, האָט דער אראבער אנגעהויבען צו גנב'ענען, און זיך אפילו ניט אפּגעשטעלט פאר רויב און מאָרד.

איז אויסגעקומען, אז דער אידישער קאָלאָניסט האָט אַליין געהאָדעוועט אַ שלאַנג ביי זיך אין דער קאָלאָניע, אַ שונא, וועל-כער איז געווען באקאנט מיט דעם פּרדס און מיט דעם גארטען, און מיט דעם גאנצען געגענט, און אַזוי גיך, ווי מען האָט מעהר ניט געדארפט זיין אַרבייט אין דער אידישער קאָלאָניע, איז ער געוואָרען אַ רויבער און אַ גנב.

דאן האָבען זיך די העלדישסטע אידישע בחורים דערטראכט צו דעם געדאנק, אַז דער ישוב מוז אָנהויבען באוואכט צו ווערען פון אידישע שומרים, וועכטער, וועלכע וועלען פארטיידיגען אי-דיש האב און גוט'ס, און היטען די קאָלאָניעס, די פּרדסים, אַזוי, ווי נאָר זיי דארפען געהיט ווערען טאָג און נאַכט.

עס איז געוואָרען אַ פראגע פון דערהאָבערען די ארבייט. כבוש העבודה, איינגעהמען די ארבייט.

אָבער אויך אין דעם פאל זיינען די קאָלאָניסטען א שטיק צייט געשטאנען עקשנות'דיג, און האָבען געקעמפט מיט דעם אי-דישען ארבייטער. פונקט ווי זיי האבען איהם פריהער ניט געוואָלט פארדינגען קיין צימער, אזוי האָבען זיי די ערשטע צייט איהם

ניט געוואָלט אנשטעלען פאר קיין שומר, ניט באגרייפענדיג אַז אָנשטעלען אַן אייגענעם ברודער, אַ אידישען אַרבייטער, זיינען זיי זיכערער מיט'ן לעבען, און מיט זייער פארמעגען.

דערנאָך איז געקומען א מאָמענט, ווען הערצל'ס פארהערער האָבען געוואָלט שטעלען אַ מאנומענט צו פאראייביגען הערצל'ס נאָמען אין מוצא, דאָס אָרט, וואו הערצל האָט בעת זיין באזוך געפלאנצט א צעדער בוים.

די ציוניסטען האָבען באשלאָסען אויפצושטעלען א היים פאַר אַלט-געוואָרענע שרייבער, אַ מין סאנאטאריום. דאָס געלט איז באַקומען געוואָרען פון דער אנגלאָ פאַלעסטינער באנק, מען האָט באוויזען איבערצוימען און אויפגראָבען דעם באָדען.

נאָר טיף איז געווען די באליידיגונג פאר אידישע אַרבייטער.

יוחנן איז געשטאנען און געהיצט זיך פון אנטריסטונג.

— איז דאָס דען ניט דער גרעסטער בזיון, ווען אפילו אַ דענקמאָל אונזער אידישען פיהרער אין דעם צוקונפטיגען אידישען לאנד ווערט געבויעט ניט מיט אידישע הענט? עס איז דאָך נאָך אַזאַ זאַך ביי קיין פאָלק אין קיין צייט ניט געהערט געוואָרען! — האָט יוחנן גערעדט אויף דער פארזאמלונג אין דער קאָלאָניע, וואו עס איז גערופען געוואָרען א פּראָטעסט קעגען די ציוניסטישע פיהרער, וועלכע האָבען געהאלטען אין איין טענה'ן:

— די אידען זיינען ניט קיין ארבייטער. זיי טויגען זיך ניט צו דער בוי-אַרבייט. מיר האָבען ניט קיין געלט אויף אַרויס-צוּוואַרפען, מיר זוכען תכלית, און ווילען ניט האָדעווען קיין סאָציאַליסטען, קיין בעלי-חלומות אין דעם נייעם ישוב ווייל זיי זיינען געקומען צו שטערען און ניט בויען.

און כאָטש די נאַציאָנאַל באַנק, בעת דאָס געלט איז געגעבען געוואָרען האָט אַפילו אויסגענומען אַ בפירושן תנאי, אַז די היים זאָל געבויעט ווערען דורך אידישער ארבייט האָט דער „אונטער-נעהמער” געטענה'ט, אַז ער האָט גראדע „געזוכט אידישע אַרביי-טער און מויערער, אָבער מעהר ווי איינעם האָט ער לײדער ניט געפונען. . .”

דאָס אייגענע איז אָנגעגאנגען, ווען מען האָט געמאכט די

גריבער און אריינגעהאקט די סלופעם אויפ'ן באדען פון קרן קימת, נאציאָנאל פאָנד-גרענעצען — אויך ביי דער נאציאָנאלער אַרבייט האָט מען באשעפטיגט אראבישע אַרבייטער, און מען האָט איינגאָרירט די פּראָטעסטען פון די באוואוסטזיניגע פיהרער און האָרעפּאשנע אַרבייטער, וועלכע האָבען צוגעזעהן די אידישע שאנד אין ארץ ישראל, גלייך ווי אויפבוי ארבייט האָט זיך אָנ-געהויבען.

נאָך גרעסער איז געוואָרען די אנטריסטונג פון יוחנ'ן און די אַנדערע חברים, ווען עס איז געקומען צו פלאנצען דעם הערצל-וואלד.

— א בוים אין יער הערצל ווערט אין אויסלאנד געקויפט מיט אַזוי פיל ליבע און מיט א סענטימענטאל געפיהל, אז דער דאָזיגער וואלד וועט פון איין זייט געבען לעבען און חיונה צו אידישע אַרבייטער, און פון דער אנדערער זייט בעסערע לופט און לעבענס באדינגונגען צו קונפטיגע דורות, און דאָ קומט מען שוין און מען וואורצעלט איין גלות-פּאָליטיק, און שנאה אין די שטאמען פון דעם הערצל וואלד. . . — האָט יוחנן געטענה'ט.

— ווי קענען מיר גאָר האָפען אויף א שעהנער צוקונפט, ווען מיר ווילען אונזער נאציאָנאלען בנין אויפבויען דורך פרעמדע הענט, אָהן אייגענער געטריישאפט און צערטליכקייט? האָט דען דער אַמעריקאנער געקויפט א בוים אין הערצל וואלד אויף א תנאי, אז ניט אידען זאָלען דאָ אַרבייטען, אָדער האָט מען אָנ-געפרעגט ביי דעם קויפער פון דעם בוים אין יער הערצל, אויב ער גיט די דערלויבעניש אז אַראַבער זאָלען אַרבייטען אין הערצל וואלד?

דערנאָך האָט מען גענומען בויען די מיידעל-שול אין יפו און כאָטש מען האָט איבערגעגעבען דעם ענין מיט א תנאי. אַזוי ווייט ווי מעגליך, זאָל די מיידעל-שולע געבויעט ווערען כאטש מיט פופציג פּראָצענט אידישע אַרבייטער, האָט מען די אַרבייטער, די אידישע, געשטעלט אַזעלכע באדינגונגען און זיי גע-מאכט אַזעלכע שוועריגקייטען, אַז זיי זיינען אלע צולאָפען, ווארפענדיג די ארבייט. אָבער די בויער האָבען זיך ניט גענומען צום הארצען, ווייל דאָס האָבען זיי דאָך געוואלט, און שטילערהייט אין הארצען האָבען זיי זיך געפרעהט:

— גאָט צו דאנקען, פּטור געוואָרען פון די שלעק, פון די בונ-טאָוושטשיקעס, די — לא יצלח'ס. . . —

אַפילו דער, וועלכער האָט שפּעטער אַזוי פיל בייגעטראָגען צו דעם אידישען ישוב, און איז דערנאָך געוואָרען דער מייסטער בילדער און בירגערמייסטער פון דער הונדערט פּראָצענטיגער אי-דישער שטאדט, תל אביב, מאיר דיזענהאָף, אויך ער האָט אין יענער צייט פאַרעפענטליכט אַ בריף אין דעם „הצבי,״ א קאָנ-סערוואטיווע צייטונג, אז „אידען זיינען ניט מסוגל צו אַר-בייטען. . .״

און ווען מען האָט ניט געקענט באקומען גענוג אַראַבער צו דער ארבייט, האָבען די קאָלאָניסטען אין פּתח תקוה געזוכט אַרונטערצוברייגען עגיפּטישע ארבייטער, אבי ניט אנצוקומען צו אידישער ארבייט.

דערנאָך איז געשעהן א סקאנדאל ביי דער געזעלשאפט „אחוזת בית״.

היינט הייסט די שטאדט תל אביב, און איז שטאָלץ דערויף, וואָס זי איז די הונדערט פּראָצענטיגע אידישע שאָדט. נאָר איידער די שטאָדט האָט געהייסען תל אביב האָט זיך דאָס אָרט גערופען „אחוזת בית,״ און די געזעלשאפט האָט באקומען אן הלואה פון דעם נאציאָנאל פאָנד אויף אַ פערטעל מיליאָן פראנק, און די האָפנונג איז געוועזן אז די דאָזיגע שטאָדט וועט גלייך פון אָנהויב אָן געבויעט ווערען דורך אידישער ארבייט.

אָבער דער גרונט שטיין פון דער נייער שטאָדט, איז אויך געלעגט געוואָרען מיט פרעמדע אַרבייטער, און ווען די אידישע סטאָליארעס זיינען געקומען און האָבען געבעטען, אז מען זאָל זיי איבערגעבען די האָלץ-ארבייט, האָט זיי אַ מיטגליד פון דער „אחוזת בית״ געענטפערט:

— אונז איז ניט קיין שום חילוק ווער עס וועט טהון די אַר-בייט, אבי מען זאָל אונז אויפהערען דולען אַ קאָפּ...״

עס האָט שוין געהאלטען דערביי אַז דער אידישער קווארטאל תל אביב זאָל פארענדיגט ווערען. תל אביב, געבויעט אויף דער הלואה פון דעם אידישען נאציאָנאל פאָנד.

פון זונען אופגאנג ביז שפּעט אין אוונט איז דער גרויסער פּלאַץ געווען פול מיט לעבען, און באוועגונג. עס האָבען געהילכט און געקלאַפּט די האמערס און די זעגען, אָבער זעלטען האָבען די ווענט געהערט אַ אידיש ליד, אַ אידיש וואָרט, ווייל פרעמדע האָבען געארבייט ארום דעם אידישען קווארטאל, ביי אַלע בנינים, חוץ צוויי, דריי הייזער און די דורך אידען. . .

אַלע גרויסע ארבייטען, ווי די גימנאזיע, זיינען געבויעט געוואָרען, פּרדסים פון דעם באראָן, אין פּסח תקוה, אין וואדי-חאנין, אין מקוה ישראל, אין גן-מונטיפיורי זיינען אויסגעפיהרט געוואָרען מיט פרעמדע הענט.

די איינענע הענט, די פרעמדע וועלכע האָבען פריהער באקומען באצאהלט פאר איינפלאנצען די בוימער, האָבען זיי שפּעטער אַליין ארויסגעריסען און פארברענט.

יוחנן האָט זיך געווענדעט אפיציעל, אין נאָמען פון די אַר-בייטער, צו דער אדמיניסטראציע, און ער האָט געזאָגט:

— אידישע ארבייטער געהען אָפּ מיט שוויים און בלוט פאר ארץ ישראל, אידיישע ארבייטער טראָגען א טיפע ליבע צו יעדען בוים וואָס זייערע הענט פלאנצען איין. פארגרעסערט די צאָהל פון אידישע אַרבייטער און איהר וועט דורכדעם זיך אַליין בא-שיצען. . . —

און דאָך האָבען די קאָלאָניסטען איהם אָפּגעזאָגט זיין פאדע-רונג. די טענה איז געווען די אייביגע, פארשימעלטע:

— אידישע אַרבייטער זיינען געקומען חרוב מאכען ארץ ישראל — מיט זייערע נייע פאראנדקעס, אַראָפּפיהרען די קינדער פון גלייכען וועג, און קעמפען געגען דעם וואָס עס איז הייליג.

דער ועד המושב האָט ביי אַ פארזאמלונג געפּסקנ'ט, אַז ניט בלויז אַרבייט, נאָר אז מען טאָר קיין צימער ניט פארדינגען, און קיין מעדיצינישער הילף טאָר מען קיין אידישען ארבייטער ניט געבען. . .

און נאָך אזעלכע טרויעריגע איבערלעבענישען האָט יוחנן ווידער פּאררופען א פארזאמלונג אין מרחביה, און נאכדעם ווי

בערל האָט געעפענט די זיצונג האָט יוחנן זיך געווענדעט צו די פאַרזאַמעלטע:

— חברים און חברות. לענגער קענען די אידישע אַרבייטער אַזאַ לאַגע ניט טאָלערירען. מיר טאָרען זיך ניט פאַרלאָזען ניט אויפ'ן יושר פון די ציוניסטישע דירעקטאָרען, ניט אויף דער אנגלאָ-פאַלעסטינער באַנק, און ניט אויף די בויער און אונטער-נעמער פון תל אביב.

אונזער גורל מוזען מיר פאַרבינדען מיט די אידישע אַרבייטער אין דער גאַנצער וועלט. מיט די פאָלקס מאַסען, צו וועמען מיר מוזען קומען און טראָגען אונזער וואָרט. מיר מוזען דערצעהלען דעם אמת וועגען ארץ ישראל, און וועגען די פאַרברעכענס וואָס ווערען באַגאַנגען ביי דעם אויפבוי פון דעם נייעם ישוב.

די לאַגע ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג. דער חרם ווערט פאַר-צויגען איבער האַלז ווי אַ גראָבער שטריק. דער אידישער אַר-בייטער ווערט פאַרלוימדעט אומזיסט, און ער ווערט געטריבען צו פאַרצווייפלונג.

— לאָמיר ניט פאַרצווייפלען חברים. מיר דאַרפען אַרויסשי-קען פאַרטרעטער קיין רוסלאַנד און קיין אַמעריקע. מיר ווילען ברייננגען אַ לעבעדיגען גערוס פון די חלוצים פון דער צווייטער עליה, מיר ווילען דערצעהלען, אַז מיר זיינען וויליג צו טהון אַלע שווערע אַרבייטען, נאָר מען לאָזט אונז ניט צו צו קיין ריכטיגער פּראָדוקטיווער אַרבייט. מיר ווילען האָבען אַ חלק אין די בנינים פון די שטעדט און דערפער. מיר ווילען אַ טייל פון דער אַרבייט, וואָס ווערט געשאַפען דורך די הלוואות פון דעם נאַציאָנאַל פאָנד. מיר ווילען אַנערקענונג פאַר דעם אידישען אַרבייטער און זיין רעכט צו זיין אָרגאַניזירט אין זיינע טרייד יוניאָנס, אַרבייטס פאַכען, און אויב מיר קענען ניט באַקומען אונזער חלק אין הלוואות און אין שטיצע דורך דעם אידישען נאַציאָנאַל פאָנד, איז צייט צו שאַפען אַן אייגענעם פאַלעסטינער אַרבייטער פאָנד! —

די ווערטער האָבען אונטערגעצונדען די פאַרזאַמעלטע ווי מיט אַ הייליגען פלאַם און דער אַפּלאָדיסמענט האָט פאַרהילכט דעם זאַל.

ביי יענער פאַרזאַמלונג איז אָנגענומען געוואָרען צו שאַפען

א באַזונדערען פאָנד אונטער דעם נאָמען: פאַלעסטינער ארבייטער־פאָנד. עס זאָלען אַרויסגעלאָזט ווערען אַזעלכע מאַרקען, אין קליי־נע ביכעלעך, און עס זאָל פּראָקלאַמירט ווערען אַזאַ אַקציע איינ־מאָל אַ יאָהר ארום חנוכה, און די אקציע זאָל פארשפּרייט ווערען צווישען די פּועלי ציון אין אמעריקע, קאַנאַדאַ און אויך אין אַנדערע לענדער, ווען מעגליך.

דערנאָך איז באשלאָסען געוואָרען ארויסצושיקען דעם ערשטען שליח פון די ארבייטער פון ארץ ישראל קיין אמעריקע.

מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק וואָלט מען נאָך אפשר געווען איינ־שטימיג אויסגעקליבען שמעליאַנסקי׳ן, וועלכער האָט די ערשטע יאָהרען איינגעלעגט די וועלט פאַר׳ן ישוב, און איז געווען אַן אַקטיווער עסקן, אָבער איצט, האָט זיך שוין שמעליאַנסקי אָנ־געהויבען ארויסווייזען פאַר אַ דאָרן אין די אויגען פון דער אי־דישער ארבייטערשאפט.

שמעליאַנסקי, וועלכער האָט אַליין פריהער געשטורעמט פאַר־וואָס מען בויעט ארץ ישראל מיט פרעמדע הענט, איז מיט דער צייט גאָר אַליין געוואָרען איינער פון די קאָלאָניסטען, און האָט זיך געשטעלט אויף זייער זייט און קעגען דער אָרגאַניזירטער אַר־בייטערשאפט.

געטהון האָט ער דאָס אויף אַ ביטערען אופן. געהייסען האָט עס, אַז ער איז נאָר דער איינציגער „פרומער“ ארץ ישראל׳ער, און ער זעהט די געפאַהרען, וואָס די אידישע ארבייטערשאפט טראָגט אויף איהרע פליגעל, און ער האָט דער ערשטער גאָר גע־נומען שפּילען אַ גרויסע ראָלע צווישען די קאָלאָניסטען, און איז גאָר געוואָרען זייער אָנפיהרער, און ממילא דער שטערער אין די אידישע ארבייטער רייהען.

אָבער די ארבייטער האָבען איהם שנעל דערקענט, און זיי האָבען זיך גענומען ארומזעהן, אַז די גאַנצע פּסיכאָלאָגיע ביי איהם האָט זיך געענדערט, אַזוי שנעל ווי ער האָט דערזעהן די מעגליכקייט צו קומען צו אַ פאַרמעגען דורך עקספּלואַטאַציע. דורך ביליגער אַראַבישער אַרבייט, און דורך דריקען זיינע געוועזענע חברים און צייט־גענאָסען.

ווען עס איז געקומען צו מאכען נאָמינאַציעס פאַר אַ שליח קיין אמעריקע, האָט זיך איציק דעם שוחט׳ס אויפגעשטעלט, און אַ זאָג געגעבען:

— חברים, אויב איהר געדיינקט, ווען אין דער ביבעל ווערט געבראַכט, אַז יוסף האָט פרעה׳ן פותר חלום געווען, און גע-עצה׳ט, אַז ער זאָל זיך באַוואָרענען אין די זיבען פעטע יאָהר געגען דעם הונגער, האָט פרעה דערנאָך איינגעזעהן, אַז דער פאַ-סיגסטער מענש, וועמען איבערצוגעבען די דאָזיגע אַרבייט איז טאַקע יוסף׳ן.

— דאָס אייגענע חברים, וויל איך זאָגען, בנוגע דעם פלאַן פון שיקען אַ שליח קיין אמעריקע. מיר קענען ניט געפינען קיין מעהר חשובערען שליח ווי טאַקע יוחנן אליין. ער האָט דעם כח צום רעדען און צו שרייבען. ער איז די פערזענליכקייט, און דער איבערגעבענער אידעאַליסט, ביי וועמען ארץ ישראל אַרבייטער-שאַפט שטעהט די ערשטע אויף דער אָרדנונג, און ער וועט זיין אונזער פאַסיגסטער פארטרעטער.

— און דעריבער שלאָג איך פאָר, אַז מיר זאָלען לאָזען וויסען דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין אמעריקע צו דעם צענטראַל קאָמיטעט, אַז מיר גרייטען זיך ארויסצושיקען אַ שליח, און אַז זיי זאָלען פאַר איהם איינאָרדנען א טורנע איבער אמעריקע און קענעדע״.

קיין געגנערשאַפט איז ניט באַגעגענט געוואָרען, און כאָטש יוחנן האָט זיך געקווייקעלט און לכתחלה ניט געוואָלט אָננעהמען, איז פונדעסטוועגען געבליבען בהסכם כולם, אַז מען מוז ביי איהם פועלען, אַז ער זאָל אָננעהמען דאָס שליחות, און פאָרען אָר-גאַניזירען אמעריקע און קענעדע אין די אינטערעסען פון די אי-דישע ארבייטער אין ארץ ישראל.

אחוץ דעם אידעאַליזם וועלכען ער האָט געזאָלט אויסברייטען דעם ציוניסטיש סאָציאַליסטישען געדאנק אויף דער אמעריקאנער אידישער אַרבייטער גאַס, האָט אָבער יוחנן ניט געקענט פארליי-קענען, אַז דאָס וועט איהם געבען אַ געלעגענהייט זיך צו זעהן מיט דער פאַמיליע.

שלום איז דורך דער צייט עלטער געוואָרען, און איז שוין

אריינגעטראטען אין דער פובליק סקוהל, און האָט איהם שוין מיט זיין אייגענער האנט געשריבען בריוועלאך, און ווען ער פלעג א קוק טהון אויף די פאָטאָגראפיעס פון דער פרוי און קינד, פלעג איהם ארומכאפּען א בענקעניש, פון וועלכער ער האָט זיך לאנג ניט געקענט באפרייען.

אלעס צוזאמען האָט איהם באוואויגען, און ער האָט ענדליך איינגעשטימט צו מאכען די רייזע קיין אמעריקע.

אין דער אייגענער צייט, וואס ער האָט זיך גענומען צוגריי־טען צו דער רייזע האָבען אָנגעהויבען צו קומען ידיעות פון רוס־לאנד, אז די ארמיי האָט רעוואָלטירט, האָט דעזערטירט די שלאכט־פעלדער, און אז די אונטער־ערדישע באוועגונגען, די רעוואָלו־ציאָנערען האָט אָנגעהויבען צו דערלאנגען דער רוסישער רעגי־רונג קלעפּ, איינע שטארקער פאר די אנדערע.

די רעגירונג האָט געהאלטען אין מאכען מאסען ארעסטען, און איבערפאלען אויף די רעוואָלוציאָנערען פון דער „באָיעוואיא אָר־גאניזאציע" אויסגעריסען פון די רעוואָלוציאָנערע רייהען, א גרוי־סע צאָהל זעהר וויכטיגע טהוער. אבער אין דער אייגענער צייט, האָט זיך די רעוואָלוציאָנערען איינגעגעבען צו דערהרג'ענען דעם מיניסטער פאָן פלעווע, און אנדערע.

אזוי אז עס איז אויסגעקומען א רעטעניש די גאנצע געשיכטע.

פון איין זייט פיהרען די רעוואָלוציאָנערען דורך אזעלכע גע־לונגענע אטענטאטען, און פון דער אנדערער זייט ווערען די רע־וואָלוציאָנערען ארייגענארט און געכאפּט ווי אין א פאסטקע.

יוחנן, וועלכער איז געווען שטארק פאראינטערעסירט אין דער רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג איז געווען שטארק אומרוהיג וועגען דער גאנצער זאך און ער האָט ניט אויפגעהערט צו טראכטען:

— ניט אנדעריש, נאָר עס מוזען זיך געפינען פאררעטער אין די רייהען פון די סאָציאליסטען רעוואָלוציאָנערען. אין דער „באָ־יעוואיא אָרגאניזאציע", און די פאררעטער שפּילען א פאררעטע־רישע ראָלע אין ביידע זייטען. אָט פאראטען זיי די צארישע רע־גירונג, און אָט פאראטען זיי זייער אידעאל, ווי אמת'ע אומ־פארשעהמטע פאררעטער. . .

מיט אמאָל האָט ער זיך דערמאָנט אין משה דעם שווארצען.

פאר דער גאנצער צייט וואָס ער איז געווען אין אמעריקע, אויף דער פארם אין מאָריסוויל, און אין נויאָרק, וואָטערבורי, און אפילו אין ארץ ישראל איז איהם משה אפילו אויפ׳ן זינען מעהר קיינמאָל ניט ארויפגעקומען. ער האָט אין איהם פארגעסען ווי מען פארגעסט אין א טויטען.

נאָר האָט האָבען זיך דערטראָגען די ידיעות וועגען א גרויסער צאָהל רעוואָלוציאָנערע פערזענליכקייטען, וועלכע האָבען זיך גע-ראטעוועט פון פעטראפּאוולאווסקער פעסטונג, ווי אויך וועגען א צאָהל העלדען, וועלכע זיינען אריינגעפאלען אין די הענט פון דער אכראַנקע. ווי העסיע העלפמאן, אסתר פרומקין, ווערא פינגער, סאָפיע פעראווסקאיא, און א גרויסע צאָהל אנדערע, און עס האָ-בען זיך אָנגעהויבען דערטראָגען השערות, אז די אכראַנקע (גע-היים פּאָליציי) האָט איהרע פארטרעטער אינעווייניג אין דער באָ-יעוואיאָ אָרגאניזאציע.

אין דעם דאָזיגען מאָמענט, ווען די געהיים אגענטען האָבען אָנגעהויבען צו דערצעהלען פאר די אַרעסטירטע רעוואָלוציאָנערען איינצעלהייטען וועגען זייערע טעטיגקייטען אין דער געהיימער, אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער אָרגאניזציע, האָבען די רעוואָ-לוציאָנערען אָנגעהויבען פיהלען, אז זיי זיינען פארראטען געוואָ-רען פון אן אינוועניגסטען מענשען, וועלכער האָט דעם צוטרויען פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

די ארעסטירטע האָבען אָבער אַלע אויסגעהאלטען דעם עק-זאמען, זיינען בייגעשטאנען אַלע נסיונות. ניט אכטענדיג דערויף, וואָס זיי זיינען אַלע געמאטערט געוואָרען ווי אין אן אינקוויזי-ציע, און וואָס מען האָט זיי געפּייניגט מיט די גרעסטע ענוים קשים, האָבען זיי צוגעשלאָסען זייערע ליפּען, און זיי האָבען ניט נאָר קיינעם פון זייערע חברים ניט פארראטען, ניט ארויסגעגע-בען, נאָר פארקעהרט, ווען עס איז געקומען צו זייערע פּראָצעסען, און מען האָט זיי פּרובירט צוזאָגען באַגנאדיגונג, אויב זיי וועלען נאָר ארויסגעבען זייערע מיטהעלפער, די חברים, מיט וועמען זיי האָבען צוזאמענגעארבייט אין דער געהיימער, רעוואָלוציאָנערער אָרגאניזאציע, האָבען די רעגירונגס באאמטע און די ריכטער באַ-קומען איין ענטפער פול מיט פאראכטונג, און ווידערשטאנד.

— איהר קענט שניידען אונזער פלייש נאָך מעהר ווי עס טוהען עס אייערע וועכטער און טורמע אויפזעהער. איהר קענט אונז שיקען גלייך אויף דעם עשאפאָט, אָדער דערשיסען אויפ׳ן שטעל, וועלען מיר קיינעם ניט ארויסגעבען.

— מיר געהען צום טויט מיט פרייד, און מיט דעם באוואוסט־זיין, אז רוסלאנד וועט מיט דער צייט זיך באפרייען פון די הענ־קערס, און פון די מערדערישע צארען. בעסער דער טויט, איידער צו לעבען אין א פארקנעכטעט רוסלאנד. זאָל לעבען די באָיעוואיא אָרגאניזאציע, זאָל לעבען די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס וועט באַ־פרייען דאָס רוסישע פאָלק! —

מיט אזעלכע פלאמיגע, באגייסטערטע רעדעס זיינען געגאנגען ווי צום טאנץ, צום טויט אלע רוסישע רעוואָלוציאָנערען.

עס זיינען געווען פרויען, וועלכע זיינען ארעסטירט געוואָרען אין דער פעריאָדע פון שוואנגערשאפט, און דאָך האָבען זיי זיך געהאלטען אזוי ווירדיג, ניט געוואָלט אפילו אננעהמען קיין פרי־וועליגיעס, וואָס מען האָט זיי זעלטען ווען אָנגעבאָטען.

אָבער אפילו ווען מען האָט זיי אָנגעבאָטען, האָבען זיי דאָס צוריקגעוויזען מיט פאראכטונג, ווייל זיי האָבען ניט געוואָלט מאכען דעם מינדעסטען קאָמפּראָמיס, און זיי האָבען געטראגען די ליידען פון זייער שיקזאל, ווי א דערנער־קרוין, ווי אמת׳ע מארטירער, אפילו ווען די קאזאמעטען, די פעטראפאוולאווסקי פעסטונג האָט זיי ארייננעטריבען אין שווינדזיכט און אָפט אפילו משוגעת.

אינעווענינ אין דער פעסטונג האָבען זיי נאָך אלץ געאטהעמט מיט דער רעוואָלוציאָנערער לופט. זיי האבען געדולדיג געווארט אינעווענינ אין די פארמויערטע ווענט און זייער איינציגער וועג זיך אמאָל עפעס צו דערוויסען פון דער דרויסענדיגער וועלט איז געווען דאָס „דורכרעדען זיך" דורך דער וואנט דורך קלעפ. . . מען האָט געשאפען אן אייגענע סיסטעם פון א טורמע־שפראך...

אינעווענינ האָט דער פארשפארטער, אזוי לאנג געקלאפט א געוויסען סמן ביז דער ארעסטאנט פון דער אנדערער זייט האָט זיך גענומען אנשטויסען אויף דער שפראך:

איין קלאפּ מיינט אן אלעף, צוויי קלעפּ אַ בית, און אזוי האָט מען זיך צונויפגעשטעלט א גאנץ באזונדערע שפּראך מיט וועלכער מען האָט זיך אַרויסגעהאָלפען אין לאַנגע שעה'ן פון איינזאמקייט און פארצווייפלונג.

דער עיקר האָבען זיך מיט דער שפּראך באנוצט פּאָליטישע ארעסטאנטען.

ליגט איינער אויסגעצויגען אויף דעם שטרויענעם זאק, און ריהרט זיך פון זינען. שוין אזוי לאַנג ניט געהערט פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דרויסען, און באזונדערס „אונטער דער ערד."

מען האָט דאָך עפּעס געהאַלטען אין צוגרייטען אטענטאטען אויף פּלעווען, און אויף אנדערע טיראנען, וואָס זשע איז געוואָרען דערנאָך? מען האָט דאָך ניט אלעמען אַרעסטירט. ניט אלעמען גע'מסר'ט. . .

און מיטאמאָל — שאַ, עמיצער קלאַפּט פון יענער זייט וואנט.

אַ פייער פלאַקערט אויף אין די אויגען. א פלאַמיגער באַגעהר לעבט אויף אין דעם הארצען. אפשר . . . אפשר אן אייגענער. . . א סמן איז דאָך דאָ: צוויי בוכשטאבען: ב. אָ. באָיעוואיאַ אָרגאַ-ניזאציע. . .

און אַז מען האָט געטראָפען איז געוואָרען א יום טוב. מען האָט אויף דעם מאָמענט פארגעסען אז מען זיצט אַ פארמשפּט'ער. אַ פאַרמויערטער הינטער גראטעס.

ווי אַ דורשטיגער אין דער מדבר אזוי האָט מען געלעכצט נאָך נייעס, נאָך א גערוס פון דער פּארטיי, פון די חברים אין דער ארבייט, און פון יענע וועלכע זיינען געראטעוועט געוואָרען פון די צארישע נעגעל, פון דער טיראנישער פארפאָלגונג.

מען האָט זיך צייטענווייז דערוואוסט אַזעלכע נייעס, אז עס האָט אריינגעבלאָזען אַ פרישען גייסט. עס האָט דערמוטיגט און באגייסטערט.

גערשוני האָט זיך געראטעוועט אין אַ פעסעל קרויט און איז שוין אויף דער פרייהייט, אין אמעריקע. טשייקאָווסקי און די באבושקא זיינען שוין אין לאָנדאָן אויף דעם וועג קיין אמע-ריקע."

— „די פּארטיי סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען וועט דער־לאנגען דעם לעצטען קלאפּ דעם רוסישען בער, וועמענס טעג זיי־נען געצעהלטע.״

וואָס זשע האָט עס שוין אויסגעמאכט, וואָס מען זיצט פאַר־שפּארט, אַז עס מוז דאָך עמיצער ברייננגען אַ קרבן פאַר דער רו־סישער באפרייאונג, און ווען די שטונדע וועט שלאָגען, וועלען דאָך אַלע קייטען צוריסען ווערען, און די טיהרען פון אַלע קא־זאמעטען וועלען זיך ברייט צועפענען, און פרייהייט וועט פּראָ־קלאמירט ווערען פאַר אלע פּאָליטישע אַרעסטירטע. . .

דעריבער האָט יוחנן געפיהלט, אַז אויב פאררעטען האָט ניט איינער פון די אַרעסטירטע רעוואָלוציאָנערען, נאָר עפּעס אַ גע־מיינער נפש פון אינעווענינג אין דער פּארטיי, וועלכער האָט זיך אַריינגעדרעהט דורך זיין כיטרעקייט, און געוואונען דעם צו־טרויען פון די חברים אין דער פּארטיי, און דערנאָך האָט ער דאָס ווי אַ יודאס איבערגעענטפערט צו דער אָכראַנקע, צו דער גע־היים פּאָליציי. באקומענדיג דערפאַר אַ שטעלע, און ווער ווייסט אויב אויך נאָך איצטער געפינט זיך ניט אַזעלכער אין דער באַ־וועגונג?

דורך די דאָזיגע געדאנקען האָט ער זיך ווידער אָנגעשלאָגן אין דער פּאסירונג, וואָס זיין אייגענער קרייז האָט איבערגעלעבט אין דער יוגענט אין קורילאָווען, ביז זיי האָבען אנטדעקט משה דעם שווארצען, וועלכער האָט זיי אַלעמען געוואָלט אומגליקליך מאַכען.

איינמאָל זיך אָנגעשלאָגען אין דעם דאָזיקען שטיקעל געדאנק האָט עס זיך אָנגעהויבען אין איהם באפעסטיגען, און עס האָט איהם שוין ניט געגעבען קיין רוה.

אָנקומענדיג אין ענגלאנד איז ער איבערראשט געוואָרען צו הערען, אַז עס זיינען אין אַ משך פון די לעצטע עטליכע וואָכען פאָרגעקומען אויסערגעוועהנליכע פּאסירונגען איבער דער וועלט.

ניקאָלאי האָט צוטריבען די ערשטע דומע. אַזוי שנעל ווי די דעפּוטאטען האָבען געזוכט אויפצובויען אַ קאָנסטיטוציאָנעלע פּארזאמלונג, להיפוך צו דער פריהערדיגער רעגירונג.

ווארום אין דער אמת׳ן האָט דאָך דאָס ניט געהאט קיין זינען

צו קומען און פארזאמלען זיך אין א דומא, וועלכע איז געגעבען געוואָרען פון אויבען, פון א צאר, וועלכער האָט געגעבען די דומא, ניט ווייל ער האָט עפּעס געוואָלט געבען דעם רוסישען פאָלק, נאָר וועלכער האָט געמיינט, אז ער וועט זיך דערוווייל ראַטעווען פון דעם פאָלק׳ס צאָרן, וועלכער האָט זיך צושטורעמט און פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט אָנגעצונדען דאָס לאַנד פון אַלע פיער זייטען, און געזוכט צו שטירצען דעם צאַריזם.

איז אזוי גיך, ווי די סאָציאל דעמאָקראטען האָבען אנגעהויבען צו עפענען דאָס מויל, און געזוכט אַרויסצוזאָגען אַ פרייע מיינונג. אַ ברעקעל ראדיקאלען געדאַנק, איז געקומען א באפעהל פון „אויבען”, פון דעם צאַר באַטיושקא, צו צוטרייבען די דומא.

אָבער איינמאָל האָט דאָס פאָלק פארזוכט דעם טעם פון פריי-הייט, וועט עס שוין דערנאָך ניט לאָזען זיך פארמאכען דאָס מויל.

האָט עס אָנגעהויבען צו שטורמען מיט פּראָטעסטען, און ניט נאָר אין רוסלאנד, נאָר אויך איבער דער גאַנצער וועלט.

אין פראנקרייך, אין ענגלאנד, און אפילו אין אַמעריקע, האָט עס געשטורעמט מיט דער נייעס, אַז ניקאָלאַי האָט צוטריבען די דומא, אייניגע פון די סאָציאַליסטישע דעפּוטאטען זיינען אַרעס-טירט געוואָרען. אנדערע האָבען זיך קוים געראַטעוועט און זיינען אַנטלאָפען.

איצט האָט עס אין אַלע רעוואָלוציאָנערע קרייזען גערודערט מיט פּראָטעסט, און מען איז געגאַנגען אין יעדער שטאָדט און אין יעדען לאַנד רופען פּראָטעסט פארזאמלונגען צו פארדאמען די רוסישע רעגירונג פאר איהר אָפּנאַרען דאָס פאָלק, פאַר אַרויסקו-מען מיט אַ מאַניפעסט אין נאָמען פון „מיר, צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער, מיט דער גנאַדע פון גאָט, און מיט דעם ווילען פון פאָלק, פּראָקלאַמירען רוסלאַנד פאַר אַ קאָנסטיטוציאָנעלער רעגי-רונג, און ווילען אַז דאָס פאָלק זאָל זיך פארזאמלען דורך איהרע פאַרטרעטער, און אויסוועהלען זיינע דעפּוטאטען צו דער ערשטער דומא.”

די דעפּוטאטען פון וויבאָרג האָבען זיך געראַטעוועט קיין ענגלאנד. עס זיינען געקומען אייניגע רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַ-

טען, און אַזוי ווי לאָנדאָן, ענגלאנד איז אַלעמאָל געווען דאָס עיר מקלט פאַר אַנטלאָפענע פּאָליטישע „פארברעכער", האָבען דאָרט אַ לענגערע צייט געוואוינט ניקאָלאַי טשייקאָווסקי, פון רוסלאנד, מאלאטעסטאָ, דער איטאליענער, זיגפריד נאכט, דער דייטש, מאָר־לייט, דער אַמעריקאנער איד, וועלכער איז אַנטלאָפען נאָך דעם גרויסען פּעטערסאָנער וועבער סטרייק, וואו ער איז פאַרשיקט גע־וואָרען אין געפענגניש, און איז דערנאָך אַרויסגעלאָזט געוואָרען אונטער שווערער בעיל, די אַלע רעוואָלוציאָנערען פון פארשיע־דענע נאציאָנאליטעטען, האָבען זיך געווענדעט צו פּעטער קראָ־פּאטקינען, דעם רוסישען דענקער און אידעאליסט, אַז ער זאָל דערלויבען אין זיין נאָמען צו פאררופען אַ גרויסע מאסען דע־מאָנסטראציע צו פּראָטעסטירען קעגען דער רוסישער רעגירונג, פאַר אָפּנאַרען די רוסישע פאָלקס מאסען, און מאכען די דעפּו־טאטען צום נאַר.

יוחנן איז אָנגעקומען אין לאָנדאָן ערב דער גרויסער פּראָ־טעסט דעמאָנסטראציע, וועלכע האָט געזאָלט פאָרקומען אין דעם קלוב פון דעם „ארבייטער פריינד."

דער „ארבייטער פריינד" איז געווען אַן אַנארכיסטישע צײַ־טונג, אויף אידיש. די צייטונג, וועלכע איז דערשינען איינמאָל אַ וואָך, יעדען פרייטאָג, איז געווען רעדאקטירט פון אַ דייטש מיט'ן נאָמען רודאָלף ראָקער, איינער וועלכער איז אַנטלאָפען פון דייטשלאנד צוליב זיין ראדיקאלער אנשויאונג, און וועלכער איז שפּעטער צוגעצויגען געוואָרען צו דער אנארכיסטישער באווע־גונג, און ווען עס האָט אויסגעפעהלט אַ רעדאקטאָר פאַר דער צייטונג, „דער ארבייטער פריינט" האָט מען דעם דאָזיגען דייטש פאָרגעשלאָגען די שטעלע, און אַזוי ווי ער האָט זיך שוין געהאט צוזאמענגעלעבט מיט אידען אין ענגלאנד, האָט ער איינגעווילוגט צו רעדאקטירען די צייטונג, נאָכדעם, ווי מען וועט איהם אויס־לערנען אידיש שרייבען און לייענען.

אין לידז איז געווען אַ שוחט, וועלכער איז געווען ראדיקאָל געגוינט, און ער פלעג זיך טרעפען מיט דער אידישער אינטעלי־גענץ, וועלכע האָט זיך גרופּירט אַרום דעם „אַרבייטער פריינט".

איז דער דייטש, ראָקער, יעדען שבת בייטאָג געפאָהרען קיין

לידז, און דער שוחט, אן אמת'ער אידעאליסט, האט געלערנט דעם דייטש אידיש, לעזען און שרייבען, און אין א משך פון פינף וואכען, האט דער דייטש אפגעגעבען עקזאמען, האט געשריבען ריכטיג און געלעזען ווי עס דארף צו זיין אידיש, און איז געווא-רען רעדאקטאר פון דער אידישער אנארכיסטישער וואכענבלאט.

נאטירליך האט די ציטונג געהאט אידישע זעצערס, א אי-דישען שטאדט רעדאקטאר, וועלכער האט אויך געשריבען און קארעגירט די ציטונג, אבער די לייט ארטיקלען האט געשריבען דער הויפט רעדאקטאר, דער דייטש.

אין דעם קלוב פון דער דאזיגער ציטונג איז פאררופען גע-ווארען די גרויסע פראטעסט-פארזאמלונג קעגען דער רוסישער רעגירונג, און ווען יוחנן איז אריינגעקומען אין זאל, איז ער איבערראשט געווארען צו טרעפען דארטען די אמת'ע פיהרער פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג אין רוסלאנד.

אויבענאן דער גרייז גרויער קראפאטקין, א מענש א באשיי-דענער, איינפאך געקליידעט, אבער זעהר נעט, ניט ווי ער וואלט ארויסגעקומען פון דעם רוסישען קייזערליכען הויף, וואו ער איז אין זיין פריהער יוגענט געווען א קייזערליכער פאזש, נאר ווי אן איינפאכער מענש פון פאלק.

דערפאר אבער האט דער מענש געהאט א פאר בלויע מילדע, אויגען, וואס האבען גערעדט מיט אזוי פיל וויכקייט, און צערט-ליכקייט, ווייל אינעווענינג ביי דעם מענשען האט געקלאפט א הארץ פול מיט ליבע צו אלע אונטערדריקטע און באליידיגטע. ער האט דעם גאנצען לעבען און זיין גרויסע קאריערע אויפגעאפ-פערט פאר דער פרייהייט פון דעם רוסישען פאלק, און פאר דער באפרייאונג פון אלע אונטערדריקטע.

לעבען קראפאטקינען איז געזעסען זיין טאכטער עלענא, וועל-כע האט תמיד באגלייט איהר פאטער, און האט איהם ארויסגע-האלפען אלס סעקרעטארין, און איבערזעצערען פון אנדערע שפראכען. אין דער צווייטער זייט לעבען קאראפאטקינען איז גע-זעסען דער קליינער מאלאטעסטא, דער קליינגעוואוקסיגער, אי-טאליענער, מיט א פאר ברענענדע אויגען, ווי צוויי סטורקאטשען, אין וועמענס הארץ עס האט געברענט א האס צו אלע טיראנען,

און וועלכער האָט אַ סך יאָהרען פאַרבראַכט אין די טורמעס, ווייל וואו עס האָט ערגעץ זיך צופלאַקערט אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, איז מאלעטאסטא תמיד געלאָפען אין די פאָדערשטע רייהען, קעמפּפען פאר פרייהייט. לעבען זיי איז געזעסען דער דייטש ראָקער, און זיין אידישע פרוי, מיליע וויטקאָפּ.

מיליע איז געווען א מיידעל פון רוסיש אידישע אימיגראנטען, איז אריינגעצויגען געוואָרען אין דער אנארכיסטישער באוועגונג, און אין דער באוועגונג, האָט זי זיך באקענט מיט ראָקער'ן און שפּעטער האָבען זיי געהייראט.

באַגלייטענדיג ראָקער'ן אויף זיין לעבענס וועג, האָט מיליע מיט דער צייט זיך אויסגעבילדעט, און איז ניט נאָר געווען זיין לעבענסבאגלייטערין אַלס פרוי, נאָר האָט אויך געטיילט מיט איהם זיין שיקזאל. זי איז געווען באהערשט פון די אייגענע אי־דייען, און שפּעטער אין לעבען, ווען עס איז געפיהרט געוואָרען די אנטי־מיליטאריסטישע פּראָפּאָגאנדע, איז זי צוזאמען מיט ראָקער'ן אַרעסטירט געוואָרען, אַרויסגעשיקט געוואָרען פון ענג־לאַנד, און זיי זיינען ביידע געווען איינגעשפּארט אין קאָנצענטראַ־ציאָנס לאגער, און האָבען דערנאָך אַ שטיק צייט געוואנדערט אַלס בירגער פון דער וועלט, אָבער מענשען אָהן אַ לאנד, אָהן אַ היים, ביז זיי האָבען זיך דערשלאָגען קיין קאנאדא, דערנאָך קיין אמעריקע אלס געסט, און אלע זעקס חדשים האָט מען זיך באַ־מיהעט פון זייערט וועגען צו באנייען זייערע פּאספּאָרטען, און צו פאַרלענגערען זייער באזוך אין אמעריקע.

נאָר אין יענער צייט, איז מיליע געווען די אידישע רעפּרע־זענטאנטען, ניט ווייל זי איז געווען אָנגעהויכט מיט אידייען וועגען אידישע פרייהייט, נאָר ווייל זי איז געווען די איינציגע, וועלכע האָט געזאָלט ביי דער גרויסער פּראָטעסט פארזאמלונג רעדען אין דער אידישער שפּראַך.

וואָס יוחנן האָט ניט געקענט פארשטעהן, איז דאָס וואָס ער האָט אין זאל ביי יענער פארזאמלונג ניט געטראָפען זיינע אייגענע חברים. די פּועלי ציון.

דער אמת מוז געזאָגט ווערען, קאָראָפּאטקין האָט זיך באַ־צויגען זעהר פריינדליך צו דער אידישער נייער פרייהייטס באַ־וועגונג.

קראָפּאָטקין, זייענדיג באמת אַ גרויסער גייסט פלעג אפילו טאַדלען די אידישע אַנאַרכיסטען און זיי מאַכען פאָרוואורף, פארוואָס זיי באקענען זיך ניט נעהענטער מיט דער נייער אידישער פרייהייטס באוועגונג.

קאָראָפּאָטקינס ארגומענטען זיינען געווען:

— דער אנארכיזם, וועלכער גיט דאָס רעכט צו יעדער גרופּע אויף איהר פרייהייט צו לעבען לויט איהר אייגענעם וואונש, דער אנארכיזם מוז אויך איינזעהן, אַז יעדעס פאָלק, וועלכעס רעדט אויף אַ באשטימטער שפּראַך, האָט אייגענע געשיכטע, און אַ ליטעראטור, אַזאַ פאָלק האָט אַ רעכט צו פאָדערען פון אלע אנדערע פעלקער, אַז עס זאָל געפינען ערגעץ אַן אָרט, וואו עס זאָל זיך קענען אַנטוויקלען פריי און ניט פארצערט ווערען פון אנדערע אַרומיגע פעלקער און צודריקט ווערען, צופרעסען ווערען פון גיפטיגען אנטיסעמיטיזם.

קראָפּאָטקין האָט איינגעזעהן, אַז פּונקט ווי ער אליין, כאָטש ער וויל זעהן אַ גאַנצע וועלט פריי, הערט פונדעסטוועגען ניט אויף צו ווערען א רוס, און דער דייטש בלייבט אַ דייטש, איז ניטאָ קיין נויטיגקייט און עס איז איינפאַך זינלאָז צו פאָדערען, אַז אידען זאָלען אויפהערען זיין אידען, ווייל זיי זיינען פרייע מענשען און אָנהענגער פון אַ ראדיקאלען געדאנק.

אָבער דאָס וואָס קראָפּאָטקין האָט איינגעזעהן, האָבען זיינע אידישע צייט-גענאָסען דאן ניט איינגעזעהן, און טאָמער זיינען אַ פּאָר פון די אנארכיסטען געווען געניגט צו דעם נייעם אידישען סאָציאליזם, האָט מען זיי אין דער אידישער אַנאַרכיסטישער פּרעסע אָפּט אטאקירט און זיי פארשריען אלס שאָוויניסטען, און ענגע, שמאָלע נאציאָנאליסטען, און מען האָט פון זיי גע'חוזק'ט און זיי אויסגעלאכט.

יענעם אויפדערנאַכט, האָט קראָפּאָטקין גערעדט דער ערשטער, און כאָטש ער האָט גערעדט שטיל, ניט געהיצט זיך, האָבען אָבער זיינע ווערטער געווירקט, און האָבען זיך איינגעקריצט ביי אלע פאַרזאַמעלטע אין די הערצער, ווייל פאר זייערע אויגען איז געשטאַנען איינער וועלכער האָט געשריבען געשיכטע. איינער, וועלכער איז געקומען פון קייזערליכען הויף, האָט זיך אָפּגעקעהרט

פון הויף, זיך אליין איבערגעבויעט, און דערנאך איז ער אוועק צו דעם פאלק, און איז געווארען דער אמת'ער פאלקס לעהרער, ארבייטענדיג פאר דער באפרייאונג פון זיין אייגען פאלק, די רוסען — און דערנאך מיטגעהאלפען דער גאנצער פרייהייטס באוועגונג אין דער וועלט.

די אייגענע רעדע, וועלכע קראפאטקין האט געהאלטען אין רוסיש, האט גלייך נאך איהם זיין טאכטער איבערגעלייענט אין א בריליאנטענעם ענגליש, פאר די אלע, וועלכע האבען קיין רוסיש ניט פארשטאנען.

דערנאך האט מאלטעסטא געשטורעמט אויף איטאליעניש פאר די צוויי טוזענד איטאליענער, וועלכע זיינען איהם געקומען הערען.

ראקער האט גערעדט אין דייטש, מיליע וויטקאפ, אין אידיש, זינפריד נאכט אין פראנצויזיש. עס איז געווען אן אמת'ע אינטערנאציאנאלע פארזאמלונג, וועלכע איז געווען שטארק באוואכט פון „סקאטלאנד יארד" אבער די גאנצע מאניפעסטאציע האט זיך געענדיגט מיט א שטורעם פון בלויז אפלאדיסמענטען, ווען מען האט אלעמאל געשריען: עס לעבע די רוסישע רעוואלוציע, און מיט א פייפעריי, ווען יעדער רעדנער האט פארענדיגט: נידער מיט דער טיראנישער זעלבסטהערשאפט, מיט דעם פינסטערען צאריזם.

פונדעסטוועגען האבען זיך די אלע פרייע גייסטער, דער גאנצער אינטערנאציאנאל באצויגען צו איהם זעהר פריינטליך.

נאך דער פארזאמלונג האבען זיך אלע אויסגעזעצט ארום א לאנגען טיש, וועלכער איז אפילו ניט געווען צוגעדעקט מיט קיין טישטוך און מען האט סערווירט יעדען איינעם א ביר, מיט צובייסען, פאר וועלכען יעדער איינער האט באצאהלט פון זיין אייגענער קעשענע.

ביי דעם דאזיגען טיש האט געהערשט אמת'ע דעמאקראטיע און פאלקסטימליכקייט.

ביי דער דאזיגער פארזאמלונג האט ער זיך אויך באקענט מיט ברענער'ן.

וועגען ברענער'ן האָט ער שוין פריהער געהערט, נאָך אין ארץ ישראל. דאָס איז געווען א יונגערמאַן, מיט א גרויסען טאַ-לאַנט צום שרייבען. ער האָט שוין געהאט אָנגעשריבען זיין גרוי-סען ראָמאַן — ארום דעם פינטעלע. אין דער העברעאישער שפראַך, אָבער פון דער נאַטור אַ גריבלער. אַ צווייפלער, האָט ברענער, פאַר זיך אויסגעוועהלט דעם וועג פון א פּרוש, אַן אָפּגע-זונדערטען, און ווען ער איז פון דער מלחמה אנטלאָפען און זיך באַזעצט אין לאָנדאָן, האָט ער ניט געמאַכט קיין קאַריערע פון זיין שרייבען, נאָר ער איז געוואָרען אַן ארבייטער. אַ זעצער אין אַ אידישער טעגליכער לאָנדאָנער צייטונג, און דערפון האָט ער זיך דערנעהרט.

פון די עטליכע שילינג, וואָס ער פלעג אָפּשפּאָרען האָט ער געזאַמעלט אַ פאָנד אויף אַרויסצוגעבען זיינע שריפטען אין העברעאיש.

מיט ברענער'ן האָט ער זיך צום ערשטען מאָל צורעדט ווע-גען ארץ ישראל, און ברענער האָט זיך מיט איהם אמת דער-פרעהט, זיך נאָכגעפרעגט וועגען אַלע לעצטע געשעהענישען אין די קאָלאָניעס, נאָר ער האָט באַדויערט וואָס אין לאָנדאָן איז דער באָדען ניט רייף פאַר דעם פּועלי ציוניזם. דער ציוניזם האָט נאָך ווי עס איז זיך צוגעקלעפּט צו די אידען אין ענגלאַנד, נאָר די ראַדיקאַלע אידען אין יענער צייט. די אידישע אַרבייטער אין ענג-לאַנד, האָבען געקלעפּט צו דעם סאָציאַליזם און אנאַרכיזם.

— אין ענגלאַנד וועט אייער שליחות ניט זיין קיין דערפאָלג.— האָט ברענער איהם געגעבען צו פאַרשטעהן, — ענגלאַנד בכלל איז פון איין זייט צו קאָנסערוואַטיוו, און צוריקגעשטאַנען, ווייל דער אידישער אַרבייטער, וועלכער שטעלט זיך דאָ אָפּ, איז עקאָ-נאָמיש שטאַרק אונטערדריקט, און ער בלייבט דאָ נאָר צייטווייליג ביז ער וועט זיך קענען צושלאָגען קיין קאַנאַדאַ, אָדער קיין אמע-ריקע, כאָטש אמאָל נעמט עס איהם אַ לעבען לאַנג, און פון דער אַנדערער זייט, זעהט דער אַרבייטער פאַר זיך אַזוי פיעל אידע-אַליסטען צווישען דער אנאַרכיסטישער באַוועגונג, באַאיינפלוסט פון די אַלע גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע פיהרער, ווי קראָפּאָטקין, ראָקער, און די אַנדערע, אַז דער אנאַרכיזם פאַרכאַפּט זיי, און ממילא בלייבען זיי שטעהן פאַר דעם ענדציל, און דערזעהן אפילו ניט די נויטווענדיגקייט פון אַ אידישער נאַציאָנאַלע אויפלעבונג.

ברענער האָט ווייטער גערעדט:

— איך קען אייך אָבער פארזיכערען, אַז פאר אייך ווארט אַ גרויס און ברייט פעלד אין אמעריקע, און אין קאנאדא, ווייל די פּאָר אידעאליסטען, וועלכע מיר האָבען דאָ געהאט, זיינען אַרויס־גערופען געוואָרען אין די פאראייניגטע שטאאטען, וואו עס האָט זיך צובליהעט א אידישע ראדיקאלע באוועגונג, און טאקע אַ נאציאָנאל ראדיקאלע, און אמעריקע פארמאָגט שוין אפילו אַ אי־דישען נאציאָנאַל־סאָציאַליסטישען ארגאן, „דער קעמפער", און דורך דעם קעמפער וואָס איז רעדאַקטירט פון איינעם, קלמן, אַרויסגערופען מיט דריי חדשים צוריק פון לאנדאן, וועדט צע־מענטירט אַ וועג פאר אייגענע ארבייט פון פּועלי ציון, וועלכע גרייטען צו דאָס פעלד פאר ציוניסטיש סאָציאליסטישער אַרבייט, און זיי האָבען פאראינטערעסירט שוין אַ פּאָר טויזענט חברים אין אמעריקע, און זיי האָבען געגרינדעט אן אייגענע פּארטיי, און קלייבען פאָנדען, און איך בין זיכער, אַז דאָרטען איז אייער אָרט, מען ווארט אויף אייך, און איהר וועט געפינען א באָדען און אַ פעלד פאר אייער ארבייט.

ווי איך זעה, — האָט איהם יוחנן געזאָגט, זייט איהר אונ־זערער אַ חבר, איהר זייט באקאנט מיט דער גאנצער לאַגע, ווייל קיין נייעס האָט איהר מיר וועגען אמעריקע ניט דערצעהלט, איהר פארשטעהט דאָך, אַז אויב איך פאָהר צו חברים, בין איך דאָך אַן אָפיציעלער שליח, און איך בין באקאנט מיט די איינצעלהיי־טען אין אמעריקע, און דערצו בין איך אַן אמעריקאנער פון פריהער.

— איז מיין עצה, איהר זאָלט פאָהרען וואָס פריהער. זיך אפילו דאָ ניט אָפּשטעלען, ווייל עס איז ארויסגעוואָרפען די צייט.

— ניין, — האָט יוחנן מיט איהם אַרגומענטירט. — מיר וועלען פונדעסטוועגען זיך אָנשטרענגען און זוכען צו לעגען דעם פונדאמענט פון אַ פּארטיי. מיר מוזען דאָ גרינדען א צווייג, און אייך אריינציהען אין דער אַרבייט.

ברענער האָט זיך אָפּגעשאָקעלט.

— איך בין ניט פעהיג און ניט געשטימט פאר פּאָליטישער

אַרבייט, מיך אינטערעסירט ניט קיין זאַך, חוץ ליטעראַרישע אַר-בייט, און קיין באַדען האָב איך דאָ ניט געפונען, און דעריבער האַלט איך נאָך אין פאַסען אַ באַשלוס, וואָס זאָל מיך ראַטעווען, און דאָס איז טאַקע ארץ ישראל, איהר פאַרשטעהט. דער פּע-סעמיזם אין מיר קען זיך ניט נעמען צו קיין זאַך. מעגליך, אַז מיט מיין קומען אין ארץ ישראל, זאָל מיר געלונגען באַגייסטערט צו ווערען, און איך זאָל זיך ווידער נעמען צו דער אַרבייט, לי-טעראַרישע ארבייט אין ארץ ישראל, און פאַרשטעהט זיך, אַז איך וועל זיך צושליסען צו דער ארבייטערשאַפט, און געהן מיט איהר האַנט און האַנט.

דער פּעסעמיזם אין ברענערען איז געווען צו טיעף איינגע-וואורצעלט. פון איין זייט, זיין טיפע ראַפינירטקייט, און פון דער אנדערער זייט, די גרויסע נויט פון די האָרעפּאַשניקעס אין לאָנ-דאָן, וועלכע האָבען געשוויצט אין די פאַבריקען פאַר אַ שטיקעל ברויט, ניט צו דער זאַט, און פון דער אנדערער זייט, זייער פאַר-כאַפּט ווערען פאַר דעם אַנאַרכיזם, האָבען איהם אַזוי צובראָכען, אַז עס איז געווען אונמעגליך איהם אַרויסצוהויבען פון זיין איינ-געוואורצעלטען פּעסעמיזם, אין איהם.

איינער אַליין, אָפּגעזונדערט פון מענשען, אָהן חברים, מיט וועמען זיך אויסצולעבען, האָט דער מענש געלעבט ווי א פּרוש, אין א ביליגען צימערעל, און געאַרבייט שווער אַלס אַ זעצער, קלייבענדיג די בוכשטאַבען מיט דער האַנט. דער שטויב פון דעם בליי האָט זיך גענומען איינעסען אין זיינע לונגען, און ער איז אומגעגאַנגען, אַ דערשלאָגענער, אַ באַטריבטער, און ווען מען האָט אַ קוק געטהון אויף איהם, האָט מען געזעהן, אַז אויף דעם מענשען שפּיגעלט זיך אָפּ דער צער און די פאַרצווייפלונג פון דעם אידישען פאָלק, און עס איז ניטאָ דער פיזישער כח זיך צו דערהויבען און אַרויסצוקריכען פון דער לאַגע.

— מיר וועלען זיך שוין זעהן אין ארץ ישראל. — האָט ברע-נער, באַגלייטענדיג איהם צו דער שיף, איהם געדריקט ביידע הענט, און באַמערקט.

— ווען איהר וועט דערפילען אייער שליחות, און פאָהרען צוריק, קיין ארץ ישראל, בין איך זיכער, אַז אויב איהר וועט מיך

ניט טרעפען אין לאָנדאָן אויף אייער צוריק רייזע, וועט איהר מיך שוין טרעפען אין מרחביה, אָדער אין אנאנדער קאָלאָניע.

צו דער שיף איז איהם אַרויסגעקומען באַגעגענען בתיה און שלום, וועלכער האָט איהם ניט געקענט, אָבער ער איז אַזוי אי־בערראַשט געוואָרען פון פרייד, אַז עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט, ביז ער האָט זיך געקענט פון זיי אָפּרייסען.

נאָך בתיה'ן און שלום'ן, איז ער אַרומגערינגעלט געוואָרען פון אַ דעלעגאַציע פון חברים, וועלכע האָבען איהם פון פריהער קוים געדיינקט, אָבער איצט, ווען זיי האָבען איהם דערזעהן, איז זייער שמחה געווען אַזוי גרויס. ער האָט געהאַט אין זיך אַלע אויסערליכע סמנים פון אַ פיהרער; דאָס שעהנע, ליכטיגע גע־שטאַלט, מיט דעם ברייטען, ווינקעלדיגען שטערען, די שעהנע, שוואַרצע באָרד, און לאַכענדיגע אויגען און הויך און שלאַנק, ווי אַ צעדער, דאָס אַלעס צוזאַמענגענומען האָט איהם גלייך באַליבט געמאַכט ביי אַלע חברים, און זיי זיינען צוגעקלעפּט געוואָרען צו איהם, אַז עס איז זיי פאַר זיי אפילו געווען אַ גרויסער נסיון איהם אָפּצולאָזען צו דער פאַמיליע דעם ערשטען טאָג, ווייל אַרבייט האָט געוואַרט אויף איהם און עס איז שוין געווען צוגעגרייט פאַר איהם אַ קבלת פּנים אין אַ זאַל, אויף סוף וואָך, און זיי האָבען געהאַט אַ סך אַרבייט אַרומצורעדען, און אַלץ ברייגנען אין אָרדנונג.

עס איז געמאַכט געוואָרען אַ קאָמפּראָמיס:

— מיר וועלען אייך ברייגנען אין אַ האָטעל, און אייך איינ־אָרדנען ,מיט דער פאַמיליע, און אויף דער נאַכט וועלען מיר קו־מען צו אייך. — האָט דער סעקרעטאַר רייכמאַן פאָרגעשלאָגען.

יוחנן און בתיה האָבען צוגעשטימט, און די חברים זיינען מיטגעפאָהרען אין האָטעל, און האָבען אָפּגערעדט, אַז זיי וועלען אין אָווענט צוריקקומען.

ווען ער איז געבליבען מיט בתיה'ן און מיט שלום'ן אַליין, האָט ער אַרויפגענומען שלום'ן אויף די הענט, און אַ זאָג געגעבען:

— דו ווייסט ווער איך בין ?

— די מאַמע זאָגט, אַז דו ביזט מיין טאַטע, און איך האָב

דאָך פון דיר געהאט ברייוולאך, ווייס איך דאָך ווער דו ביזט! — האָט שלום געשמייכעלט.

— בין איך געקומען דיך נעמען קיין ארץ ישראל! — האָט איהם יוחנן א זאָג געגעבען, — וועסט פאָהרען מיט אונז קיין ארץ ישראל?

— איך ווייס ניט. — האָט שלום געשמייכעלט.

— פארוואָס ווייסטו ניט ?

— איך געה שוין דאָ אין סקוהל, און אין אַ אידישער ראדי-קאלע שולע, איך האָב זעהר ליב אידיש, און איך פארשטעה, אַז דאָרטען האָט מען אידיש ניט ליעב, און מען לאָזט ניט רעדען קיין אידיש, און דאָס געפעלט מיר ניט — האָט שלום אָפען איהם א זאָג געגעבען.

— נו, וועסטו זיך לערנען העברעאיש !

דער אינגעל איז געווען ניט צופרידען, און האָט איהם א זאָג געגעבען:

— לערנען העברעאיש קענען מיר דאָ אויך, ווען מיר ווערען עלטער. מען לערענט ביי אונז העברעאיש אין העכערע קלאסען, אָבער מיין שפּראַך איז אידיש, און דיינע אויך. דער זיידע קען העברעאיש, אָבער ער רעדט אידיש! — האָט שלום ארגומענטירט.

— זעה נאָר, דו רעדסט דאָך שוין ווי אַ גרויסער! — האָט יוחנן אויסגערופען מיט פרייד. וואו האסטו גענומען אַזעלכע גע-דאנקען ?

— די לעהרער, דיינע חברים פון דיין פּארטיי פיהרען די שולע, און די קלאסען, און זיי לערנען זעהר גוט. מיר רעדען אין די קלאסען נאָר אידיש, און מיר זינגען אידיש, און דו דארפסט אויך רעדען נאָר אידיש.

יוחנן האָט זיך אויף דעם מאָמענט דערמאָהנט אין דער בילד, ווען ער איז דעם ערשטען טאָג אָנגעקומען קיין ארץ ישראל, ווען איציק דעם שוחט'ס אינגעל, בן-יצחק האָט זיך דאן אויף איהם אָנגעזעצט, אַז ער זאָל ניט רעדען קיין אידיש, נאָר העברעאיש...

— שעהן וועט זיין, ווען צווישען מיינע קינדער און די קינדער פון איציק דעם שוחט׳ס וועט זיך נאָך אמאל צופלאקערען אַ קאמף צוליב דער פראגע פון אידיש און העברעאיש. . .

— ווי דו קוקסט איהם אָן, איז ער שוין אַ גאַנצער קנאקער. האָסט געמעגט זעהן, מיט וואָס פאר אַ קנאָה ער פארטיידיגט דאָס אידיש, און ער אגיטירט אַלע קינדער אין פּאָבליק סקוהל, אז זיי זאָלען געהן אין דער נאציאָנאל ראדיקאלער שולע, און זיי זאָלען צווישען זיך נאָר רעדען אויף אידיש.

דערנאָך איז אָנגעקומען דער מאָליווער רב מיט דער רביצין, און ביידע בחורים, אריה ליב און נפתלי וועלכע זיינען פאר דער צייט אויסגעוואקסען, אַז עס איז זיי שוין שווער געווען צו דער- קענען.

די מאנסבלען האָבען זיך ארומגעכאפּט און זיך געקושט, ווי אייגענע ברידער.

— דו זעהסט אויס זעהר גוט, — האָט דער רב איהם געמאכט אַ קאָמפּלימענט, — אָבער דו ביזט דאָך פארעלטערט געוואָרען, יוחנן!

— גוט זעהט מען אויס, ווייל דאָס איז די לופט די ארץ ישראל׳דיגע, — האָט יוחנן געשמייכעלט, — אָבער פארעלטערט ווערט מען, ווען מען טראָגט אויף זיך דאָס אחריות פון אַ באַ- וועגונג. עס איז אַ גרויסע פאראנטוואָרטליכקייט, וואָס מיינט איהר זיי וועלען פון מיר ניט כאפּען א גאָב פארוואָס זיי האָבען מיך געבראכט אין אזא שעהנעם האָטעל? וואָס מיינען זיי? זיי וועלען מאַכען מיט מיר אַזעלכע גרויסע הוצאות, און איך וועל דאָס דערלאָזען? דער ארבייטער דאָרט אין ארץ ישראל, האָט נאָך לעת עתה ניט אפילו קיין ריכטיגע דירה, און דעם שליח וועט מען אוועקזעצען אין האָטעל׳ען בהרחבה׳דיג? ניט שעהן געווען פון זיי. — האָט יוחנן באמערקט, — אָבער איין טאָג וועל איך שוויי- גען. דערנאָך איז אויב עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ ביי אייך, וועל איך נעמען בתיה׳ן און פאָהרען אַהיים קיין וואָטערבורי, און קו- מען צו דעם מאסענפארזאמלונג קיין נויאָרק און דערנאָך צוריק- פאָהרען.

— דאָס איז דיין זאך, — האָט דער רב איהם געגעבען צו

פארשטעהן. נשקשה, דו דארפסט ניט חרטה האָבען וואָס מען האָט דיר געגעבען אַ האָטעל. דו ביזט מיעד פון אזא רייזע, און אויב אין ארץ ישראל איז טאקע נאָך ניט באקוועם, מעגסטו אלס שליח נהנה זיין און זיך לאָזען וואוילגעהן. על כל פנים זיך גוט אויס-רוהען.

אין מיטען איז אָנגעקומען יאָסעל זשיטניקער מיט אסתר׳ן.ביידע האָבען איהם געקושט און זיך געפרעהט מיט איהם, און יאָסעל האָט ניט אויפגעהערט צו פרעגען:

— איז טאקע דאָרט אַזוי שעהן, ווי דו באשרייבסט עס אין דיינע בריעף, יוחנן? — דו ווייסט, מיר קלייבען זיך דאָך קיין ארץ ישראל, נאָר אָן אפּהאלט, וואָס אסתר וויל ניט פאָהרען!

יוחנן איז געשטאנען און האָט געקוקט אויף אסתר׳ן, וועלכע איז געשטאנען אַ באַטריבטע, אַ פאַר׳חלומ׳טע, האָט אויסגעמיי-דעט צו קוקען אויף איהם, נאָר אינעווענינ אין זיך איז זי אינ-גאנצען געווען אַ צורודערטע. שווער געווען צו טרעפען וואָס זי האָט איצטער געטראכט.

— נו, אסתר, וועסט פאהרען קיין ארץ ישראל? — האָט יוחנן א פרעג געגעבען און זי האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג, ניט גע-געבען קיין ענטפער אויף דער פראַגע.

— וואָס איז געוואָרען מיט אייערע קאָלאָניזאציע פּלענער, יאָסעל? — האָט יוחנן א פרעג געגעבען, און יאָסעל האָט סאר-קאסטיש זיך צושמייכעלט:

— עס איז געוואָרען דאָס וואָס דו האָסט איבערגעלאָזען. אַ חלום, ווי אַ חלום איז אלצדינג פארפלויגען, און מען פּלאָנטערט זיך אליין הינטער די פיס, און מען קען ניט קומען צו קיין באַ-שטאנד. איצט אז דו ביזט דאָ, וועלען מיר זיך מיט דיר דורכ-רעדען, און אויב דו וועסט עצה׳נען פאָהרען קיין ארץ ישראל, וועלען מיר פאָהרען.

יוחנן האָט געכאַפּט א קוק אויף אסתר׳ן, און ער האָט מיט-אַמאָל באמערקט, אַז זי איז שטאַרק פארעלטערט געוואָרען. די בלאָנדע האָר האָבען גענומען פארלירען זייער אמאָליגע פריש-קייט, און זיינען אויך געוואָרען שיטערער. דער גלאנץ אין די

בלויע אויגען האָט פארלוירען די פייכטקייט, און די אויגען האָ-בען איצט געקוקט מיט עפּעס אַ מין טעמפּקייט, אָהן אינטערעס, און אָהן יוגענטליכקייט, ווי אמאָל. פאר איהם איז געשטאנען אַ פאַרעלטערטע מיידעל, וועלכע וועלקט פאר דער צייט, ווי זי וואָלט געווען אינגאנצען אַן אנטוישטע אין לעבען, און אָהן אַן אינ-טערעס.

— נו, אסתר, דערצעהל עפּעס, ווי לעבט זיך דיר די גאנצע צייט! — האָט יוחנן אַ זאָג געגעבען.

— ניטאָ וואָס צו דערצעהלען! — האָט זי אפּאטיש באַמערקט, און האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דעם פענסטער, און געקוקט מיט טעמפּע בליקען אין גאס אריין.

— פאָהר קיין ארץ ישראל. — האָט יוחנן איהר אַ זאָג געגע-בען, און דערנאָך צוגעלעגט: קיין אמעריקע פאָהרען עלטערען, דערנאָך ברייננגען זיי זייערע קינדער. אין ארץ ישראל איז פאר-קעהרט. עס פאָהרען פריהער די קינדער, זיי פלאסטערען אוים די וועגען, אָרדענען זיך איין אין דער קאָלאָניע, מאכען פלאַץ פאַר די עלטערען און דערנאָך שיקען זיי נאָך די עלטערען. פארשטעהסט?

— געה, איך בין שוין אלט! — האָט אסתר אָפּען אַ זאָג גע-געבען!

— איצטער האָסטו געזאָגט אַ נארישקייט, — האָט יוחנן אַ זאָג געגעבען, — איך האָב דיך אלעמאָל געהאלטען פאַר אַ קלוגע. אַ מענש איז קיינמאָל ניט אלט. און ווען איינער איז אפילו שלעכט געשטימט, איז דאָ פאר איהם איין וועג. אויב ער איז ניט באַפרידיגט אין לעבען, און וויל זיך אויספולען מיט עפּעס שעהנעס, זאָל ער נאָר פאָהרען אין ארץ ישראל, דו הערסט, אסתר? איך האָב אין ארץ ישראל געזעהען מענשען, וועלכע זיינען געקומען אנטוישטע פון דער רעוואָלוציע, און צובראָכען פון די איבערלעבענישען ווי פאַגראָמען, און אזוי ווייטער. עס איז ארי-בער אַ שטיקעל צייט, און איך האָב די מענשען ניט דערקענט. די לופט אין ארץ ישראל, די ארבייט, די אידייע האָט זיי פארכאפּט, אָבגעפרישט, אויפגעלעבט און זיי זיינען גאָר אַ סך יונגער און שעהנער געוואָרען, דו הערסט, אסתר? איך זאָג דיר ניט קיין ליגען, אזוי איז דאָס!

און ער האָט גענומען דערצעהלען זיי:

— ווען איהר וואָלט אַ קוק געטהון אויף חיה שרה׳ן, דאָס מיידעל, מיט וועמען איציק דעם שוחט׳ס האָט געהייראַט ביי דער גרענעץ, איהר געדיינקט? זי איז אַ מאַמע פון אַ היפּשען אינגעלע, כמעט אין שלום׳ס יאָהרען, אָבער חיה שרה אליין, אַ מזיק! זי אַקערט און פּילגעוועט, און זעעט און פּלאַנצט, און איז אין דער אייגענער צייט אַ בעל הבית׳טע, און עסק׳ט זיך מיט קהל׳שער אַרבייט, און איז אַ גאַנצע אָנפיהרערין אין דער קאָלאָניע, און איך זאָג אייך, די פרוי אין ארץ ישראל איז אַ מוסטער, אין ער־געץ ווערט איהר ארבייט ניט אזוי אָפּגעשעצט און אנערקענט ווי אין ארץ ישראל!

— דו הערסט, אסתר? — האָט בתיה זי אַרומגענומען, און זי געזוכט צו דערמוטיגען.

עס איז שוין אַ שטיק צייט, אַז אסתר האָט זיך שטאַרק אַנ־טוישט אין אַמעריקע, איז מיעד געוואָרען פון צו זיצען אין דער פאַבריק, די געשעפטען ביי דעם פאָטער זיינען אַוועק ניט גוט. און דערצו האָט נאָך די באָבע געהאַלטען אין איין קרענקען, און אסתר האָט דערפיהלט, אַז זי ווערט עלטער, און עס איז מעהר ניטאָ דער כח צו זיצען אין פאבריק ביי דער מאשין און נעען קליידלאך.

— נו, מיר וועלען נאָך רעדען וועגען דעם. — האָט אסתר גע־ענטפערט, און אַ זאָג געגעבען צום פאָטער:

— טאַטע, קום מיר וועלען דערווייל געהן! יוחנן איז מיעד, און ער האָט זיך נאָך אַפילו ניט דורכגערעדט מיט בתיה׳ן, לאָמיר זיי לאָזען אליין.

— מיר וועלען זיך נאָך זעהן! — האָט יוחנן זי פארזיכערט, און זיי אַרויסבאַגלייט פון צימער צו דעם עלעווייטער, און ווען ער איז צוריקגעקומען האָט בתיה איהם דערצעהלט:

— עס איז מיר אַ צער פאר דער מיידעל, ווען עס האָבען זיך צו איהר גע׳שדכנ׳ט די בעסטע בחורים, האָט זי ניט געוואָלט היי־ראטען. איצטער פיהלט זי זיך דערשלאָגען. עס איז ניט די אסתר זשיטניקער פון אמאָל. זי האָט פיינט די שטאָדט, און זי לעבט

אויף, ווען זי קומט אַרויס צו אונז אין וואַטערבורי, אויף אַ סוף וואָך, אָבער זי קומט די לעצטע צייט זעהר זעלטען.

דערנאָך איז דער מאָליוועער רב מיט זיין משפחה אויך אהיים־געגאַנגען, און יוחנן האָט צוגעזאָגט, אַז אויב עס וועט איהם מעגליך זיין, וועט ער אפשר נאָך צוקומען שפּעטער צו זיי.

— איך האָב ניט געקענט אויסשטעהן דעם נסיון, ווען מען האָט מיר אָנגעבאָטען די רייזע פון ארץ ישראל, ווייל דו פאַר־שטעהסט דאָך, אַז איך האָב שטאַרק געבענקט נאָך אייך. — האָט יוחנן זיך איהר פאַרטרויעט.

— אָבער וואָס איז דער תכלית? — האָט בתיה זיך געטוליעט צו איהם? וואָס וועט זיין דער סוף? ווי לאַנג וועל איך דאָ זיצען?

— נו, אויב דו ביסט גרייט, וועל איך אייך נעמען מיט זיך, ווען איך וועל פאָהרען צוריק. — האָט יוחנן געענטפערט.

— וועגען דעם איז אַ סך צו רעדען. דאָס לאָזט זיך ניט טהון אַזוי לייכט. ווייל איך פאַרשטעה אַז דערווייל איז דאָרט די לאַגע ניט אַזא גלענצענדע, און איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט ניט ליעב קיין קהל'שע ארבייט. מיר איז אפילו אַ חידוש, ווי אַזוי דו האָסט איינגעוויליגט צו פאָהרען אַלס אַ שליח אהער!

— ארץ ישראל האָט אין זיך אַזוי פיל שעהנקייט, און די אי־דייע פאַרכאַפּט דיך אַזוי שטאַרק. אַז דו פאַר זיך, הערסט אינגאַנ־צען אויף צו עקזיסטירען. — האָט ער איהר מודה געווען.

— דעריבער טאַקע איז ביי מיר אַ פראַגע אויב איך זאָל פאָהרען מיט דיר. — האָט בתיה איהם געגעבען צו פאַרשטעהן. — מיין פאָהרען און זיך דאָרטען באַזעצען קען דיר שטערען אין דיין ארבייט. אַ באַוועגונגס מענש מיט אַזעלכע פאַראַנטוואָרטליכקיי־טען ווי דו טראָגסט פאַר ארבייט, קען זיך ניט אָפּגעבען מיט ווייב און קינד, פאַרשטעהסט? איך קען דאָך דיך!

— נו, אויב דו האָסט שוין יאָ געמאַכט אַ רייד דערפון, — האָט יוחנן אַ זאָג געגעבען וועל איך דיר טאַקע זאָגען דעם אמת: — ניט ווייל איך האָב דיך ווינציגער ליעב, ווי אַמאָל, נאָר דער ריינער אמת איז, עס איז ביי מיר אָפּט אַ פראַגע, וואָס עס שטעהט העכער? די פליכט צו דער פאַמיליע, אָדער די ליבע צום פאָלק?

— פאַרוואָס זאָגסטו ניט פאַרקעהרט? די ליבע צו דער פאַמיליע און די פליכט צו דעם פאָלק?

יוחנן האָט אָפענהערציג געענטפערט:

— ליבע צו דער פאמיליע איז אייגענליבע, עגאָאיסטיש, איז דעריבער די ליבע צום פאָלק, אַ סך דערהאבענער אין מיינע אויגען, וואָס איז דאָ צו לייקענען?

— האָב איך עס טאקע געפיהלט די גאַנצע צייט, ביי דיין אַוועקפאָהרען קיין ארץ ישראל. און דערפאר האָב איך דיר דאן ניט געשטערט — האָט בתיה געענטפערט, און זי האָט געזוכט צו זיין קאלט און רוהיג, כאָטש זי האָט זיך געפיהלט שטאַרק געערגערט.

— איך האָב עס אויך געפיהלט אין דיינע בריעף, וואָס האָבען געאָטעמט מיט ליבע צו דעם לאַנד און מיט פליכט צו אונז.

— דאָס מיינט אָבער ניט, אַז איך וויל אייך ניט האָבען לעבען מיר, — האָט יוחנן געטענה'ט, — איך וועל אייך מיטנעהמען און איינאָרדנען, און דאָס וועט זיין דאָס גליקסטע פאר אונז אלעמען.

— ניט פאר דיר. — האָט בתיה גע'טענה'ט, — איך וויל ניט זיין דיר קיין שטער אין דיין אַרבייט.

— דערווייל איז היינט יום טוב. דער ערשטער טאָג. לאָמיר איינגאנצען ניט רעדען דערפון. — האָט יוחנן אָפּגעצויגען דעם שמועס. ער האָט אַרויפגעכאַפּט שלום'ן אויף דעם שויס, און זיך מיט איהם צורעדט:

— נו, זאָג, שלום, וואָס לערענט מען אין דיין נאציאָנאל ראַדיקאלער שולע?

—מען לערענט לייענען און שרייבען אידיש, און מען דערצעהלט אונז פון א סך אידישע שרייבער, און מען זינגט אידישע לידער, און נאָך א סך זאכען. — האָט שלום געענטפערט.

— וועלכע שרייבער קענסטו? — האָט איהם יוחנן גענומען ווי אויף אַן עקזאמען.

— אָ, איך קען מענדעלין, און שלום עליכם'ן, און נאָך.

— ווער געפעלט דיר בעסער ?

— שלום עליכם. ער איז א שטיפער. ער איז אליין ווי א אינגעל. אלעמאל האט ער צו דערצעהלען עפעס א מעשה מיט א שפיצעל. שלום עליכם'ן האבען מיר אלע זעהר ליעב. דו ווייסט, ער געהט דאך קומען אין אמעריקע! — האט שלום מיט פרייד אויסגערופען.

— קענסט עפעס שלום עליכם'ס א מעשה מיר איבערדער-צעהלען? — האט יוחנן הארציג אנגעקוקען פון דעם קליינעם אינגעל, וועלכער האט ארויסגעוויזען אזא ליבע צו שלום עליכם'ן.

— אוודאי קען איך. איך קען דאס מעסערעל, און די פאהן און — הבדלת וקידשת. איך קען א סך מעשיות. וואס מיינסטו?

— נו, איז טאקע זעהר גוט. שבת וועל איך געהן מיט דיר בא-זוכען דיין שולע.

— שבת, — האט שלום געלאכט. — שבת וועסטו דאך זיין דא, און מיין שולע איז דאך גאר אין וואטערבורי !

— וואטערבורי האט שוין היינט אזא נאציאנאל ראדיקאלע שולע? — האט יוחנן זיך פארוואונדערט. — די וואטערבורי וועל-כע האט אמאל געוואלט מפטיר מיט קדיש?

— דו וואלסט שוין היינט וואטערבורי ניט דערקענט! — האט בתיה איהם גענומען דערצעהלען. — דו געדיינקסט לייזער דעם זייגערמאכער? אט דער לייזער איז נאך דיין אוועקפאהרען גע-ווארען טעטיג, אין דער פועלי ציון גרופע, און איז אומגעפאהרען איבער אלע שטעדטלאך אין קאנעטיקוט, האט ארגאניזירט א ראיאן, און דערנאך האט ער געגרינדעט א נאציאנאל ראדיקאלע שולע, און האט אפילו אליין געלערענט. וואס ווייסטו וואס פון לעזערען איז געווארען! ער האט אפילו זיינע געשעפטען פאר-נאכלעסיגט צוליב זיין פועלי ציון גרופע מיט דער שולע.

— יא, איז וואס מאכט ער לייזער? — האט יוחנן א פרעג געגעבען.

— דו וועסט איהם היינט אויף דער נאכט זעהן ! ער איז פארטראטען אין דעם צענטראל קאמיטעט אין דיין פארטיי, און

ער וועט זיכער קומען היינט אויף דער נאַכט צו דער באראטונג. — האָט איהם בתיה פארזיכערט.

— דאָס איז אַ גרויסע איבעררֿאשונג. אַ טייערער בחור, דער לייזער, ניט אמת?

— אן אמת'ער חבר, און דו זאָלסט וויסען וואָס ער האָט גע-טהון פאר אונז די גאנצע צייט? און וויפיל געזונט ער לעגט עס איין פאר דער אויפהאלטונג פון דער נאַציאָנאל ראדיקאלער שולע, פרעג נאָר שלום'ן!

— לייזער איז דאָך מיין לעהרער! איך האָב איהם ליב! — האָט שלום זיך באריהמט.

— נו, און מיך? — האָט יוחנן אַ פרעג געגעבען, און שלום האָט דרייסט געענטפערט:

— אז דו האָסט דאָך גאָר קיין צייט ניט! ערשט היינט ביזטו געקומען, האָבען דיינע חברים דיך שוין געוואָלט אוועקנעמען. ביזטו קוים געבליבען מיט אונז אויף אַ פּאָר שעה. באלד קומען זיי שוין צוריק צו דיר. ווען זשע וועל איך דיך קענען ליעב האָבען? בלייב דאָ אין אמעריקע, וועל איך דיך קענען ליעב האָבען!

פון די רייד איז קענטיג געווען, אז דאָס קינד האָט שטאַרק געבייגקט נאָך דעם פאָטער, און אז ער האָט געהאט פארדרוס, וואָס ער וואקסט אינגאנצען אָהן איהם.

— נו, ווייסטו וואָס — האָט יוחנן א זאָג געגעבען, — אויב די מאמע איז נאָך ניט גרייט צו פאָהרען מיט מיר, וועל איך דיך מיטנעהמען, דו וועסט וואוינען מיט מיר אין דער קאָלאָניע, און דערנאָך וועט די מאמע אויך קומען צו אונז.

— מאָהל דיר, אז אָהן דער מאמען וועל איך ניט פאָהרען — האָט שלום געענטפערט און עס האָט זיך געפיהלט, אז ער איז צו דער מוטער שטאַרק צוגעבונדען.

— עס איז נאָך צו פריה אינגאנצען צו רעדען וועגען פאָהרען, — האָט בתיה זיך ארייגעמישט — דער טאַטע איז דאָך ערשט היינט געקומען, און איך בין זיכער אז לויט ווי ער האָט געשרי-בען, וועט זיך זיין ארבייט דאָ פארציהען, מעגליך אמאָל אויף

א גאנץ האלב יאָהר צייט, און דורך דער צייט וועלען מיר קענען זעהן, וואָס מיר האָבען צו טהון.

דערווייל האָט דער טעלעפאָן גענומען קלינגען. פון דער לאבי האָט מען געזאָגט, אז מען קומט צו יוחנ׳ן.

— זאָלען זיי אַרויפקומען. — האָט יוחנן ארונטערגערעדט דורך דעם טעלעפאָן.

עס זיינען ארויפגעקומען די מיטגלידער פון דעם צענטרא־לען קאָמיטעט, אַ גרופּע יונגע לייט, וועלכע זיינען געשטאנען ביי דער אַרבייט פאר ארץ ישראל׳ער אַרבייטערשאפט, מעהרסטענס גרינע יונגע לייט בסך הכל עטליכע געצעהלטע יאָהר אין לאנד.

רייכמאן, דער סעקרעטאר, אַ מענש מיט אַ גרויסער קודלע האָר, אַ פּאָר קלוגע ליכטיגע אויגען, אָבער מיט א סך חוצפה איז אין יענער צייט געשטאנען ביים רודער, געפיהרט די פארבינדונ־גען מיט׳ן לאַנד, און אין זיינע הענט איז עס געלעגען די אָרגאנ־זשירונג פאר דעם גאנצען טור איבער׳ן לאנד.

צוזאמען מיט איהם האָט פון דעם ערשטען טאָג געאַרבעט וועווקע, אַ נידעריגער געפּאקטער בחור׳ל, מיט אויגען איינגע־גראָבענע אין פּנים, פארבלאָזענע באקען, אָבער מיט אן עקשנות־דיגען באוואוסטזיין, וועלכער איז געשטאנען ביי דער אַרבייט, טאָג און נאַכט, געטריי און איבערגעבען, און אלעמאָל גרייט אַרויפצופאַלען אויף אַ געגנער און איהם מאַכען מיט דער בלאָטע, דורס זיין ווי מיט הערנער. און מיט זיי איז אויך אַרויפגעקומען דער רעדאקטאָר פון דעם „קעמפּער” קלמן.

דער אייגענער קלמן, וועגען וועמען ברענער האָט עס אין לאָנ־דאָן איהם דערצעהלט אז צוליב זיין געלערנטקייט איז ער ארונ־טערגעבראכט געוואָרען פון ענגלאנד צו רעדאקטירען דעם ערשטען „קעמפּער.”

קלמן, אַ מענש מיט אַ פאר׳חלום׳ט אויסזעהן, אַביסעל אַ מטושטש׳ער, פארטיפט תמיד אין עפּעס אן ענין, גוט אָנגעלעזען, און מיט אַ מערקווירדיגען זכרון, האָט געמאכט דעם איינדרוק, ווי איינגאנצען אויסגעטהון פון דער דרויסענדיגער וועלט און אריינ־געטהון אין דעם ענין ארץ ישראל מיט א מין רעליגיעזער פרומ־

קייט, און וועלכער האָט פאַרעהרליכט דעם ישוב, אידעאַליזירט דעם אידישען פּועל ציון. און זייענדיג באוואפענט מיט אמוניציע פון זיין קינדהייט, די ביבעל דערנאָך דעם תנ"ך, און שפּעטער די אידישע געשיכטע, איז קלמן ניט נאָר געווען דער רעדאַקטאר פון דעם „קמעפער" נאָר ער האָט אויך געהאט א פיינעם באַציה צו ליטעראטור, און ער האָט ניט אויפגעהערט צו דערמוטיגען יעדען יונגען אידישען טאלאנט, וועלכער האָט געזוכט עפּעס צו שאפען אין דער אידישער שפּראַך, אזוי אַז קלמן האָט ארונטערגענומען אונטער זיינע פליגעל די אידישע ראדיקאלע יוגענט, און ער האָט טאקע אין יענער צייט אַרויסגעפיהרט אַ גאנצע רייהע אידישע טאלאנטען אין דער פּאָעזיע און אין דער בעלעטריסטיק.

אָבער קלמן און רייכמאַן האָבען צווישען זיך קיינמאָל ניט געקענט אויסקומען. רייכמאַן האָט אָפט גע'חוזק'ט פון קלמנ'ס ערנסטקייט און בטלניש'קייט, און קלמן איז געווען פון דער נא-טור זעהר אַ ווייכער, סענטימענטאַלער מענש, ניט קיין קריגער, און ער האָט אָפט ארונטערגעשלונגען פון רייכמאַנען אַ סך זלזולים, און האָט אָפּגעשוויגען.

געקומען זיינען אַלע דריי אין האָטעל אריין זיך דורכצורע-דען מיט יוחנ'ן, און אָפּנעמען דעם ערשטען לעבעדיגען גערוס פון ארץ ישראל, און כדי צו זעהן אויב יוחנן איז עס דער, וועל-כער וועט קענען דערפאָלגרייך דורכפיהרען דעם טור איבער'ן לאַנד, אזוי, אַז עס איז אויסגעקומען, אַז רייכמאַן איז געקומען נעמען יוחנ'ן אויף אַ פאַרהער, זעהן אויב ער קען אויסהאלטען דעם עקזאַמען.

— איך האָב פאַר אייך אַ גערוס פון ברענער'ן, — האָט יוחנן אַ זאָג געגעבען צו קלמנ'ען, און זיי האָבען זיך ביידע פאַררעדט וועגען יענעם מאָדנעם אידישען דיכטער וועלכער האָט שוין ביי יענער צייט זיך געהאט דערוואָרבען אַ שעהנעם נאָמען אין דער העברעאישער און אידישער ליטעראטור, און איז דאָך געשטאַנען אין אַ זייט, ניט באַמערקט פון דער גרויסער וועלט, ניט אָפּגע-שעצט, און אַפילו ניט אנערקענט, צוליב זיין טיפען פּעסימיזם, און זיין דערשלאָגענקייט, פון וועלכער ער האָט זיך ניט געקענט אַרויסרייסען.

— וואָס זיינען מיר געקומען בטל'נען, חברים ? — האָט רייכ־מאַן אַ זאָג געגעבען, און ער האָט זיי איבערגעריסען דעם שמועס אין מיטען דערינען.

— לאָמיר צוגעהן צו דער ארבייט. — האָט וועווקע אַ זאָג געגעבען, און זיך צוגערוקט נעהענטער מיט דעם ביינקעל.

בתיה האָט גענומען שלום'ן, און איז מיט איהם ארונטערגע־גאַנגען אין דער לאָבי, כדי זיי ניט צו שטערען, און אזוי גיך ווי יוחנן האָט געהערט די באמערקונגען פון וועווקען און רייכמאַנען, האָט ער אַ זאָג געגעבען:

— אלזאָ, מיר קענען צוטרעטען צו דעם ענין.

— גיט אונז אַ באריכט אין קורצען וועגען דער אמת'ער לאַגע, דאָרטען, ווי האַלט עס מיט אונזער באוועגונג, וואָס זיינען די אויסזיכטען פאַר דער צוקונפט, און וואָס דיינקט איהר דאַרף באַלד געטהון ווערען. — האָט רייכמאַן אַ זאָג געגעבען, און אין דער אייגענער צייט אַרויסגעכאַפּט פון קעשענקעלע אַ קעמעלע מיט אַ שפּיגעלע, און זיך פאַרקעמט די פּאָמפּאַדורע. די גרויסע טשאַפּרינע האָר. ביי דעם מענשען איז געבליבען אַ שוואַכקייט אויף יאָהרענלאַנג זיך אָפּצוגיבען מיט די האָר, און ביי יעדער געלעגענהייט האָט ער זיך געקעמט, אפילו אין דער אָנוועזענהייט פון פרעמדע מענשען.

— חברים. — האָט יוחנן אָנגעהויבען. — עס איז אָפּילו ניט קיין ענין צו וועלכען מען קען זיך צוריהרען בקיצור, איך מיין, עס איז נויטיג, אַז מיר זאָלען זעהן די לאַגע דאָרטען, ווי זי איז אין דער אמת'ן. אָבער איך וועל פּרובירען זיין אזוי קורץ ווי נאָר מעגליך.

רייכמאַן האָט איהם איבערגעהאַקט:

— נו, אָבער נאָכאַלעמען שטעהען מיר אין צע־קא אין שטענ־דיגער פאַרבינדונג מיט ארץ ישראל, און מיר האָבען מעהר אָדער ווענינער אַ באַגריף וואָס דאָרט קומט פאָר. אַזוי אז דער באריכט איז גאָר אינגאַנצען ניט נויטיג.

— מיר ווייסען, מיר ווייסען אלצדינג. — האָט וועווקע צו־

געשטימט מיט רייכמאַנען, נאָר קלמן איז געזעסען ווי פאַרלוירען. זייענדיג אַ ווייכער מענש, אָהן רוקענביין האָט ער ניט געהאַט אין זיך דעם כח זיך צו שטעלען אנטקעגען, און אָפּהאַקעןביידע די פליגעל.

אָבער יוחנן איז געווען, ניט קיין נאַר, און כאָטש ער האָט זיך געפיהלט אביסעל באַליידיגט וואָס אָט האָט מען איהם געבעטען אָפּגיבען אַ באַריכט, און אַ מינוט שפּעטער נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבען, האָט מען שוין איהם ווי פאַרמאַכט דאָס מויל, און געגעבען אָן אָנצוהערעניש, אַז אייגענטליך ווייסען זיי, די „אַמעריקאַנצעס" יעדע זאַך, גלייך ווי זי פּאַסירט דאָרטען, און אַז קיין גרעסערע חכמים פאַר זיי איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. פונדעסטוועגען האָט ער זיך ניט פאַרלוירען, און ער האָט זיך אויפגעשטעלט, און געענטפערט:

— חברים, עס איז מיר אויף אייך אַ וואונדער. על כל פּנים האָט איהר געמענגט אָפּוואַרטען ביז איהר וועט הערען, און דאַן אורטיילען אויב איך רעד וועגען זאַכען, וואָס זיינען אייך שוין באַוואוסט, אָדער אפשר האָב איך טאַקע פאַקטען, וואָס אויף פּאַפּיר דורך פּאָסט קען מען זיי ניט אַרויסשרייבען. איהר וועט מיר אַלזאָ מוזען מוחל זיין, און אָפּמאַכען ביי זיך, אַז איהר זייט געקומען אויסהערען אַ שליח פון ארץ ישראל, און זיך צוהערען צו זיינע ווערטער, און דאַן וועט איהר קענען רעדען צו דעם באַריכט, אָפּווענדען, אָדער צולעגען אייערע מיינונגען.

עס איז שטיל געוואָרען, און יוחנן האָט אָנגעהויבען:

— כדי צו קענען האָבען אַ קלאָהרען באַגריף וועגען דער אמת'ער לאַגע אין ארץ ישראל, איז ניט נויטיג נאָר צו שטעהען אין פאַרבינדונג ווי עס שטעהט דער אמעריקאַנער צע-קא מיט דעם ישוב און איהרע פאַרטרעטער, ווייל דעם אמת גערעדט, האַלטען ערשט אונזערע פאַרטרעטער דאָרטען אין פאָרמירען זיך. דאָס לעבען אַליין, וועט אונז לערנען וואָס מיר האָבען דאָרטען צו טהון. דערווייל אָבער, ווייס איך איין זאַך, דער אידישער אַרבייטער ווערט אויפגעבראַכט אויף אַ מזבח פאַר זיין לאַנד, פאַר זיין פאָלק, און זיינע קרבנות זיינען אפילו ניט לרצון. מען האָט נאָך די שווערע מיה פון ארבייטער דאָרטען אין ערגעץ ניט אָפּגעשעצט.

— עס קומט א אידישער אַרבייטער אין אמעריקע, האָט איהר שוין דאָ די אימיגראנטען הילפס געזעלשאפט, מען קומט דעם גרינעם אנטקעגען, און מען העלפט איהם לאנדען, און מען באַזאָרגט איהם מיט דעם ערשטען געלעגער, א דאַך איבער'ן קאָפּ, און א מאָהלצייט, און אויב מעגליך באזאָרגט מען איהם אויך מיט ארבייט. אין אַ סך פאַלען קומט דער גרינער צו משפחה, וועלכע קומען איהם אנטקעגען אין קעסעל-גארדען, און ער פאַרגעסט אַפילו שוין דעם ערשטען טאָג, אז ער איז א גרינער.

— אַנדערש חברים. — האָט יוחנן וויטער גערעדט איז די לאַגע פון דעם אידישען אַרבייטער אין ארץ ישראל. ער קומט טאַקע באַזעלט מיט אַ הארץ פּול מיט ליבע, אָבער די אידישע אפּיטרופּסים שטעהען און קוקען צו גלייכגילטיג און אָפט גאָר מיט חשד. מען קוקט אויף דעם אידישען ארבייטער ווי אויף אַ געפערליכען ראדיקאל, רחמנא לצלן, ווי אויף אַן אפיקורוס, און מען לעגט איהם אין חרם, מען דערלאָזט איהם ניט קומען צו קיין מצב, און אויף ארבייטער וועלכע ווילען נאָך לעבען קאָאָפּעראַטיוו קוקט מען שוין ווי אויף געפעהרליכע קאָנקורענטען צו פּריוואטען מסחור, און דאָס איז די לאַגע וועלכע האָט אונז׳ ארץ ישראל'ער ארבייטער דערפיהרט צו דעם געדאנק אז מיר דארפען בויען א מעכטיגע אידישע ארבייטער פּועלי ציון אין ארץ ישראל, און מיט אונזער גייסט ווילען מיר אויך באאיינפלוסען און באַווירקען צום גוטען אונזערע חברים איבער דער גאנצער וועלט.

דער ארץ ישראל'ער אַרבייטער האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין איניציאטיוו. נאָך עד היום זיינען אידישע קאָלאָניסטען גרייט אָנצושטעלען אַ ניט אידישען שומר, כאָטש דאָס איז דער גרעסטער טעות וואָס דער קאָלאָניסט באגעהט, און ער וועט מיט דער צייט זעהר טייער באצאהלען.

מיר מוזען אויך אויסאיבען אונזער איינפלוס אויף דער ציוניסטישער וועלטליכער אָרגאניזאציע, און אויך אויף דעם ציוניזם אין אלע לענדער. עס מוז פאָרקומען אַ מעהר יושר'דיגער באציה צו דעם ארבייטער מצד די פאַרוואלטער אין דעם אקציאָנס קאָמיטעט, מצד די באאמטע אין נאציאָנאל פאָנד. מיר פאָדערען אַרבייט פאר אידישע ארבייטער, באזונדערס ביי אידישע נאַציאָנאלע בנינים.

„מען האָט געשטעלט הערצלען א מאנומענט מיט ניט אידישע הענט, מען האָט געלעגט דעם יסוד, און מען האָט פארענדיגט דעם אידישען קווארטאל אין תל אָביב, מיט זעהר ווינציג אידישע ארבייטער, און מען דארף פון אונז ארונטערנעמען דעם חרם און דעם בלבול. דער חרם איז אַ געמיינע וואפען, וואָס טרייבט א סך פון אונזערע חברים צו פארצווייפלונג. זיי ווערען מיעד און אויס־געהונגערט, און זיינען געצוואונגען צו פארלאָזען דעם ישוב.

„און דער בלבול וועט אונז טרייבען צו דעם צווייטען עקס־טרעם, מיר וועלען זיך מוזען שטעלען ברודער קעגען ברודער, אויב דאָס וועט נויטיג זיין, אָבער דער זיג וועט זיין אויף אונזער זייט, ווייל דער אמת איז אויף אונזער זייט. מיר זיינען געקומען בויען דאָס לאנד, און ניט נאָר פאר זיך, נאָר פאר דעם אידישען פאָלק. און ווער עס קומט קיין ארץ ישראל, צוליב ענג קאפי־טאליסטישע אינטערעסען, צוליב עקספלואטאציע, צוליב פאר־קנעכטונג, יענער קומט ניט האָבען קיין חלק ונחלה אין ארץ ישראל, נאָר קומט איינבירגערען אַ נייעם גלות, אַ שוויץ־פאבריק, און ער קומט אונטערגראָבען דעם געזונטעטן יסוד, אויף וועלכען ארץ ישראל מוז געבויעט ווערען.

— און דעריבער, חברים, האָט די ארץ ישראל'ער ארבייטער־שאפט אויפגענומען דעם קאמף און ער וועט געפיהרט ווערען אויף פאָלגענדער ליניע. מיר זיינען אידען און אלס אידען ווילען מיר בויען אן אייגענע לאנד, אָבער מיר זיינען אויך אַרבייטער און דיקטירט פון אונזערע אַרבייטער אינטערעסען זיינען מיר גע־צוואונגען זיך צו אָרגאניזירען אין אַ מעכטיגער אידישער אַר־בייטער פארטיי, און מעכטיג קענען מיר זיין נאָר ווען מיר וועלען קומען צו דעם באוואוסטזיין, אַז מיר געהען זעלבסטשטענדיג, מיר זאַמלען אייגענע פאָנדען, צווישען זיך, צווישען אונזערע סימפאטיזירער, און די שטימע פון דעם אידישען אַרבייטער וועט איינגיכען דערהערט ווערען דורך די פאָנדען, וואָס אידישע אַר־בייטער אין דער גאנצער וועלט וועלען זאַמלען, און מיט די פאָנ־דען וועלען מיר שטיצען דעם ארבייטער, און איהם דערמוטיגען, כדי ער זאָל זיך פיהלען איניג און סאָלידאריש מיט דער אידישער אַרבייטערשאפט אין דער גאנצער וועלט, און אויך מיט דער אינ־טערנאציאָנאלער אַרבייטערשאפט פון וועמען ער איז אויך אַ לע־בעדיגער טייל.

— חברים, איך בין געקומען אלס שליח צו פאָדערען פון אייך אַמעריקאנער חברים אז מיר זאָלען צוזאמען באקאנטמאכען די אמעריקאנער ארבייטער-מאסען מיט דער לאגע פון דעם פועל אין ארץ ישראל, און פראָקלאמירען אַ פּאלעסטינער ארבייטער פאָנד."

ווען יוחנן איז פארטיג געוואָרען, האָבען זיך אלע חברים באַ-גייסטערט. זיי האָבען דערפיהלט, אַז זיי האָבען אין איהם גע-פונען דעם אמת'ן שליח, וועלכער טראָגט אַ לעבעדיג וואָרט, ווייל דער ענין איז איהם צום הארצען, און אַז ער איז שטאַרק פאַר-אינטערעסירט אַז ארץ ישראל זאָל געבויעט ווערען מיט מעהר אימפּעט, און טאַקע דורך דער אידישער ארבייטערשאפט.

— חברים, — האָט רייכמאן אַ זאָג געגעבען, — איך זעה אַז דער חבר איז ניט קיין גרינער, און די צונג דאַרף מען איהם אויך ניט פיקען. ער קען ארומרעדען אַן ענין, און ער קען שילדע-רען אַ לאגע מיט לעבעדיגע פארבען. דעריבער חברים שלאָג איך פאָר, אַז מאָרגען זאָלען מיר פאררופען דעם גאנצען צענטראַלען קאָמיטעט אין אָפיס פון „קעמפּער" און דאָרטען זאָלען מיר צו-טיילען די ארבייט פאַר אָרגאַניזירען דעם גרויסען קבלת פנים פאַר אונזער חשוב'ען גאסט, חבר יוחנן טווערסקי. אלץ ווענדעט זיך איצט אין אונז צו מאַכען זיין טור פאַר אַ גרויסען דערפאָלג, און איך בין זיכער, אַז ער וועט זיין אַ דערפאָלג.

— איינפארשטאנען. — האָט ווער צוגעשטימט, און דער-נאָך איז דער שמועס שוין געוואָרען אינטימער. מען האָט גערעדט און דערצעהלט, זיך נאָכגעפרעגט אויף די באקאנטע חברים, וועלכע אלע האָבען געקענט, און געוואוסט, אַז זיי שטעהען ביי דער אַרבייט.

יוחנן האָט דערצעהלט, אַז ווי שלעכט די לאגע איז ניט פון דעם אידישען אַרבייטער מאטעריעל, איז זי אָבער נאָך אלץ אַ סך גינסטיגער פון דער לאגע פון דעם אראבישען ארבייטער, וועלכער ווערט עקספּלואטירט אויף דעם ניעדריגען אופן, און אַז ער אַר-בייט אָפּ פאַר די פאָר פיאסטער דעם טאָג, און ווען ער געהט אַהיים שפּייזט ער זיך מיט אַ צופוילטער אָראנזש, און גאנץ אָפט גאָר מיט דער שאָלעכץ, אָבער דער אידישער אַרבייטער מאכט

פון יעדער זאך אַ יום טוב, און ווען ער שלאָגט זיך צו ערגעץ צו אַ פּאָר דונאַם לאַנד, איז יעדעס גרעזעל ביי איהם אַ נחת רוח, און ער האָט פון אַרבייט געמאַכט אַ רעליגיע, און ער חלומט וועגען אַ שעהנערען מאָרגען, און ער ארבייט מיט געזאַנג, ער האָט אַ גרויסען נחת רוח צו זעהן, ווי דער אידישער אַרבייטער, דער אינטעליגענט, וועלכער האָט אויפגעגעבען אַ קאַריערע אין רוסלאַנד, איז געקומען אין ארץ ישראל, אויסגעטהון דאָס שטייפע העמד מיט דעם אָנגעקראָכמאָליעטען קאָלנער, איז אריינגעשפּרונ-גען אין די אַרבייטס קליידער, האָט גענומען אַ רידעל און אַ זעג אין דער האנט אַריין, און ער מייסטערעוועט, און ער גראָבט, אקערט, שוויצט, פיבערט, אָבער ער שטעהט אויס געגוג נסיונות, און ווען ער דערזעהט, אז זיין אַרבייט ברענגט שוין עפּעס ממשות'דיגעס, באגייסטערט ער זיך פאר דעם שטיקעל גאָרטען, אָדער פאר דעם ביידעל, וואָס ער האָט אליין אויפגעקלאפּט, און ער צוזינגט זיך, און געהט אוועק טאנצען.

— דער עיקר, ארץ ישראל זינגט, ארבייט און זינגט, חלומ'ט און זינגט, און כל זמן אַ מענש באגייסטערט זיך פאר געזאַנג, וועט ער מיט דער צייט אויסזינגען אַ נייעם חלום, אַ נייעם אידעאל. — האָט יוחנן זיי באמערקט. אונזערע חברים זינגען און טאנצען, מאכען שעהנע אייגענע ימים טובים, און איך בין זיכער, אז דער אידישער אַרבייטער אין ארץ ישראל שרייבט אַ ניי בלאַט אין דער אידישער געשיכטע, וואָס ווען די ארבייטער פון אלע לענדער וועלען זיך אמאל כאַפּען, און דערזעהן, וואָס אין ארץ ישראל איז געשאַפען געוואָרען, וועלען זיי דאָן איינזעהן, אַז אויך דער נייער סאָציאַליזם האָט זיך אין ארץ ישראל בעסער באפעסטיגט ווי אין אלע אנדערע לענדער.

בתיה און שלום זיינען ארויפגעקומען. דאָס קינד איז שוין געוועזן מיעד, און מען האָט איהם געדאַרפט לעגען שלאָפען.

נו, מיר וועלען אביסעל ארונטערגעהן. — האָט רייכמאַן פאָר-געשלאָגען, נאָר יוחנן האָט געבעטען מען זאָל איהם אנטשולדיגען.

— ווי איהר זעהט וועל איך דאָך ניט לאָזען מיין חברה דעם ערשטען אויף דער נאכט איינע אליין מיט'ן קינד. איך בין דאָך אויך איהר גאַסט. — האָט יוחנן געשמייכעלט.

— וועלען מיר זי אויך מיטנעמען. — האָט וועווקע פאָרגע-שלאָגען.

— מיט וועמען וועלען מיר איבערלאָזען דאָס קינד? — האָט בתיה געטענה'ט.

— דאָס קינד וועלען מיר באזאָרגען. — האָט רייכמאַן זיך איינגעשטעלט, און האָט אַ זאָג געגעבען:

— איך וועל ארונטערלויפען אין לאָבי, אויב מען קען מיר געבען אַ מיידעל פון דעם האָטעל, וואָס וועט זיצען דאָ אין צימער מיט'ן אינגעלע, ביז מיר וועלען צוריק קומען, וועלען מיר מיט-נעמען אויך די חברה טווערסקי.

ער איז ארונטערגעלאָפען און ער איז באלד צוריקגעקומען מיט אַ בארמהערציגע שוועסטער און מיט אַ ליבען שמייכעל.

— איך וועל דאָ זיצען ביז איהר וועט קומען, האָט דאָס מיי-דעל געשמייכעלט, און ווען בתיה האָט געזעהן, אז דאָס מיידעל רעדט אידיש, און אַז מען קען זיך אויף איהר פארלאָזען, האָט זי נאָר איבערגעפרעגט: — אָבער איהר זאָגט מיר צו, אַז איהר וועט ניט פאַרלאָזען דאָס צימער, ביז מיר וועלען קומען צוריק?

— איהר קענט זיין זיכער, מאדאם, — דאָס איז דאָך מיין ארבייט. — האָט דאָס מיידעל זי בארוהיגט, און בתיה האָט אַ זאָג געגעבען:

— וועט איהר אַזוי גוט זיין, און ארונטערגעהן, כדי איך זאָל זיך קענען איבערטהון, און איך וועל אייך באגעגענען אונטען אין דער לאָבי.

עס איז געווען אָפּגערעדט מיט אַ גרופּע חברים, אַז שפּעטער אין אָוונט זאָלען זיי זיך פאַרזאַמלען אין דער לאָבי פון דעם האָטעל, און זאָלען ווארטען ביז דער ענגער קאָמיטעט וועט ארונ-טערקומען מיט'ן גאַסט.

ווען יוחנן איז ארונטערגעקומען מייט די דריי חברים, האָט ער שוין אין לאָבי געטראָפען זיצען און ווארטען אַ צאָהל חברים און חברות, וועלכע האָבען זיך באלד א לאָז געטהון אנטקעגען, און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ פאָרשטעלעניש און אַ באגריסען

זיך, אין יענעם מאָמענט, ווייל ער איז געווען דער איינציגער, וועלכער האָט געטראָגען אַ באָרד, האָט ער געגעבען דעם איינ-דרוק, אַז ער איז דאָס אַ רבי, און אַז אַלע אנדערע זיינען חסידים.

דער דאָזיגער מענש האָט געהאט אין זיך אַ מאַגנעטישע פּער-זענליכקייט, וועלכע האָט פּאַרלאַקט און אָנגערעגט, און מען איז באַלד צו איהם צוגעוואַקסען געוואָרען.

אַלע זיינען געשטאַנען אין אַ רעדעל אַרום איהם, ביז בתיה איז אַרונטערגעקומען. דאָס האָט צוגעצויגען די אויפמערקזאַמ-קייט פון די געסט פון דעם האָטעל. ווי אויך דאָס נייגעריגקייט פון די באַדינער. זייטיגע מענשען האָבען זיך דורכגעוואָרפען מיט בליקען און באַמערקונגען. איינער האָבען פּרובירט טרעפען אַז דאָס מוז זיין אַ גרענד ראַבי, און די באַמערקונגען איז געפאַלען אויף יוחנן׳ס אויערען, און ער האָט אַ שמייכעל געטהון צו די חברים:

— אינגאַנצען פון וועג זיינען זיי ניט. וויפיל האָט עס גע-פעהלט, אַז איך זאָל בלייבען „גרענד ראַביי”? אָבער עס איז שוין גלייכער אַזוי.

— מיר ווייסען, מיר ווייסען, — האָט רייכמאַן געוויצעלט זיך דערנאָך באַמערקט — וואָס הערט זיך. אין ארץ ישראל זיינען עפּעס פאַראַן גוטע אידען?

— אין צפת, און אין אַלט ירושלים, דאַרפט איהר זיי ניט זוכען. איהר קענט זעהען מעהר שטריימלאַך דאָרטען, ווי דאָ גלוחים, אידען אָהן בערד.

דערווייל איז בתיה אַרונטערגעקומען. אַלע האָבען זיך איהר וואַרעם געגריסט, איינער האָבען זי דערקענט, ווייל זי פלעג פון צייט צו צייט קומען צו די פּועלי ציון פאַרזאַמלונגען, וויסענדיג, אַז יוחנן איז אין מרחביה, אין דער קאָלאָניע וואָס ראַדיקאַלע אַר-בייטער האָבען געגרינדעט. און זי האָט אַלעמאָל געקענט הערען אַ גערוס, חוץ דורך די בריעף וואָס יוחנן האָט געשריבען צו איהר.

וועווקע, וועלכער האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַראַנזשירען אַזעלכע צוזאַמענקונפטען און האָט צוליב דעם טאַקע באַקומען דעם צונאָמען „באָס מוירפי” ביי די חברים, וועווקע האָט געהאַט

אַנגעגרייט שוין אַ פּלאַץ אין פּאַרויס, אין אַ קאַפּיי אויף איסט בראָדוויי. ביי אַ חבר, וועלכער איז געווען דער אייגענטימער פון אַ מילכיגען רעסטאָראַן, האָבען זיך אַלע געלאָזען געהן מיט'ן גאַסט און זיין פרוי, די טווערסקים.

אין רעסטאָראַן איז זיי אנטקעגען געקומען דער חבר — בעל הבית, האָט פאַר זיי געמאַכט אַ וואַרע, זיך וואַרעם באַגריסט מיט דעם גאַסט און ער האָט זיי אָנגעוויזען, אויף אַ לאַנגען טיש, וועל-כער איז געווען .צוגעגרייט פאַר אַן עולם.

אויסגעזעצט זיך ביי די טישען, זיינען אַלע געבליבען זיצען, האָבען געוואַרפען בליקען אויפ'ן גאַסט, ניט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוהויבען צו פאַרפיהרען אַ שמועס. אָבער יוחנן אַליין, איז זיי געקומען צו הילף.

— איהר, חברים און חברות, זייט דאָך געוויס ניט געקומען מיך היינט הערען האַלטען אַ דרשה. — דעריבער האָט ער אַ שפּאַס געטהון. — ווער ווייסט, אפשר האָב איך אינגאַנצען ניט אויסגעג'חזר'ט מעהר ווי איין דרשה וועגען פּאַלעסטינע, דאַרף מען זי דאָך האַלטען ביז צו דער גרויסער פאַרזאַמלונג. דעריבער וועלען מיר היינט קיין דרשות ניט האַלטען.

—מיך אַרט ניט, אַז איהר וועט יאָ האַלטען אַ דרשה. דער-ווייל האָט איהר גאַנץ שעהן גערעדט, — האָט וועווקע שוין באַגייסטערט זיך דורכגעוואונקען מיט די חברים.

און וועווקע האָט געהייסען ניט נאָר דער „באָס מוירפּי" נאָר אויך דער מבין. דאָס האָט ביי די חברים געגאָלטען פאַר אַ באַ-ווייז, אַז ביי וועווקען האָט שוין יוחנן אָפּגעגעבען עקזאַמען און אויסגעהאַלטען, נושא חן געווען.

— טו לאָמיר טאַקע עפּעס הערען. — האָט דער רעסטאָראַ-טאָר אַליין, זייענדיג איינער פון די אקטיווע חברים, נאָר ווייל ער האָט צוליב די געשעפטען אין רעסטאָראַן ניט געקענט קומען אין האָטעל אַריין, איז ער טאַקע געווען פאַראינטערעסירט צו הערען וואָס דער גאַסט האָט צו זאָגען.

— ניין, חברים, — האָט יוחנן ווייטער אַ זאָג געגעבען. — קיין רעדעס וועל איך טאַקע היינט ניט האַלטען, אָבער איך וועל

אייך זאָגען, וואָס מיר זאָלען יאָ טהון. אין ארץ ישראל, ווי איהר ווייסט זינגען מיר. מיר זינגען ווען עס איז אונז ביטער, און אומעטיג. מיר זינגען ווען עס איז אונז גוט, און פרעהלאך אויפ'ן הארצען, מיט איין וואָרט. אין דער ארבייט לעגען מיר אריין אונזער מיה אָבער אויך אונזער געזאנג. איהר קענט געהן איבער די וועגען פון יהודה און גליל, און הערען ווי אין דער לופטען טראָגט זיך א געזאנג, עפּעס א בעקאנטע מעלאָדיע, און עס ווערט אייך היימיש, נאָהענט. א ווארעמקייט כאפּט אייך ארום. איהר פיהלט זיך דערנעהענטערט צו דעם פעלד, צו דער ארבייט. דורך דעם געזאנג. גאנץ אָפט האָבען מיר ניט קיין נייע מעלאָדיע. נעמען מיר אן אלטע אידישע מעלאָדיע און מיר בויען זי איבער, מיר קניפּען זי אָן אין נייע ווערטער, אָפט אייגענע געשאפענע, וועגען דער ארבייט, וועגען דעם לאנד, און אזוי ווערען מיר רייכער אין לידער, און די לידער ווערען פארשפּרייט פון מושב צו מושב, פון קבוץ צו קבוץ, און ווען מיר ענדיגען די ארבייט, און מיר האָבען פרייע צייט, קלייבען מיר זיך ארום א געצעלט, אונטער'ן פרייען הימעל, און מיר צולעגען א פייערל, און פארציהען א ניגון. איבער אונזערע קעפּ דער טיעף לויטערער הימעל, ארום אונז די בערג פון יהודה, דער חרמון און דער כרמל, און דער שרון, און דערנאָך פארציהעט איינער א מעלאָדיע, און מיר אלע פאלען אריין מיט א באגלייטונג, און איידער מיר קוקען זיך ארום איז שוין צוגעפאלען די נאכט. עס ווערט נאכט מיטאמאָל און אין אין דער שטילקייט פון דער נאכט טראָגט זיך דאָס געזאנג איבער די בערג, און עס וועקט א בענקשאפט אין הארצען. עס ציהט און רופט ערגעץ אין אנדערע וועלטען, און אזוי זינגען מיר און חלומ'ען, ארבייטען און זינגען, פארזינגען דעם אומעט, די בענקשאפט און וועבען אריין אין אונזערע געזאנגען, אלע אידעאלען און שטרעבונגען, אָט אזוי לעבען מיר, חברים אין ארץ ישראל.

— אָט דאָס איז ביי איהם ניט געהאלטען קיין רעדע .. . —

האָט רייכמאן זיך געוויצעלט. אויב אזוי, איז ווי אזוי זשע רעדט איהר ווען איהר האלט א רעדע?

יוחנן האָט געשמייכעלט, און זיך אנטשולדיגט:

— איך האָב באמת ניט געמיינט צו האלטען קיין רעדע, איך האָב אייך אבער געמוזט איבערגעבען די סביבה אין וועלכער מיר

לעבען אין ארץ ישראל נאָך דער ארבייט, און ווען מיר טרעפען זיך מיט חברים.

— נו, טו לאָמיר שוין עפּעס הערען פון אייך א זמרל.

און ער האָט אָהן וויטערדיגע צערעמאָניעס אָנגעהויבען שטילערהייט פאַרציהען א לידעל:

---

— ראיתיה, ראיתיה,
כשהלכה לשאוב מים
מן המעין, אָה, אללאה,
מן המעין !
— אהבתיה אהבתיה,
כשישבה בין הפּרחים,
נשקתיה, אָה, אללאה,
נשקתיה !

---

דערנאָך האָט ער אויפ'ן פּלאַץ אימפּראָוויזירט א אידישע אי-בערזעצונג, כאָטש אין ארץ ישראל איז דאָס ליעד נאָר געזונגען געוואָרען אין העברעאישען טעקסט.

— כ'האָב געזעהן זי,
— כ'האָב געזעהן זי,
זי איז געגאנגען
שעפּען וואסער,
כ'האָב געזעהן זי,
אָה, אללאה,
כ'האָב געזעהן זי !

---

כ'האָב פארליבט זיך,
כ'האָב פארליבט זיך,
זי איז געזעסען
צווישען בלומען,
איך האָב געקושט זי,
אָה, אללאה,
כ'האָב געקושט זי !

דערנאָך האָבען אַלע אונטערגעכאַפּט די ווערטער, סיי די אי־דישע און אויך די העברעאישע, און איבער'ן רעסטאראַן האָט זיך צוטראָגען א געזאַנג, און אַלע פאַרבייגעהער האָבען זיך אָפּ־געשטעלט אריינקוקען דורך די פענסטער אין רעסטאָראַן, אַן עולם האָט זיך אָנגעקליבען, פאַראינטערעסירט אין די לידער, און אַ סך זיינען אויך אריין אין רעסטאראַן, האָבען געקוקט פאַרוואונ־דערט, ווי עס זיצט אַן עולם ארום אַ יונגענמאַן, מיט א באָרד, וועלכער איז שטארק פארברענט פון דער מזרח זון, אין וועלכער זיצט און פיהרט טיש מיט אַ קרייז יונגע מענער און פרויען, און צווישען זיי אייניגע גוט־באַקאַנטע פיהרער אין דער פּועלי־ציון פּארטיי, אין נויאָרק, מען איז איבערגעגאַנגען פון איין ליד צום אנדערען, מען האָט געזונגען אַלטע אידישע פאָלקס לידער, און איבערגעכאַפּטע אראבישע מאָנאָטאָנע לידער, איבערגעגאָסען אין אידישע פארצויגענע נגונים, מיט דעם אידישען קרעכץ, מיט דער אידישער בייַנקשאַפט, און ווען אייניגע נויאָרקער האָבען אָנגעהויבען זינגען דעם — פּה בארץ המדת אָבות — האָט יוחנן אַ זאָג געגעבען:

— אין ארץ ישראל טאַנצט מען דעם — פּה בארץ — און ער האָט זיך אויפגעשטעלט אָנגענומען וועווקען ביי דעם אָרעם, איהם אויפגעהויבען, און אויף זיי קוקענדיג האָבען זיך אַלע אַ הויב געטהון פון די פּלעצער, זיך אויסגעשטעלט אין אַ רעדעל, מען האָט אוועקגערוקט די טישלאך וועלכע זיינען געשטאַנען אין מיטען רעסטאראַן, צו די ווענט, און מען איז אוועק טאַנצען אין אַ ראָד:

— פּה בארץ חמדת אבות,
תתקיימנה כל ההבטחות,
פּה נהיה ופּה נראה
חיי זוהר, חיי תורה,
נירו ניר, ניר, ניר,
שירו שיר, שיר, שיר,
עוד יבואו גרעונים!

דערנאָך האָט יוחנן אויפגעכאַפּט אַ חסידישען ניגון, און דער האָט זיך באַלד איבערגעוואַרפען און פאַרקייטעלט נאָך אַ ניגון. און אַ פרישען ניגון, און מען האָט ניט אויפגעהערט צו טאַנצען מיט ברען, מיט התלהבות, אַז אפילו די זייטיגע זיינען פאַרכאַפּט געוואָרען. מען האָט אָפּגעהוליעט אַ נאַכט ביז עס האָט אָנגעהויבען זיך אַריינטראָגען די ערשטע קולות פון די וועגענער און טראָקס, וועמענס רעדער האָבען זיך געקייקעלט איבער די שטיינערנע גאַסען אויף איסט בראָדוויי, דער טאָג האָט אָנגעהויבען זיין אָנזאָגען זיין אָנקומען, און דאָס געזאַנג האָט זיך שוין אויסגעמישט מיט די קולות פון דער גאַס. און יוחנן האָט אויפגעהערט זינגען, און ביסלעכווייז איז שטיל געוואָרען.

עס האָבען שוין אָנגעהויבען אַריינקומען די פריהמאָרגענדיגע קונים, די עקספּרעסלייט, וואָס צופיהרען די מילך און דאָס ברויט אין די רעסטאָראַנען, און כאַפּען דעם ערשטען ביסען נאָך אַ נאַכט אַרבייט.

מען האָט זיך צוזעגענט און מען איז אַוועק אַהיים.

דער ענגער קאָמיטעט האָט אָפּגעפיהרט די טוּוערסקים אין האָטעל, און אויף'ן וועג זיינען זיי געגאַנגען און האָבען געשמועסט צווישען זיך.

וועווקע איז געווען באַגייסטערט:

— אויב מען וועט צוגעוואוינען אונזערע חברים צו זינגען, וועלען זיי דורך דעם געזאַנג מיטגעריסען ווערען און זיך באַגייסטערען פאַר דער אַרבייט.

עס איז דעריבער באַשלאָסען געוואָרען, אַז נאָך דעם קבלת פנים אין קופּער יוניאָן זאָל מען אויך אַריבערטראָגען דעם יום טוב צוריק אין רעסטאָראַן צו חבר גודמאַנען, וואו מען האָט די נאַכט פאַרבראַכט, און דאָרטען וועלען געדעקט ווערען טישען וואו מען וועט חוץ רעדעס אויך זינגען, און לערנען דעם עולם זינגען נייע, ארץ ישראל'ער לידער, און דאָס וועט שוין די לידער אַריבערטראָגען אין דער גאַס אַריין, אַזוי אַז ארץ ישראל וועט ווערען אויף אַלעמענ'ס ליפּען, און עס וועט זיין די בעסטע מאַניפעסטאַציע פאַר ארץ ישראל.

צום דעם קבלת פנים פאר יוחנ'ן איז געקומען א גרויסער עולם.

צווישען די רעדנער, חוץ קלמנ'ען, דעם רעדאקטאר פון „קעמ-פער" איז אויך געלאדען געוואָרען דער באקאנטער דאקטאָר הלל אָראָדיטשעוו.

דער דאָזיגער דאָקטאָר איז געווען אין אמעריקע צווישען די ערשטע פּיאָנערען. געקומען מיט א פּאָטער, אַ פּשוטער איד, אַ שניידער ביים פאַך, אָבער דער יונגער הלל האָט גענומען שטודי-רען מעדיציון, און ווי די מעהרסטע אידישע אינטעליגענטען אין יענער פּיאָנער צייט אין אמעריקע, איז ער מיטגעריסען געוואָרען פון דער אנארכיסטישער באוועגונג, און האָט זיך טאקע באטיי-ליגט מיט זיין פּען אלס איינער פון די פּרעדיגער פון דעם אנאר-כיסטישען געדאנק.

נאָר אָט איז אָנגעקומען די כוואַליע פון פּאָגראָמען, און די נייעס האָט זיך דערטראָגען קיין אמעריקע, און האָט צערודערט דאָס אידישע לעבען.

אָראָדיטשעוו איז געווען זעהר אַ געפיהלפולער סענטימענטא-לער מענש, און די פּאָגראָמען האָבען איהם ניט געגעבען קיין רוה. איז ער אומגעגאנגען א שטיקעל צייט ווי אַ פארווירטער, און ענד-ליך איז ער ארויסגעקומען אין דער אַנאַרכסיטישער צייטונג מיט אַן אַרטיקעל, וואָס איז באטראַכט געוואָרען אין יענעם ראדיקאַלען לאַגער, ווי אַ „באָמבע".

דער רעדאקטאר פון יענער אנארכיסטישער צייטונג איז גע-ווען א ביאַליסטאָקער ליטוואַק, א איד מיט'ן נאָמען יאנאָווער. יאנאָווער האָט אין זיין יוגענט באקומען א קנאַפּע אידישע דער-ציהונג. האָט ניט געהאט קיין ברעקעל ידיעה אין דער ביבעל און אין תנ"ך, אַ מענש לחלוטין אָהן א אידישער סביבה. וואָס ער האָט יאָ געקענט איז די רוסישע ליטעראַטור, און דורך איהר איז ער צוגעקומען צו דעם אנארכיזם.

דער אנארכיזם, ווי דער סאָציאַליזם אין יענער צייט, איז גע-ווען ניט קיין אידישער, נאָר ער איז געפּרעדיגט געוואָרען אין דער אידישער שפּראַך, צו גרינע יונגעלייט און ארבייטער — מיידלאַך,

וועלכע האָבען קיין אַנדער שפּראַך ניט פארשטאנען, חוץ אביסעל אידיש, און אפשר אויך טיילווייז די רוסישע שפּראַך.

דער אנארכיזם אלס לעהרע איז אַפילו ביי די אידישע וואָרט-פיהרער נאָך ניט געווען קריסטאליזירט. דער רעדאקטאר אליין, יאנאָווער, איז ניט געווען קיין טעאָרעטיקער, נאָר איינער וועלכער האָט פארמאָגט אַ שפּיציגע פען, מיט וועלכער ער האָט געקענט אַריינקריכען אַ געגנער אין דער לעבער אריין.

די געגנער זיינען געווען די גענאָסען פון דער סאָציאליסטישער באוועגונג, און זייערע פיהרער זיינען געווען זאמאָט, פייגענבלאַט, און דער רעדאקטאר פון דעם „פראָגרעס". א צייטונג, וועלכע האָט געהאלטען אין איין קלאַפּען אין די מוחות פון די אידישע אַר-בייטער אז זיי דארפען זיין פאראייניגט אין יוניאָנס, און אין א סאָציאליסטישער פּארטיי.

דער רעדאקטאָר פון „פראָגרעס" איז געווען א ליטווישער איד, וועלכער האָט יאָ אביסעל געלערענט אין דער היים, נאָר שפּעטער איז ער אַוועק אינגאנצען פון אידישקייט, און אז ער האָט גע-דארפט אַגיטירען די אידישע ארבייטער, האָט ער זיך אין אַ פּסעוודאָנים פארשטעקט פאַר אַ פּראָלעטארישען בעל דרשן, און ער האָט געדרשנ'ט סאָציאליזם, דורך די שפּאלטען פון דעם „פראָגרעס" אלע שבת, און פארענדיגען פלעגט ער אלעמאָל מיט אַ — ובא לפּראָלעטארישאָק גואל".

— געהייסען האָט עס: אידישע ארבייטער — איהר האָט ניט וואָס צו ווארטען אויף ציון, אייער ציון, אייער ארץ ישראל איז דער סאָציאליזם, און ער שטעהט שוין אויף דער שוועל. אלץ וואָס איהר דארפט איז שטימען דעם סאָציאליסטישען באלאָט, און אי-בערנעהמען די רעגירונג פון די קאפּיטאליסטען, זי איבערגעבען צו די סאָציאליסטען, און אייער משיח וועט קומען אויף מאָרגען נאָך דער סאָציאלער רעוואָלוציע".

דער אנארכיסטישער רעדאקטאר, געהענדיג אין אן עקסטרעם לינקער ריכטונג האָט געפּרעדיגט דאָס אייגענע צו די ארבייטער, נאָר מיט דער אויסנאהמע, וואָס פון איין זייט, האָט דער אנאר-כיסטישער רעדאקטאר זיך געזידעלט מיט די סאָציאל דעמאָ-קראטען און מיט די מיטארבייטער פון דעם „פראָגרעס".

„די סאָציאַליסטען פארפיהרען דאָס פאָלק, ווייל זיי לעגען צו־פיעל געוויכט אויף דעם שטימקאסטען, און ווען אַפילו סאָציאַליסטען דערוועהלען שוין איינעם צו אַ רעגירונגס אמט, איז אַזוי שנעל ווי ער נעהמט איבער דעם אמט, ווערט ער באאיינפלוסט פון אַלע אַנדערע ניט סאָציאַליסטען אין דעם פארלאמענט, אָדער אַפילו אין אַ דעמאָקראטישער רעגירונג, אָבער ער ווערט ניט מעהר ווי נאָך אַ „פּאָליטישען" פארוואַרפט די פּרינציפּען, און קימערט זיך מעהר ניט אין די אינטערעסען פון זיינע וועהלער. נאָר ער רעגירט אין די אינטערעסען פון דעם קאפּיטאַליסטישען קלאַס.

ביידע, סיי דער אנארכיסטיישער; סיי דער סאָציאַליסטישער רעדאַקטאר האָבען געקריגט אויף דעם נאַציאָנאַליזם און באַזונדערס אויף דעם ציוניזם. דאָס זיינען געווען לויט זייער מיינונג, טריפה אידייען, פאַרשימעלטע זאכען, מיט וועלכע מען וויל פאַרשלעפּערען די אידישע מאסען און זיי פארדרעהען אַ קאָפּ מיט חלומות, וואָס האָבען ניט קיין זינען און פיהרען נאָר צו רעאַקציע און צו רעגרעס. . .

ווען אָראַדיטשעוו האָט זיך ענדליך דערטראַכט אז די איינציגע רפואה פאר דעם אידישען פאָלק, איז אַ אידישער סאָציאַליזם, און אַ געזונטער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין, איז ער ארויסגעקומען מיט אַ סעריע אַרטיקלען טאַקע אין דער אַנאַרכיסטישער צייטונג, וואו ער איז פריהער געווען זעהר אַן אנגעזעהענער מיטאַרבייטער. די ארטיקלען האָט ער אָנגערופען — ערנסטע געדאַנקען. — אין די אַרטיקלען האָט דער אנארכיסטישער שרייבער צוואויקעלט אַ געדאַנק, אַז אַרויסגעהענדיג פון דעם אנארכיסטישען שטאַנדפּונקט, געבענדיג די פרייהייט און דאָס רעכט צו יעדער גרופּע מענשען זיך צו אנטוויקלען און צו שטרעבען איינצופיהרען אַזאַ אָרדנונג, לויט איהר אייגענעם וואונש, אַזוי לאַנג, ווי דאָס איז באַזירט אויף פרייהייט, האָט אָראַדיטשעוו געדרונגען, אַז ער זעהט ניט איין, פארוואָס דאָס אידישע פאָלק זאָל דאַרפען אנטלויפען פון אידישען לאַגער, און אַלעמאָל זיין דער אוואַנגאַרד און דער פּיאָנער פון אַ רוסישער, אָדער איטאַליענישער פרייהייטס באַוועגונג. און אין דער אייגענער צייט זיך אומקעהרען מיט'ן רוקען צו די אידישע נויטען. צו איגנאָרירען די פראַגע פון פּאַ־

גראַמען, די פראַגע פון ארץ ישראל, און אַלע אַנדערע וויכטיקע אידישע נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע ווי עקאָנאָמישע נויטען.

אָראַדיטשעוו האָט געזוכט צו באַהעפטען דעם נאַציאָנאַליזם מיט דעם אנאַרכיזם. און ער האָט געדרונגען, אַז אַלס אידען דאַרפען מיר זיך גרופּירען אין די רייהען פון די ציוניסטען, נאָר אַזוי ווי מיר זיינען ראַדיקאַלען, דאַרפען מיר שטיצען די אַרבייטער ציוניסטען, די פּועלי-ציון, נאָר אַזוי פיעל, וויפיל עס איז שייך דעם ציוניזם. און אַלס אַנאַרכיסטען קענען מיר אין ארץ ישראל גופא דאַן שטרעבען צו דעם ענדציעל. צו דעם אנאַרכיזם, און קענען זיך דאַרטען גרינדען אונזערע אנאַרכיסטישע קאָמונעס, לויט דער לעהרע פון פּעטער קראָפּאָטקין, אָבער אויף אַ נאַציאָ-נאַלען באַזיס, אַלס אידען. אידישע אַרבייטער זיינען מיר, קענען מיר זיין אידישע אַנאַרכיסטען. קיין סתירה, קיין ווידערשפּרוך צו דעם אנאַרכיזם, איז ניט דער פּועלי-ציוניזם.

דאָס, אומגעפעהר, איז דער אינהאַלט פון אָראַדיטשעוו'ס סעריע אַרטיקלען, וועלכע האָבען אויפגערודערט די אידישע גאַס אין אַמעריקע. פאַרשטעהט זיך, אַז אָנגעכאַפּט אין אָראַדיטשעוו'ס טענות, האָבען זיך אַלערליי נאַציאָנאַליסטען, באַזונדערס די סאָ-ציאַליסטען-טעריטאָריאַליסטען, ווי אויך די פּועלי ציון.

אויף די דאָזיגע אַרטיקלען האָט אין דער אייגענער אנאַר-כיסטישער צייטונג געענטפערט דער רעדאַקטאָר, שלמה יאַנאָווער, מיט אַ צעבער פון פאַמאַינעצעס, ווי עס איז געווען זיין טבע. זלזולים זיינען ביי יאַנאָווער'ן געווען די בעסטע און מעכטיגסטע וואַפען. דערצו נאָך האָט אין זיינעם אַן ענטפער קיינמאָל ניט געפעהלט גענוג גיפט, און חוזק, ביליגע אפשפּעטעריי, און אַלס פּועל יוצא האָט זיך דאַן אין דער פּרעסע פאַרפיהרט אַזאַ פּאָלע-מיקע, וואָס האָט געלאָזען ביי אָראַדיטשעווען אַ שלעכטען נאָך-טעם, עס איז איהם נמאס געוואָרען מיט יאַנאָווערען צו פּאָלעמי-זירען, זעהענדיג, ווי מיט יעדען אַרטיקעל, וואָס ער שרייבט, שטעקט איהם יאַנאָווער אַרום מיט פעדערען, און גיט דעם לעזער דעם איינדרוק, אַז ער, אָראַדיטשעוו, איז אַ פינסטערלינג, און הויבט ניט אָן צו באַגרייפען די אנאַרכיסטישע לעהרע, האָט אָראַדיטשעוו זיך אינגאַנצען צוריקגעצויגען פון דער אנאַרכיסטי-שער צייטונג אַלס מיטאַרבייטער, כאָטש מיט אַ סך פּאַרדרוס,

מחמת ער איז דאָך אַליין געווען איינער פון די גרינדער און אונ־טערשטיצער פון דער אנארכיסטישער אידייע און פון איהר פּרעסע.

דעריבער איז אָראָדיטשעוו צוגעצויגען געוואָרען אַלס מיט־אַרבייטער צו דעם „קעמפּער”, און איז אויך איינגעלאַדען געוואָרען צו דעם קבלת פּנים פון יוחנ׳ן טווערסקי, דער דעלעגאַט וועל־כער איז געשיקט געוואָרען פון ארץ ישראל, צו ברייננגען דעם ערשטען לעבעדיגען גערוס צו דער אידישער ארבייטערשאַפט אין אמעריקע.

די סאָציאַליסטישע און אנארכיסטישע פּרעסע האָט געזוכט צו דערשטיקען די דאָזיגע באוועגונג פאר א אידישער ארבייטער־שאַפט אין ארץ ישראל, אַלס אַ קאָנסערוואטיווע באוועגונג, וואָס געהט האנט און האנט מיט דעם ציוניזם, אבער ביסלעכווייז האָ־בען די אידישע מאסען זיך גענומען פאראינטערעסירען מיט דער דאָזיגער באוועגונג.

צוזאַמען מיט זיי אויף דער פּלאַטפאָרמע האָט זיך אויך גע־פונען דער באקאנטער אַגיטאַטאָר דוד אבערמאַן. אבערמאַן אין יענער צייט איז געווען אַ איד א ריעז, מיט א קול, וואָס האָט גע־שטורעמט און געריסען שטיקער פון איין זייט, פון די אסימי־לאַטארען, אויף וועמען אבערמאַן האָט אויסגעגאָסען זיין גאנצען צאָרן, און פון דער אנדערער זייט אויף די אידישע, זאָגענאַנטע „ראדיקאַלען” וואָס ווילען זיין כשרער פון דעם פּויבסט, און האָ־בען שטארק מורא אז מיט צוריהרען זיך צו דעם ציוניזם וועלען זיי „חוטא בעגל” זיין אין דעם סאָציאַליזם.

אָבערמאַנ׳ס קול האָט זיך צוטראָגען איבער דעם זאל פון קופּער יוניאָן, און ער האָט ניט אויפגעהערט צו דונערען:

— נייע צייטען, נייע פויגעל, נייע פויגעל, נייע לידער”.

— מיט דער היינטיגער פארזאמלונג הויבט זיך אָן א ניי בלאַט אין דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט. גע־נוג האָבען אידען געבראַכט קרבנות אויף די מזבחות פון אַלע פרייהייט׳ס באוועגונגען, און זיינע אַלעמאַל און אומעטום בא־דאנקט געוואָרען מיט פּאָגראָמען, מיט רדיפות און מיט אנטיסע־

מיטיזם. געהט רעדט מיט די אידישע פיהרער אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, און זיי וועלען אייך דערצעהלען, אַז מען רופט זיי „חיים", מיט איראָניע, מיט סארקאזם און, מיט ביטול. די „חיים'ס" הויבען ענדליך אָן צו באגרייפען, אז זיי האָבען געגרייזט, געבלאָנדזשעט, געקראכען אויף פרעמדע קברים, געהיט פרעמדע גערטנער, און זייער אייגענעם גארטען, זייער איי־גען פאָלק האָבען זיי פארקוקט, פארנאכלעסיגט זייערע פאָלקס אינטערעסען, אָבער יענע צייט איז אריבער, — האָט אָבערמאן געדונערט. דער אידישער רעוואָלוציאָנער איז קודם כל א איד, און אלס איד שטעלט ער זיך אין די רייהען פון די אידישע פאָלקס מאסען, און אויב ער איז א געלערנטער מענש, געהט ער אין פאָלק, ניט נאָר נושא חן זיין ביי איוואנען און ביי סטעפאנען. נאָר ער רעדט צו דעם אידישען ארבייטער, ער וועקט דאָס אי־דישע באוואוסטזיין, דאָס נאציאָנאלע ווי דאָס סאָציאלע, און ווען דער אידישער ארבייטער וועט ענדליך דערוואקסען, וועט ער אויסגעפינען, אז ער האָט אידישע נאציאָנאלע סאָציאלע אינטע־רעסען, אז ער האָט אונטער זיך א פארגאנגענהייט, אן אייגענע בלוטיגע געשיכטע געשריבען מיט דעם בלוט פון די שטאָלצע מא־קאבעער, פון די בר־כוכבא'ס, פון די רבי עקיבא'ס, עס איז ניטא וואָס צו שעהמען זיך, ווען מען איז א שטאָלצער רעוואָלוציאָ־נערער איד, און עס איז אבשייליך צו חנפנען זיך צו דעם גויאישען סאָציאליזם, און אליין זיך פארלייקענען! — האָט אָבערמאן אויס־געשריען, און דער אפלאָדיסמענט האָט זיך געקייקעלט איבער דעם זאל פון קופער יוניאָן, ווי א מעכטיגער אפקלאנג פון א דונער קנאל.

אָבערמאן האָט ווייטער גערעדט:

— איהר וועט היינט הערען א גערוס פון דעם ווייטען מזרח, וואו עס געהט אויף א נייע העל שיינענדיגע זון, די דאָזיגע זון קומט פון ארץ ישראל, לאנד פון די נביאים, ישעיהו און עמוס האָבען דעם סאָציאליזם פארשטאנען. נאָך דאן ווען אנדערע פעל־קער זיינען נאָך געווען געצענדינער, האָבען אידען שוין געפּרע־דיגט סאָציאליזם, און ווען ישעיהו האָט געפּרעדיגט והיה באחרית הימים, האָט ער זיכער פאָראויסגעזעהן פאר אלע פעלקער א גלאָר־רייכע צוקונפט. דאָס האָט אָבער ניט געמיינט, אז מיר זאָלען

אלעמאל זיין די ערשטע שוואלבען אין אלע רעוואלוציאנערע פרייהייטס באוועגונגען, און אונזער אייגען פאלק אלעמאל פאר-לאזען אויף הפקר ווי שטרוי פאר'ן ווינט.

— אויב מיר זיינען א רעוואלוציאנערער כח אין אלע רעווא-לוציעס, דאן וועלען מיר סוף כל סוף מוזען מאכען דעם אנהויב ביי זיך אין דער היים, אין די אידישע רייהען, מיט די אידישע פאלקס מאסען. מיר וועלען אנהויבען פיהרען א אידיש רעוואלו-ציאנערע טעטיגקייט צווישען די אידישע מאסען, און דאן וועט די צייט ווען קומען, און די גאנצע מענשהייט, וועט מארשירען טריומפיהרענד איהר סאציאלען מארש, אין דעם טאג פון דער סאציאלער רעוואלוציע, וועלען מיר זיך אנשליסען מיט אלע פעל-קער, און מארשירען שטאלץ, גלייך מיט די איבעריגע פעלקער. אבער ביז יענעם טאג, זיינען מיר געקריוודעט, הינטערשטעליג און מיר דארפען אויסגלייכען אונזערע חשבונות מיט די פעלקער. אויב עס איז דא א אינטערנאציאנאל, איז ער צוזאמענגעשטעלט פון פארשידענע נאציאנען, וועלכע רעדען אויף באזונדערע שפרא-כען, האבען פארשיעדענע היסטאריעס אונטער זיך. האבען מיר אויך א געשיכטע, האבען מיר אויך א שפראך, א פארגאנגענ-הייט, און עס דערווארטעט אונז א צוקונפט, א נייע, א פרייע, און צו דעם דאזיגען קאמף דארפען מיר צוגרייטען די אידישע פאלקס מאסען. די געשיכטע איז אויף אונזער זייט, דער אמת איז מיט אונז, און ווער עס האט אויערען און פארנעמט, יענער הערט שוין דעם רוף פון דער אידישער באוואוסטזיניגער אינטעליגענץ:

— קעהרט זיך אום אין אייערע אייגענע רייהען, אין די אי-דישע יוניאנס, אין א אידישער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי, פועלי ציון, און העלפט ארגאניזירען א נייעם אוואנגארד, וועלכער וועט צוגרייטען אין מזרח א לאנד פאר דעם אידישען פאלק, און דאס אידישע פאלק פאר זיין אייגען לאנד!

דער עולם אין קופער יוניאן האט דערפיהלט ווי עמיצער וואלט זיי דורכגענומען מיט א מאגנעטישער קראפט. מען האט געיובעלט, געשטורעמט מיט באגייסטערונג, בלויז דא און דאר-טען אין די ווינקלען האבען עטליכע בונדיסטען געזוכט צו מאכען א טומעל, און צו שטערען די פארזאמלונג.

וועווקע צוזאמען מיט נאך א פאר חברים פון דער פארטיי

האָט אָבער געהאלטען א וואך אויג אויף די טומעל מאכער, און איז געווען גרייט דורס צו זיין יעדען איינעם, וואָס וואגט צו שטערען די פארזאמלונג, אויף וועלכער די אייגענע חברים פון דער פארטיי האָבען געקוקט ווי אויף א גרויסער היסטאָרישער געשעהעניש. דאָס איז געווען צום ערשטען מאָל, וואָס די פארטיי פועלי ציון איז ארוים פון איהרע שמאָלע, ענגע פארטיי ראהמען, און האָט דורכגעפיהרט א גרויסע פאָלקס פארזאמלונג. טויזענטער מענשען זיינען געזעסען צוגעשמידט צו די ביינקלאך אין זאָל, און האָבען אויפגעכאפּט מיט באגייסטערונג די ווערטער פון יע-דען רעדנער.

נאָך אָבערמאנען איז פאָרגעשטעלט געוואָרען אָראָדיטשעוו. א מענש, פעסט געבויעט, דיקליך, אָבער קורץ, און דערצו ניט קיין איבעריג געזונטער, און גערעדט האָט ער מיט א הייזעריגלאך קול, און צווישען איין זאץ און דעם צווייטען האָט ער געהאט א טבע זיך אָפּצורוהען, מעגליך, דערפאר, ווייל ער איז אויך געווען אביסעל קורץ-אָטהעמדיג, אָבער דערפאר, איז ער געווען זעהר א לאָגישער, דענקענדיגער מענש, האָט געוואויגען און געמאָסטען זיינע רייד, און טאקע זיי באגרינדעט מיט פיינע טעאָרעטישע ארגומענטען, און ער האָט געהאט אלעמענס דרך ארץ און סימ-פּאטיע, באזונדערס אין דער רעוואָלוציאָנערער אנארכיסטישער בא-וועגונג.

— מיר זיינען געשטאנען ביי דעם וויגעלע פון דער ראדיקא-לער באוועגונג דאָ אין לאנד, — האָט אָראָדיטשעוו אָנגעהויבען, און עס איז כדאי צוווארפען א בליק און צו זעהן וואָס מיר האָ-בען דאָ דערגרייכט.

די עלטערע פון אונז גדיינקען נאָך די גרופּע עם-עולם, וועלכע איז געקומען אין אמעריקא באזעלט מיט הויכע אידייען וועגען קאָלאָניזאציע, און ערד-ארבייט, און מיר האָבען בדעה געהאט צו פארזעען דעם סאָציאליזם אין אמעריקע, און ברייננגען די סאָציאלע רעוואָלוציע, פאר דער גאנצער מענשהייט.

נו, האָט אונז די געשיכטע געוויזען דאָ ווי אומעטום, אז מיר זיינען די ערשטע צומאָהלען צו ווערען צווישען די רעדער פון דער רעוואָלוציע. פונקט ווי רוסלאנד האָט אויף אונזער רעוואָלו-

ציאָנערען קאמף געענטפערט מיט בלוט בעדער און מיט פּאָגראָ־מען אין קישינעוו און אין ביאַליסטאָק, — אין זשיטאָמיר און אין קיעוו, און מיר האָבען זיך דאָרטען ארומגעזעהן, אז ביז רוסלאנד וועט איננאנצען פריי ווערען, וועט דאָס אידישע פאָלק פארטיליגט ווערען, פּונקט אזוי האָבען מיר געהאט די דערפאהרונג אין אמע־ריקע, אז דעם סאָציאליזם קענען מיר נאָך דערווייל דעם אמע־ריקאנעם ניט ברייננגען. עס וועט נאָך נעמען היפּשע עטליכע יאָה־רען, ביז דער אמעריקאנער ניט אידישער ארבייטער וועט דער־וואַכען, און וועט איינזעהן, אז זיין רעטונג איז אין דעם סאָ־ציאליזם, אָבער דערווייל זיינען מיר אידען באגרענעצט דאָ אויף דעם שוויץ־שאפּ, אַ אידישער אַרבייטער איז אָדער אַ פּרעסער, אָדער אַן אפּערייטאָר, און דער העכסטער אידעאל איז ביי אַ אי־דישען טאַטען אַ שניידער, צו מאַכען פון זיין זוהן אַ לאָיער אָדער אַ דאָקטאָר.

אַ פאָלק קען אָבער ניט זיין צוטיילט אויף שניידער און דאָק־טוירים, נאָר דאַרף זיך אנטוויקלען פריי, נאָרמאל, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע פעלקער, און עס דאַרף האָבען שווערע אַרבייטער ווי מעכאַניקער, און טעכניקער, און בוי־ארבייטער און גערטנער, און אגראָנאָמען, און שאָסיי־ארבייטער, און אזוי ווייטער.

„נאָר אין אַן אייגען לאַנד, אויף אייגענעם נאַציאָנאַלען באָדען קענען מיר דערווארטען אז אונזער פאָלק זאָל זיך איבערבויען, און אנטוויקלען, און ווי איך האָב געהערט געדוסען, האָבען די פּיאָ־נערען אין ארץ ישראל, די בילו'צעס, און אַלע אנדערע נאָך זיי אין אַ משך פון דער זעלבער צאָהל יאָהרען, וואָס מיר זיינען אין אַמעריקע דערגרייכט פיל מעהר ווי מיר דאָ, אין דעם גאָלדענעם לאַנד.

— דאַרפען מיר דערפון לערנען, אַז דאָס איז אַ וואונק פון דער אידישער געשיכטע, אַז אונזער צוקונפט ליגט ניט דאָ אין אמעריקע, נאָר אַז מיר דאַרפען אויפהויבען אויך אין אַמעריקע אַ באוועגונג פון אומקעהרען זיך צוריק קיין ארץ ישראל, אָבער אומקעהרען דאַרפען מיר זיך מיט דער אבזיכט אויפצובויען אַן אייגען לאַנד, אויף סאָציאַלע יסודות, דורך קאָאָפּעראַטיווע קאָ־לאָניעס, געבויעט פון אידישע אַרבייטער ניט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַר יענע וועלכע וועלען קומען נאָך אונז.

— פון איין זייט ווע‏לען מיר לייזען די פראגע פון די אידען אין די פארפאָלגטע לענדער, אין רוסלאנד, רומעניע און אנדערע לענדער, וואו אידען זיינען אונטערדריקט, און אויב איהר וועט מיר דערלויבען וועל איך אייך זאָגען, אַז אויך דאָ אין דעם גאָלדענעם לאנד, זיינען מיר אין דער אמת׳ן אין א „נארישען גן עדן.״ אויף יעדען ראדיקאלען ניט אידען האָבען מיר דאָ הונ־דערט אידישע גענאָסען. און ווען עס איז דאָ אַ ניט־אידישער גענאָסע, קומט ער זיך צו אונז ווארעמען, האָב איך ניט דאגעגען, אָבער איך האָב יאָ געגען דעם, וואס מיר זיינען מה־יפית גענאָ־סען, מה־יפית סאָציאליסטען, און אנארכיסטען. מיר שפּרינגען קדוש פאר דער רעוואָלוציע, אָבער מיר לאָזען די אידישע מאסען אונטער זיך, און פארגעסען זיך, אַז עס איז זעהר ניט מענשליך, זיך אָפּצוזאָגען פון אן אייגען פאָלק פון אן אייגענער שפּראך, פון אַ געשיכטע און א ליטעראטור, ווייל מיר קענען ניט און דארפען ניט זיין אנדערש ווי מיר זיינען. איך וויל ניט איבערחזר׳ן אַלע מיינע טענות צו די אידישע גענאָסען, פארוואָס זיי שפּייען קלעק אויף דעם ראדיקאלען אידישען סאָציאליזם, אָבער איך זאָג, אַז דער גאסט וועלכער זיצט איצט דאָ אויף דער פּלאטפאָרמע טראָגט מיט זיך אַ נייעם גערוש, און איז דער אָנזאָגער פון אַ נייער צייט אויף דער אידישער גאס איבער דער גאנצער וועלט, און די אינספּיראציע קוועלט אַרויס פון דעם מזרח.

— דאָרטען זיינען די ארבייטער זיך מוסר נפש אלס שומרים, אַלס פּיאָנערען, און זיי ארבייטען פאר אַ אידישער סאָציאליסטי־שער צוקונפט, און פונקט ווי אז עס ברעכט אויס אַ רעוואָלוציע אין רוסלאנד דערפרעהען מיר זיך, און מיר שטיצען, און מיר שטעהען צו צו דער ארבייט, און זיינען גרייט צו העלפען, פונקט אזוי איז עס אונזער טאָפּעלטער חוב צו שטיצען די אידישע אר־בייטער אין ארץ ישראל, וועלכע האָבען אויפגעהויבען הויך די פאָהן פון אידישער ארבייט, ארבייט דורך שוויים פון געזיכט, געוויסענהאפטיג, אָהן זייטיגע כוונות, ניט לשם אַרויפּאַרבייטען זיך, און ווערען מיט דער צייט אַן עקספּלואטאטאָרעל, אַ מאַנו־פעקטשורער פון ניעפּענטס אָדער פרויען בלוזקעס נאָר ווערען טאקע אַן ערד ארבייטער, דעראָבערען לאנד, און לעבען אַ זעלבסטשטענדיג, פריי, נאטירליך לעבען, קאָאָפּעראטיוו, צוזאמען מיט זיינע ברידער אידישע ארבייטער.

— איך זעה, מיינע פריינט, אז דער סאָציאַליזם וועט זיך דאָרטען שנעלער באפעסטיגען ווי דאָ אין דער מאטעריאַליסטי-שער אמעריקע, און צוליב גאָר אַ סך טעמים דארפען מיר אויפ-כאפען די דאָזיגע נייע אידישע סאָציאַליסטישע באוועגונג און זי טראָגען אויף אונזערע אקסלען, העלפען בויען די אידישע היימ-לאנד, אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, וואָס וועט איינמאָל פאר אלעמאָל אוועקמאכען מיט דעם גלות פאר די קומענדיגע דורות.

— זאָל לעבען דער אידישער פרייער ארבייטער אין ארץ ישראל, וועלכער האָט אויסגעגלייכט דעם קרומען רוקען, אויפגע-הויבען שטאָלץ דעם קאָפּ, און ארויסגעשטעלט פאר אַ לאָזונג: אם אין אני מי, לי ? — אויב איך אליין וועל פאר מיר ניט טהון, ווער זשע וועט פאר מיר טהון. די דאָזיגע לאָזונג וועט פיהרען צו גרויסע מעשים, און עס איז דער חוב פון יעדען רעכטדיינקענ-דען ארבייטער צו דערהערען דעם דאָזיגען רוף !"

נאָך אָראָדיטשעווען איז פאָרגעשטעלט געוואָרען דער גאסט פון ארץ ישראל, דער שליח פון די אידישע ארבייטער, יוחנן טווערסקי.

צוליב דעם, ווייל מען האָט געוואוסט, אז דאָס איז אן איי-ניקעל פון דער זינקעווער און פון דער קורילאָוועצער גזע זיינען זיך צונויפגעקומען א סך רבנים, און תלמידים פון די ערשטע אַמעריקאנער ישיבות, עס זיינען אויך געקומען א סך לאנדסלייט פון די שטעטלאך אין אוקראאינע, וועלכע האָבען געהערט פון איהם. עס זיינען אַרויסגעקומען דעלעגאטען פון די ערשט גע-גרינדעטע פאראיינען פועלי ציון אין און ארום נויאָרק.

מענשען וועלכע האָבען געקענט הערצלען זיינען אויף אַ מינוט פארכאפט געוואָרען פון דער אימפאזאנטער, שלאנקער פיגור, און פון די פארחלומ'טע אויגען, און שעהנער שווארצער באָרד, וועלכע איז אין אמעריקע ביי יונגעלייט געווען אַ זעלטענהייט צו טרעפען.

— אַזוי שטארק עהנליך אויף הערצלען, — האָבען ציוניסטען זיך דורכגעוואָרפען מיט באמערקונגען, און ווען עס איז שטיל געוואָרען, זיינען אלע אויערען און אויגען געווען געווענדעט צו דער ביהנע, ווען יוחנן האָט אָנגעהויבען:

— חברים, חברות און מיינע ליבע שוועסטער און ברידער.

איך ברענג אייך אַ גערוס פון דעם ווייטען מזרח, פון דעם לאנד פון אונזערע אָבות, וואו עס באפעסטיגען זיך איצטער די אייניקלאך פון די חשמונאים, די אייניקלאך פון די נביאים, בא־זעלט מיט די אידייען פון די סאָציאלע נביאים.

„איך קען אייך ניט זאָגען, אַז מיר האָבען שוין הונדערט פראָ־צענט באזיגט דאָס לאנד, וואָס איז באלד צוויי טויזענט יאָהר געלעגען וויסט, דאָס וואָלט געווען ניט אמת. איך קען אייך ניט זאָגען, אַז מיר לעבען שוין דאָרטען אויף דעם פעטקייט פון דעם לאנד, ניין. שווער איז אונזער קאמף מיט דער רויער בלינדער נאטור, מיט מאלאריע, מיט פיבער. ווי אלע פיאָנערען אין יעדען לאנד זיינען מיר אויסגעזעצט צו אלערליי געפאהרען, פיזישע שוועריגקייטען, און אויך זיינען מיר ארומגערינגעלט מיט שונאים, ווילדע בעדואינער, וועלכע טראָגען זיך אָן אויף אונז פון דער מדבר, און פון יענער זייט ירדן.

אָבער די אלע שוועריגקייטען שרעקען אונז קיינעם ניט אָפּ, ווען מיר האָבען אין זינען, אַז מיר זיינען געקומען אוועקמאכען מיט אַ גלות, און זיך איינבירגערען אין אַן אייגענער היים, וועל־כע מיר בויען ניט נאָר פאר זיך, נאָר אויך פאר אונזער פאָלק.

„איך וואָלט געקענט שעה'ן לאנג פאר אייך שילדערען דעם שווערען קאמף מיט דער נאטור, וואָס אונזערע חלוצים מאכען דורך, און אייך האלטען געשפאנט, צו באווייזען מיט וואָס פאר אַ מסירת נפש דער אידישער ארבייטער איז בארייט צו ארבייטען אין ארץ ישראל, ווען מען זאָל איהם נאָר געבען די מעגליכקייט.

דאָס וועל איך אָבער ניט טהון. איך וועל אייך בלויז בריינ־גען אלס אילוסטראציע דעם פאקט, אַז אַ אידישער אינטעליגענט, אַ סטודענט, קומט אין ארץ ישראל און ווארפט ארונטער פון זיך דעם ווייסען קאָלנער, און נעמט זיך צו שווערער ארבייט כדי דורך דעם צו דעמאָנסטרירען אז עס איז ניט אמת דער בלבול אז מיר זיינען אַ פאָלק פון לויטער שטעקעל־דרעהער, לופט מענ־שען, און מלמדים. אין ארץ ישראל לערנען מיר זיך אגריקולטור, דורך לעבעדיגער דערפאהרונג. מיר אַקערען און מיר זעען, מיר טרוקענען אויס זומפען, און מיר גראָבען ברונימער, פלאנצען

גערטנער, און באוואכען זיי פון רויבער און גנבים. אָבער אונזער הויפט פּראָבלעמע היינט צו טאָג איז דעראָבערען די ארבייט.

— מאָלט אייך אז מיר זיינען נאָך ווייט פון צו פאָדערען פאר אונזער ארבייט דעם פולען לוין. אזוי גיך וועלען מיר נאָך ניט קומען דערצו. וואָס מיר ווילען אָבער ניט ליידען, איז, אז ארץ ישראל זאָל אינגאנצען געבויעט ווערען אָהן אידישע ארבייט.

— יאָ. ליידער האלט עס נאָך ניט דערביי. אידישע קאָלאָניסטען לעגען אידישע ארבייטער אין חרם. אידישע קאָלאָניסטען ווילען ניט פארדינגען צו קיין אידישען פועל קיין צימער. אידישע לאנד באזיצער שטעלען אָן ניט אידישע שומרים, און כאָטש עס איז אין זייערע אייגענע אינטערעסען אָנצושטעלען אידישע שומרים, וועלכע זיינען עהרליך און איבערגעבען דעם ישוב, דאָך האָט זיך שוין די קליפּה פון קאפּיטאליזם שוין איינגעבירגערט ביי דער גרעסטער צאָהל אידישע קאָלאָניסטען, און זיי דיסקרימינירען געגען אידישע ארבייטער, און עס בירגערען זיך שוין איין גלות מעטאָדען און סיסטעמען פון עקספּלואטאציע. פאר וועלכע מיר שרעקען זיך, ווייל דער אידישער ארבייטער וויל בויען ארץ ישראל אויף ראדיקאלע יסודות, איהר זעהט, מיר מאכען ניט קיין סוד דערפון. מיר ווילען בויען אַ לאנד ווירטשאפט אַ אידישע, אַ נאַציאָנאַלע, און מיר פיהלען, אַז דאָס דארף זיין די ארבייט פון דעם אידישען נאציאָנאל פאָנד. ארץ ישראל דארף געבויעט ווערען מיט ריינע הענט, מיט ריינע כוונות, און מיט אָן אויסזיכט אלס דאָס אייגענטום פון דעם גאנצען אידישען פאָלק. דאָס איז געווען הערצעל'ס חלום. דאָס האָט אפילו דער באראָן רויטשילד באצוועקט, אָבער ווען מען הויבט אָן פארפאָלגען די אידישע ארבייטער אין ארץ ישראל, און מען קוקט אויף זיי ווי אַ דאָרן אין די אויגען. דאַן איז די צייט, אַז דאָס גאנצע אידישע פאָלק זאָל וויסען פון דעם היסטאָרישען פארברעכען. דאַן זאָגען מיר אז אונזער וועג איז ניט דער וועג פון דעם אלגעמיינעם ציוניזם, דאַן דארפען מיר זיין אָרגאניזירט אלס אַ אידישער ארבייטער אוואנגארד, און שפּילען יענע היסטאָרישע ראָלע, וועלכע די געשיכטע האָט פאר אונז אָנגעצייכענט.

— מיר ווילען ארץ ישראל אויף קאָאָפּעראטיווע יסודות, מיר ווילען אַן ארבייטער קאָלאָניע, אומעטום וואו ארבייטער באזעצען

זיך, און זיינען גרייט צו בויען פאר זיך און פאר די קומענדיגע דורות, מיר ווילען סאָציאליזם אין ארץ ישראל, און מיר שטעהען אויף אַ שטאנדפּונקט, אז אָהן אידישער מוסקול קראַפט, און אָהן אידישען מח וועט ארץ ישראל ניט זיין יענע היימלאנד, פון וועלכער מיר חלומ'ען טאָג און נאַכט.

„אויב דער ציוניזם שטעלט זיך אויף דער זייט פון דער אידישער בורזשואזיע, און פארקוקט אונזערע אידישע ארבייטער אינטערעסען, דאן ווען מיר שמידען אונזער אייגענעם גורל מיט אונזער אייגענעם כח, מיט דעם כח פון ארבייט.

„מיר זיינען שוין איצט אָרגאניזירט דאָרטען אלס ארבייטער, און מיר האָבען געלעגט דעם יסוד, מיר פארמאָגען אַ פּאָר ארבייטער קאָלאָניעס, וועלכע ווערען שוין איצט באטראכט פאר מוסטער קאָלאָניעס, סיי מיט זייער פּרוכטבארקייט און סיי מיט דער ארט פארוואלטונג, אויף קאָאָפּעראטיווע יסודות, און מיט אייער הילף, מיט אייער מאָראלישער און פינאנציעלער שטיצע, וועלען מיר מארשירען פאָראויס, און פאָרטזעצען אונזער קאמף פאר דער באפרייאונג פון דעם אידישען ארבייטער פאר אַ אידישען סאָציאליזם, און אויך פאר אַ אידישער אויפלעבונג, און מיר דערווארטען צו באקומען די שטיצע פון דער אידישער ארבייטערשאפט איבער דער גאנצער וועלט.

—געדיינקט, אז מיר פאָדערען פון אייך ניט קיין צדקה, און פאָדערען אויך ניט פאר זיך אליין, מיר פאָדערען א פאלעסטינער ארבייטער פאָנד, מיט וועלכען צו שטיצען דעם אידישען ארבייטער אין זיין שווערען קאמף צו דעראָבערען דאָס אידישע לאנד. מיר פאָדערען מעגליכקייטען פאָרטוצזעצען דעם נאציאָנאלען קאמף פאר דער אידישער אויפלעבונג, פאר באפעסטיגונג פון אַ אידישען סאָציאליסטישען ישוב אין ארץ ישראל, און דאָס לאנד וואָס מיר קויפען איז פאָלקס אייגענטום, און ווען עמיצער שטיצט ארץ ישראל, שטיצט ער ניט קיין יחיד נאָר דאָס גאנצע אידישע פאָלק וועלכעס האָט אַ גלייכען חלק אין דער אויפבוי און אין דעם אויסקויף פון לאנד.

„מיר דאָרטען ברייננען גרעסערע קרבנות ווי איהר דאָ, ווען איהר שטיצט מיט אַ דאָלאר אָדער אפילו מיט אַ גרויסער סומע.

„מיר אנטוויקלען אן אקציע פאר אַ פּאַלעסטינער ארבייטער פאָנד, און אין וועמען עס איז דאָ אַ ווארעם געפיהל מיט דער אידישער ארבייטערשאפט, אין וועמען עס איז דאָ דאָס אחריות-געפיהל צו דעם אידישען פאָלק, יענער וועט געוויס דערהערען אונזער רוף, זיך אָפּרופען ווארעם, זיך צושליסען צו אונזערע רייהען.

„די אידישע ארבייטער פּארטיי איז בארופען צו שפּילען אַ גראנדיעזע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער אנטוויקלונג פון דעם אידישען היימלאנד. קיין קרבן איז ניט צו גרויס, און ווען מיר וועלען באווייזען דער אידישער ארבייטערשאפט אין ארץ ישראל, אַז די אידישע ארבייטער אין אנדערע לענדער, זיינען מיט זיי אין פולער סימפּאטיע, דאן וועט אונזער ארבייט דאָרטען אָננעמען אן אנדער ווענדונג. עס וועט געארבייט ווערען מיט מעהר אימ-פּעט, — ווען מיר וועלען וויסען, אז די אויגען פון די אידישע ארבייטער אין דער ברייטער וועלט קוקען אויף אונז, און מיר וועלען אונטערנעהמען גרעסערע ארבייטען, וועלען ארייננעהמען די ארבייט אין אונזערע הענט, און דורכדעם וועלען מיר אפילו אויך דערהויבען דעם לעבענס שטייגער פון דעם ארבייטער, וועל-כער ווערט אויסגענוצט אויף דעם שענדליכסטען אופן, פון אי-דישע קאפּיטאליסטען.

מיר מוזען אָרגאניזירען די אידישע ארבייטער אונטער אן ארבייטער פאָהן, מיר מוזען בויען ארץ ישראל אלס אַ פרייע לאנד, באזירט אויף צדק און אויף יושר.

— עס וועלען אריבערגעהן 25 יאָהר, און ארץ ישראל וועט ווערען א מוסטער לאנד געבויעט מיט ליבע צו דער ערד, מיט דרך ארץ פאר אידישער ארבייט און אונטערנעהמונג. מיר מוזען ארונטערנעהמען דעם בלבול וואס מען האָט אין ארץ ישראל אַרויפגעווארפען אויף אונז אז מיר זיינען ניט פעהיג צו שווערער ארבייט. עס איז אַ געמיינער בלבול. מיר זיינען גרייט און זיינען פעהיג צו טהון די שווערסטע ארבייט, און זיינען גרייט דאָס צו באווייזען, און די געשיכטע וועט עס באַשטעטיגען.

— זאָל לעבען דער אידישער פרייער ארבייטער אויף דער גאנצער וועלט, זאָל לאנג לעבען דער אידישער סאָציאליזם אין דעם אידישען פרייען לאנד, ארץ ישראל!"

גלייך נאָכדעם ווי יוחנן האָט פארענדיגט, איז ניט נויטיג גע־וועזן אפילו צו מאכען אן אפיל נאָך ביישטייערונגען.

מענשען זיינען אויפגעשטאנען פון זייערע פּלעצער, זיינען צוגעקומען צו דער פּלאטפאָרמע. און האָבען בייגעטראָגען ווער מעהר — ווער ווינציגער. דער אָנהויב איז געמאכט געוואָרען. עס איז אויפ׳ן אָרט געזאמעלט געוואָרען איבער א טויזענד דאָלאר אין מזומנים, צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע האָבען אידען געגעבען געלט ניט אויף פּאָגראָם קרבנות, ניט אויף קיין תכריכים נאָר אויף ארץ ישראל, אויף צו שטיצען אידישע אַרבייטער צו באפעסטיגען א געזונטען ארבייטער באשטאנד. ניט צו דארפען עקספּלואטירט ווערען פון אידישע קאָלאָניסטען נאָר אויף איינ־צובירגערען זיך אין לאנד, אלס ארבייטער און צו בויען אידישע קאָלאָניעס אויף אַרבייטער יסודות.

עס איז געוועזן דער אָנהויב פון א נייע קאפּיטעל אין ארץ ישראל. עס איז געוועזן דער ערשטער ווארעמער אָפּקלאנג אויף אן ערנסטען רוף פון די אידישע ארבייטער אין ארץ ישראל, צו זייערע ברידער אידישע ארבייטער אין אמעריקע.

דער רוף איז געהערט געוואָרען און דער פונדאמענט פאר א גרויסער נאציאָנאלער באוועגונג איז געלעגט געוואָרען ביי יענער היסטאָרישער פארזאמלונג אין קופּער יוניאָן.

די דאָזיגע טויזענד דאָלאר פון אָרעמע אידישע אמעריקאנער ארבייטער האָבען געהאט מעהר מאָראלען ווערטה ווי די מיליאָנען פראנק פון באראָן רויטשילד.

צום סוף פון דער פארזאמלונג, ווען דער פאָרזיצער האָט גע־שלאָסען די זיצונג און אויפגעפאָדערט די חברים צו זינגען: די שבועה — האָבען מיטגעזונגען ניט נאָר די פועלי ציון, נאָר אויך שוין א סך חברים פון די סאָציאליסטען — טעריטאָריאליסטען וועלכע זיינען אָנגערעגט געוואָרען פון דעם לעבעדיגען גערוס, וואָס דער שליח פון ארץ ישראל האָט ערשט געבראכט, מיט וועל־כען ער האָט אָנגעצונדען א ליכטיגע האפנונג אין די הערצער פון די גרויסע פאָלקס מאסען, וועלכע האָבען זיך אזוי ווארעם אָפּגע־רופען, נאָר אויך א סך פון די טעריטאָריאליסטען האָבען שוין אינעווייניג ביי זיך דערפיהלט. אז עס קען זיין, אז זיי וואָלטען

גאָר אויך געדאַרפט צושטעהן צו דער באַוועגונג, און צוזאַמען שמידען דעם גורל פון דעם אידישען פאָלק פאַר זיין ענדגילטיגער באַפרייאונג.

דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער פאַראייניגונג מיט די סאָציאַליסטען טעריטאָריאַליסטען.

די ממשות'דיגע דערגרייכונגען אין ארץ ישראל האָט א סך טעריטאָריאַליסטען געעפענט די אויגען, און עס האָבען זיך אָנ־געהויבען דערנעהענטערען צווישען זיך די פיהרער פוןביידע אידישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטייען, צו זעהן אויב מען קען ניט פאַרשמעלצען ביידע פּאַרטייען אין איין גרויסער מעכטי־גער נאַציאָנאַל סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פאַר ארץ ישראל.

דאָ און דאָרטען זיינען נאָך פאַרבליבען איינצעלנע עקשנים, אָבער די מעהרסטע מיטגלידער און טאַקע די פיהרער זיינען אַרי־בערגעגאַנגען אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי.

יענעם יאָהר איז יוחנן אומגעפאָהרען איבער דער לענג און איבער דער ברייט פון אמעריקע און קאַנאַדאַ, און איבעראַל זיי־נען געוועזען גערופען גרויסע פאָלקס פאַרזאַמלונגען. עס האָבען אָנגעהויבען ביסלעכווייז אויך זיך צוהערען די אידישליכע עלע־מענטען פון דעם ארבייטער רינג. און דער וואוקס פון דער סאָ־ציאַליסטישער ארבייטער פּאַרטיי האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען אויף דער אידישער גאַס אומעטום.

ווען צום סוף יאָהר האָט זיך יוחנן אומגעקעהרט קיין ארץ ישראל, האָט ער געהאַט דאָס געפיהל אַז איצטער וועט די ארבייט פאַר דער אידישער באַפרייאונג אָנגעפיהרט ווערען מיט מעהר אימפּעט, דורך דער איניציאַטיווע פון די עלטערע חברים, די פיה־רער וועלכע זיינען געווען גוטע אויסגעפּרובירטע רעוואָלוציאָנערען, נאָך פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און איצטער האָבען זיך אלע געשטעלט אונטער דער פאָהן פון דער אידישער ארבייטערשאַפט, שמידענדיג דעם שיקזאל פון דעם אידישען פאָלק, העלפענדיג צו באַפעסטיגען די ארבייטער אינסטיטוציעס אין ארץ ישראל.

קומענדיג צוריק האָט יוחנן זיך דערוואוסט, אַז מיט דעם

ארבייטער פאַנד אליין קען מען נאָך אלץ ארץ ישראל ניט אויפ-בויען. עס איז נויטיג געציניג, כדי דער אידישער ארבייטער זאָל קענען ארבייטען לייכטער, און ארויסבאַקומען פון דער ערד בע-סערע רעזולטאטען.

די צווייטע רייזע וואָס ער האָט געמאכט אויף צוריק קיין אמעריקע אין א יאהר ארום, איז געמאכט געוואָרען מיט דער שליחות אויפצובויען די אידייע פאר אַ געציניג קאמפיין, און עס האָבען אידישע ארבייטער און דער עיקר, די פּארטיי חברים ביי-געשטייערט א טאָג שכירות פאר דעם דאָזיגען קאמפיין.

די קאָלאָניעס האָבען זיך צובליהעט און זיינען געוואָרען מוסטערען פון אידישען ארבייטער פליים. דער טוריסט האָט זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען פון דער שעהנקייט פון יעדען אר-בייטער ישוב. דערמיט איז אויך אָפּגעווישט געוואָרען דער בלבול און דער פלעק, וואָס עס איז געווען פארשפרייט וועגען דעם אי-דישען ארבייטער, אַז ער איז ניט פעהיג, און אז ער פוילט זיך צו ארבייטען, און ער קומט אין ארץ ישראל בלויז כדי צו שטערען דעם ישוב, און אויפצובונטעווען דעם ארבייטער קעגען דעם קאָ-לאָניסט. עס איז באוויזען געוואָרען אז דער אידישער שומר, איז דער איינציגער געטרייער וועכטער אין דער קאָלאָניע, און אז ער איז אלעמאָל גרייט צו געהן אויף מסירת נפש, שטעלענדיג זיין לעבען אין געפאהר.

קומענדיג צוריק דעם צווייטען מאָהל האָט ער זיך געטראָפען מיט פּראָפעסאָר רופּין, וועלכער האָט געמאכט אגריקולטור אין ארץ ישראל פאר זיין לעבענס בארוף. ביז רופינען האָבען קאָ-לאָניסטען געוואוסט איין זאַך, פלאנצען וויינגערטנער און אזוי פיל וויינטרויבען איז אָנגעפלאנצט געוואָרען, אז עס איז גאָרניט געווען וואָס צו טהון מיט זיי. עס איז געווען אן איינפאכע אי-בערפּראָדוקציע. אָבער קיין מזל און ברכה האָט דאָס דעם קאָ-לאָניסט ניט געבראַכט. אויך אין דעם ווייץ וואָס מען האָט פאר-זעהט אויף די צוויי הונדערט און פופציג דונאם לאנד איז קיין ברכה ניט געווען און ער האָט קוים געקלעקט פאר'ן קאָלאָניסט צו קענען דעקען זיין חיונה פאר דעם יאהר.

דאָס געלט פון דעם נאציאָנאל פאָנד איז באנוצט געוואָרען

בלויז אויף צו קויפען לאנד, לויט ווי עס האָט געלויטעט די נאַ-
ציאָנאל פאָנד קאָנסטיטוציע, אָבער מען האָט ניט געטאָרט נעמען
קיין נאציאָנאל פאָנד געלדער אויף צו אנטוויקלען דאָס לאנד,
איז געקומען אזוי ווייט, אז מען פלעג נאציאָנאל פאָנד באָדען
פארדינגען צו אראבער, אויף אַ משך פון דריי יאָהר, אָבער מען
האָט א טראכט געטהון, וואָס וועט זיין, אויב נאָך דריי יאָהר
וועט דער אראבער ניט וועלען ארונטערגעהן פון לאנד מיט גוטען?

און דאָ איז פּראָפעסאָר רופּין שטאַרק צונוץ געקומען. ער האָט
עטאבלירט די ערשטע פארם שולע, גענומען עקספּירעמענטירען
מיט פּראָדוקטען, גרינצייג און פיה צוכט, וואָס ביז דאן זיינען
אלע גאָרטען פּראָדוקטען געלעגען אָדער אין דייטשע, אָדער אין
אראַבישע הענט.

און דאָס זיינען געווען די ערשטע ריכטיגע שריט פאר אי-
דישער קאָלאָניזאציע, וואָס זאָל ברייגגען מיט זיך די ברכה פון
דער ערד. מילכיגס און גרינצייג. אזא פארם שולע איז געגרינדעט
געוואָרען אין כנרת, אונטער דער פעהיגער פארוואלטונג פון אַ
רוסיש-אידישען אגראָנאָמיסט, בערמאן, וועלכער האָט דעם פארם
אָנגעהויבען פארזעען מיט דער הילף פון צוואנציג אויסגעקליבע-
נע אידישע סטודענטען.

דאָס ערשטע יאָהר איז די ארבייט אויף דער פארם געפיהרט
געוואָרען הארמאָניש, און דער פארוואלטער מיט דער גרופּע האָ-
בען געלעבט בשלום. מיט דער צייט אָבער, האָבען די ארבייטער
דערפיהלט, אז זייער שטימע בנוגע דער פארוואלטונג ווערט אינ-
גאנצען איגנאָרירט, און אז מען באטראכט זיי בלויז פאר שוואר-
צע ארבייטער, כאָטש די גאנצע פאראנטוואָרטליכקייט איז געלעגען
אויף זיי, און זיי האָבען געוואָלט, אז מען זאָל זיך רעכענען מיט
זייערע מיינונגען.

דאן איז געקומען צו א צוזאמענשטויס צווישען דער פאר-
וואלטונג און די ארבייטער און עס איז אַרויסגערופען געוואָרען
אַ סטרייק, וועלכער האָט געהאלטען ביי רואינירען די פארם.

דער סוף איז געווען, אז נאָך א סך היציגע דעבאטען האָט
מען די פארמע איבערגעגעבען צו אנאנדער גרופּע פון זיבען
פערזאָן, אז זיי זאָלען זי באארבייטען אויף אייגענער פאראנט-

וואָרטליכקייט. געזאָלט האָט דאָס זיין נאָר אַן עקספּערימענט, אָבער מיט דער צייט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ניט נאָר איז דער עקספּערימענט געלונגען, נאָר אַז דאָס איז דער איינציגער וועג, ווי אַזוי צו מאַכען אַ דערפאָלג פון קאָלאָניזאַציע: איבער־געבען דאָס לאַנד צו אידישע אַרבייטער, זאָלען זיי אַנטוויקלען איינגענע איניציאַטיווע, אַריינלעגנען זייער מיה און ליבע צו דעם לאַנד, און דאָס אַליין וועט מוזען ברייננגען די ברכה פון דער ערד.

אויף יענעם אָרט געפינט זיך איצט די קאָלאָניע דגניה, וועמענס נאָמען איז איצטער גוט באַקאַנט און באַריהמט איבער דער וועלט.

מען האָט אָנגעהויבען צו אַנטוויקלען די אַגריקולטור אויף אַ גרויסען און ברייטען אופן, באַנוצענדיג זיך מיט מאָדערנע מאַשינערייען, און פּלאַץ איז געמאַכט געוואָרען פאַר נייע אַריינ־געקומענע אינגעלייט און מיידלאַך, וועלכע האָבען קיין דערפאַה־רונג ניט געהאַט, אָבער וועלכע האָבען געוואָלט בלייבען אין דער קבוצה, זיינען געווען באַרייט צו טהון די שווערסטע אַרבייט אויף דער פאַרם, אָבער האָבען ליעב געהאַט דעם גאָרטען און דאָס פעלד, און האָבען געמאַכט פון אַרבייט אַ רעליגיע. אַ זאַך, וואָס קיינער, אַ דור פריהער וואָלט ניט געווען געקענט גלויבען.

מיט דער צייט האָט מען איינגעזעהן נאָך אַ זאַך; דער דער־פאָלג פון אַ קבוצה איז אָפּהענגיג פון דעם עלעמענט וועלכער באַ־זעצט זיך דאָרטען. אויב די גרופּע איז אייניג אין גייסט און איז באַזעלט מיט דעם אייגענעם אידעאַל און אַנשויאונג אויפ'ן לע־בען, וועט זי איבערקומען אַלע שוועריגקייטען.

אין דעם איז באַשטאַנען יוחנן'ס אַרבייט — איבערצוגעהן דעם גאַנצען ישוב. איבערגרופּירען די עלעמענטען, און זיך צו־קוקען און זעהן, ווי אַזוי עס פיהלט דער אַרבייטער, ווי אַזוי איז ער סאָציאַל געשטימט. מיט וועמען פיהלט ער זיך פריינטליכער און נעהענטער.

אַ שווערע אויפגאַבע האָט ער אויך געהאַט אין די אָראַנזשען פּלאַנטאַציעס. דער אָראַנזש איז אַזוי אַלט אין דעם מזרח, אַז מען טרעפט איהם שוין דאָרטען אין דעם זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט. ביי דעם אַראַבער הייסט דער אָראַנזש — פּאָרטוגאַלי — און דער

נאָמען באוויזט, אז ער איז איבערגעפלאנצט געוואָרען אין ארץ ישראל פון כינא און דערנאָך פון פּאָרטוגאל.

אָבער די גאנצע פּראָדוקציע איז אין יענער צייט געטהון גע-וואָרען מיט ביליגער אראבישער ארבייט. דערצו איז אָנגעגאנגען צופיל „באקשיש". אין לאנד, אזוי ווי עס איז געשטאנען אונטער דער שוץ פון דער טערקיי. פון דעם גרעסטען ריכטער ביז דעם פּאָליציסט האָבען אַלע געקוקט אין דער האנט אריין אז מען זאָל זיי באשטעכען.

נאָך א צרה אין יענער צייט איז געווען, אז ווען אפילו מען האָט שוין געקויפט א שטיקעל לאנד אָדער א נחלה, איז עס אויך ניט געקויפט געוואָרען אויפ'ן אידישען נאָמען פון דעם אמת'ן אייגענטימער, נאָר עס האָט ערשט געדארפט געקויפט ווערען אויף ניט קיין אידישען נאָמען. אזוי אז עס איז אויסגעקומען, אז אי-דען זיינען יאָהרען לאנג געבליבען אין גלות ביי דער טערקישער רעגירונג, און ביי איהרע פארטרעטער, די קלענסטע ווי די גרעסטע.

אָבער די אידישע ארבייטער זיינען זיך אָנגעגאנגען מיט זייער ארבייט, האָבען געקעמפט פאר יעדען שפאן ערד, פאר יעדער בי-סעל וואסער, האָבען אוועקגעלעגט קרבנות פאר יעדער קלענסטער דעראָבערונג, און אין הארצען האָבען זיי געווארעמט א חלום, ווען די גאנצע וועלט וועט ענדליך אנערקענען זייער היסטאָרישע רעכט אויף ארץ ישראל, און אויף דעם רעכט זיך איינצואָרדענען סאָציאל עקאָנאָמיש, ווי זיי געפינען פאר נויטיג אויף נייע יסודות.

## אסתר זשיטניקער

ווען יוחנן איז צוריקגעקומען אין ארץ ישראל צום דריטען מאָל האָט ער מיט זיך מיטגענומען דעם מאָליווער רב מיט דער פאמיליע און אויך יאָסעל זשיטניקער מיט דער גאנצער פאמיליע.

יאָסעל'ס מוטער, וועלכע איז אַלע יאָהרען געווען א פרומע אידישע ישוב'ניצע, איז אין ארץ ישראל געוואָרען נאָך פרומער, און מען האָט זי ניט געקענט אָפּרייסען פאר א שטיק צייט פון אלט ירושלים, צוליב דער כותל מערבי, וואו זי האָט ליעב געהאט

צו קומען ביי יעדער געלעגענהייט און זיך אויסוויינען איבער איהרע תחינות, און איבער דעם סדור און טייטש חומש. שטונדען לאנג האט די אלטע געקענט אפשטעהן ביי דער דאזיגער שטומער וואנט, גיסען מיט טרערען און מורמלען הייליגע געבעטען, וואס זי האט זיך אליין צוגעטראכט.

דער מאליווער רב האט זיך באזעצט אין צפת, און גראד אין ארץ ישראל האט ער זיך גענומען צום לערנען.

— ערשט דא איז אן ארט פאר אידישער תורה און חכמה. — האט דער רב ארגומענטירט מיט זיין איידעם, וועלכער האט גראד איהם געוואלט האבען לעבען זיך. דער רב אבער, האט איינגע־טענה'ט מיט יוחנ'ן:

— איהר, יונגע לייט, האט זיך אייערע אייגענע השגות, און נייע תורות. — מיר זיינען אבער טאלעראנט צו אלעמען, — האט יוחנן איהם פרובירט באווייזען, און איהר קענט זיך איינארדענען מיט אונז, און ניט זיין געשטערט.

דער רב איז אבער געקומען א פארמעגליכער מענש, און ער האט זיך באזארגט מיט א פרדס, וועלכען מען האט אנגעהויבען ביי איהם צו באארבייטען פאר איהם, און דוקא מיט הונדערט פראצענטיגער אידישע ארבייט.

— אליין אבער, — האט דער רב גע'טענה'ט, — וויל איך אויף דער עלטער זיצען און לערנען. עס איז נאך דא אזוי פיל זאכען אויפצוטהון, און ערשט דא קען מען לערנען און פאר־שטעהן דעם אמת'ן זינען פון תורת משה און פון א סך אידישע למודים.

חוץ דעם וואס דער מאליווער רב איז געווען מאטעריעל בא־זארגט, וויל די מאליווער האבען איהם פאר'ן ארויספאהרען באזארגט מיט א קאפיטאל, כדי ער זאל דארטען אין ארץ ישראל קענען לעבען רוהיג, האבען זיינע צוויי יונגע זיהן אין אמעריקע דורך די עטליכע יאהר דורכגעמאכט אן אגריקולטור שולע און זיינען געווארען זעלבסטשטענדיגע מענשען.

אריה ליב, דער עלטערער איז געקומען מיט א דיפלאמא און איז באלד צוגעשטאנען צו פראפעסאר רופינען, וועל־

כער האָט פאר איהם געהאט איבער געגוג ארבייט צו העלפען עקספּירעמענטירען מיט גרינצייג אויף דעם אמעריקאנעם שטיי-גער.

און דער יונגערער, נפתלי האָט זיך צוגעשלאָסען צו דער קאָ-לאָניע אין מרחביה, אַזוי אז אלע זיינען גלייך געווען פאַרזאָרגט.

יאָסעל זשיטניקער האָט זיך די ערשטע צייט געשטעלט אר-בייטען אין א ברויט מיהל, און ווען עס איז איהם ניט געפעלען געוואָרען דאָס ברויט, האָט ער אליין זיך געשטעלט באקען, און זייענדיג אן אמת'ער דאָרפ'ס איד, האָט ער נאָך גוט געדיינקט דעם טעם פון דעם ראָזעווע, שווארצען ברויט, וואָס זיין מאמע האָט דעם גאנצען לעבען געבאקען אין דאָרף, און מיט דער צייט האָט ער אינגאנצען זיך אָפּגעגעבען מיט דער בעקעריי, און איז געוואָרען דער ברויט באַזאָרגער פון דעם גאנצען ישוב אַרום.
יאָסעל האָט אָנגעקוואָלען פון ארץ ישראל.

— אז מען דארף גאָר ניט קענען דעם העברעאיש, — האָט יאָסעל געטענה'ט, ווען ער האָט זיך ניט געקענט צוזאמען רעדען מיט די דאָרטיגע קינדער. וועלכע האָבען דוקא ניט געוואָלט רעדען קיין אנדער שפּראך, ווי נאָר העברעאיש. — מען דארף זיין א איד, און האָבען אמאָל עפּעס געלערענט אין א חדר. געדיינקט מען שוין. אז ארץ ישראל איז אמאָל געווען אונזער אידישע היים, און איצט, זיינען מיר ווייטער אין דער היים. — האָט יאָסעל אָנ-געקוואָלען. פון דאנעט וועט מיך שוין קיינער ניט אַרויסטרייבען. דאָ וועל איך שוין בלייבען.

— דאָ וועלען מיר שוין משיח'ן דערלעבען. — האָט די אלטע מאמע זיינע געשמייכעלט. — דאָ איז א מחיה צו לעבען. כאָטש איך פארשטעה ניט וואָס די קינדער רעדען, און וויים אויך ניט, וואָס די בחורים מיט די מיידלאך זיינען אַזוי פארליבט אין א לשון, וואָס זייערע טאטע מאמע פארשטעהען ניט.

— אָבער וואָס זאָגסטו ווי שנעל אסתר האָט זיך דאָ צוגע-באפּט צו דעם העברעאיש? — האָט די מוטער, לאה, א זאָג גע-טהון, צוזעהענדיג, ווי אסתר שטעהט אין גאָרטען און שמועסט מיט בערעל איינבינדער.

אין אסתר׳ן איז פאַרגעקומען א גאַנצע איבערקעהרעניש. זינט יענעם טאָג ווען עס איז איהר קלאָהר געוואָרען, אַז יוחנן איז איבערגעבען צו בתיה׳ן, און אז ער האָט פאר איהר נאָר אמת׳ע פריינטשאפט, אָבער ניט מעהר, האָט אסתר מיט זיך דורכגעמאכט אַ שווערען קאמף, ביז זי האָט געצאמט אַלע איהרע געפיהלען, און האָט זיך צוגעבונדען צו יוחנ׳ן און בתיה׳ן, דערנאָך זיי גע- האַלפען דערציהען שלומ׳ן, אָבער איהר אייגען לעבען איז געבלי- בען אָהן באַזונדערען אינהאלט. קיין זאך איז איהר ניט אָנגע- גאנגען, און ערשט ווען יוחנן האָט זי אָנגעהויבען צורעדען צו פאָהרען אין ארץ ישראל, און ערשט דערנאָך, ווען זי האָט געזעהן אז דער מאַליוועער רב מיט דער פאמיליע זיינען שוין אויך גרייט צו פאָהרען, האָט זי ערשט דערפיהלט, אז ערשט איצטער וועט איהר לעבען אין אמעריקע ווערען אינגאַנצען פוסט, און כדי ניט אָפּגעריסען צו ווערען פון איהרע פריינט, האָט זי ענדליך מסכים געווען צו יאָסעל זשיטניקער׳ס פּלענער, און איז מיטגעפאָהרען קיין ארץ ישראל.

— דו וועסט זעהן, אסתר, — האָט יוחנן ניט אויפגעהערט איינטענה׳ן מיט אסתר׳ן אז ערשט דאָרטען וועסטו אינגאַנצען אויפלעבען. דו וועסט זיך ווידעראמאָל צובליהען. די ארבייט אין דער קבוצה וועט דיך פאראינטערעסירען. דו וועסט נעמען לעבען אַ פריי, נאטירליך לעבען ווי אמאָל אין דאָרף, אין זשיטניק, און דו וועסט דערפיהלען אז עס איז כדאי צו לעבען אויף דער וועלט.

און ווען יוחנן איז אָנגעקומען צוריק מיט דער גאנצער משפחה, און מיט זיינע זשיטניקער פריינט, זיינען די חברים אַרויסגעקומען זיי אַלעמען באַגעגענען, און בערעל איינבינדער איז ווי צוגעוואקסען געוואָרען צו אסתר׳ן, וועלכע איז געווען אַ נאטור קינד, פון דאָרף, און איז פארכאפּט געוואָרען פון דער שעהנקייט פון ארץ ישראל, און פון בערעל׳ס מאָהלען די פּאַלעסטינער נעכט און די אַרבייטער ימים טובים.

בערעל איז שוין אין יענער צייט געווען אן אָנגעזעהענער מענש אין דעם ישוב צווישען די פּועלים. זיי האָבען בערלען ליעב געהאט פאר זיין עהרליכקייט, און פאר זיין באגייסטערען ארבייטער מיט זיינע פּאָעטישע שילדערונגען.

חיה שרה, וועלכע איז שוין געווען א מוטער פון אן אכט יעהריג אינגעלע און האט געוואוסט, אז אסתר איז איינע די איבערגעבענסטע חבר'טעס צו יוחנ'ן און בתיה'ן, האט זי געטהון אלץ אין דער וועלט צו דערנעהענטערען אסתר'ן צו בערלען. זי האט זי געהאלטען נאהענט צו זיך, און האט צוליב איהר איינגע-ארדענט א יום טוב, און ווי אלעמאל אויף אן ארבייטער יום טוב איז בערעל געווען דער יושב ראש ביי דעם אווענט, און איינמאל נאך אזא יום טוב, ווען די יוגענט האט זיך שוין איינגעמידט טאנצענדיג די הארא, און מען איז פארלאכוויז אוועק שפאצירען, האט זי בערעל איינגעלאדען אויף שפאציר.

ער האט זי אנגענומען פאר'ן ארם און זי האט דערפיהלט, אז א ליבער ציטער איז איהר דורכגעגאנגען איבער'ן גאנצען קערפער. שוין לאנג אז זי האט אזא געפיהל ניט דורכגעלעבט.

אפשר איינמאל אין איהר לעבען, ווען זי האט זיך יענעם ערשטען אויף דער נאכט געטראפען מיט איהר לעהרער אין אמע-ריקע, יוחנן טווערסקי, צו איהם האט זי אזוי געפיהלט, פאר איהם איז זי געווען גרייט א שטיק צייט צו שטרעקען איהר לעבען.

אבער דערנאך האט זי אליין דאס געפיהל אין זיך דערשטיקט, ווייל זי האט געפיהלט, אז דאס איז אן האפנונגסלאזע-פארצוויי-פעלטע ליבע.

און איצט, זי דערקענט זיך גארניט. זי געהט מיט בערלען געארעמט, און זי פיהלט, אז איהר יוגענט אין איהר לעבט אויף. זי איז אינגאנצען באנייט.

— איהר זעהט, אסתר, דא ווי מיר געהען איצטער, איז נאך געווען מדבר, ווען מיר זיינען אהער אנגעקומען. קיין וואסער איז נאך ניט געווען, און די זומפען האבען מיר אליין געמוזט אויס-טריקענען, און מיר האבען געפיבערט, געקרייינקט, אבער מיר הא-בען זיך ניט אונטערגעגעבען.

— איהר האט אויך געפיבערט ? — ווערט אסתר מיטאמאל פאראינטערעסירט, און זי קוקט איהם אריין אין די אויגען.

— איך, נאך מעהר ווי אנדערע, — דערצעהלט בערעל.

זי דערפיהלט נאָך אַ גרעסערע נאָהענטקייט צו איהם, און עס רייסט זיך פון איהר מויל אַרויס אַ זאָרג:

— און ווער האָט אייך באהאנדעלט? אביסעל וואסער צוגע־טראָגען, עפּעס אָפּגעקאָכט? א שאָד וואָס איך בין נאָך דאן ניט געווען. איך וואָלט געוועןָ אייער בארמהערציגע שוועסטער, און אייך ניט געלאָזען אַ פארחליש'טען.

— זעהר שעהן פון אייער זייט, חברה אסתר, — שמייכעלט בערעל, און ער לעגט צו:

— אָבער איצטער זיינען מיר שוין דאָס פיבער לאַנג אריבער־געקומען. איצטער דארף מען בעסער זעהן, אז די נייע, די צוגע־קומענע זאָלען ניט פיבערען. און אין איין וועגס ציהעט ער ארונ־טער פון זיך דאָס רעקעל, און דערלאנגט עס איהר אויף דער פלייצע.

— אָבער איצטער דארפט איהר זיין פאָרזיכטיג, באזונדערס אין די קיהלע נעכט.

זי איז אזוי דאנקבאר, ניט אזוי פאר דעם רעקעל, וואָס ער האָט פארווארפען איבער איהרע אקסלען, ווי פאר דער אויפמערק־זאמקייט, וואָס ער שיינקט איהר, און זי וויל זיין ליבענסווירדיג צו איהם.

— איהר רעדט אזוי שעהן, בערעלע, — זאָגט אסתר, און לעגט צו:

— און אייערע לידער, כאָטש איך פארשטעה ניט קיין העברע־איש, קלינגען אָט ווי מוזיק. איהר זייט אן אמת'ער פּאָעט!

— דאָ זיינען מיר ניט געוואוינט צו מאכען זיך קאָמפּלימענ־טען. מיר האָבען עס שוין פארגעסען. — מאכט בערעל א באמער־קונג.

— איהר דארפט עס ניט נעמען פאר קיין קאָמפּלימענט. — ענטפערט אסתר. — מיר זיינען דאָרפס־מענשען. מיר זיינען צו־געוואוינט צו זאָגען וואָס מיר פיהלען.

— נו, יעדענפאלס קען איך דאָס אייך ניט פארבאָטען. — האָט בערעל געשפּאסט.

— ווען איהר זייט אַ גוטער בחור, וואָלט איהר פאַר מיר אי־בערגעזונגען נאָכאמאָל ביאַליקס — קום אַרויס צו מיר מיין ליבסטע — האָט אסתר איהם אַ זאָג געגעבען און אין איהר קול איז געלעגען אזוי פיל צארטקייט, אַז בערעל האָט דערפיהלט, אַז אין דער דאָזיגער פרוי ווארעמט זיך אַ באַזונדער שעהן געפיהל צו איהם.

און אין אַ שטילען צארטען טאָן, וועלכער האָט זיך געשפּרייט איבער בארג און טאָל און ווי אַלעס אַרום פאַרכישופט, האָט בערעל פאַר איהר גענומען זינגען:

— קום אַרויס צו מיר מיין ליבסטע, קום אַרויס,
— איך האָב געבראַכט צו דיר אַ בשורה פאַר דיין הויז.
— זעה נאָר ווי די בוימער בליהען, וואונדער שעהן,
— קום מיין ליבסטע גלייך צו מיר צו געהן.

---

פון פריהמאָרגען פריהלינג ווינטען ווינקען דיר,
און זיי קושען די מזוזה ביי דיין טיר.
געה אַרויס צו זיי, מיין ליבסטע, לאָז זיך נאָר
פון זיי גלעטען דיינע זיידען האָר.

---

גאָטס גענאָד איז געפאַלען איבער בערג, איבער טאָל,
און דער פריהלינג איז געקומען מיטאמאָל,
זעה נאָר ווי די בוימער בליהען איינציגווייז,
דאָס קארשען בוימעל שטעהט שוין אינגאַנצען ווייס.

---

קום אַרויס צו מיר מיין ליבסטע כ'וויים אַן אָרט,
וואו עס וואַקסען וואונדער שעהנע בלומען דאָרט,
כ'וועל פון זיי אַ קראַנץ דיר פלעכטען בלום צו בלום,
באַקרוינען דיר דיין שטערענדעל אַרום!

---

— אַזוי דיכטען קען נאָר טאַקע ביאַליק. — האָט אסתר אַ באַגייסטערטע אויסגערופען, און האָט איהם געדריקט ביידע

הענט. דערנאָך האָט זי צוגעלעגט, — אָבער אזוי זינגען דארף מען אויך קענען !

— מיר האָבען דאָך עפּעס אָפּגערעדט, אז מען מאכט ניט קיין קאָמפּלימענטען ! — האָט בערעל ווידער איהר געמאכט אַ באַמערקונג.

— זעהט איהר, און איך וואָלט גראָד געוואָלט, אז איהר זאָלט מיר מאַכען עפּעס אַ שעהנעם קאָמפּלימענט. — האָט אסתר געשטיפט און זיך געדרויטעלט.

— ווארט אוים חברה אסתר. איהר וועט פריהער זיך איינשפּאנען אין דער ארבייט. איהר וועט זיך איינלעבען, זיך ארייןוועבען אין דער ארבייט. עפּעס אויפטהון, דערנאָך וועלען מיר אייך אויך ניט פארווארפען מיט קיין צופיל בלומען. מיר דאָ, אין ישוב גלויבען אז די ארבייט אליין איז שוין דער דאנק. ווען איהר וועט נעמען אַ שטיקעל מדבר, דאָס צוגראָבען, פארזעען מיט בלומען, אָדער אפילו מיט גרינסען, איז ווען דאָס וועט אויפגעהן און זיך צוואוזאקסען, ווען עס וועט ברייגגען פרוכט, וועט דאָס זיין אייער קאָמפּלימענט. אייער לוין און אייער דאנק. — האָט בערעל גאנץ ערנסט שוין אַ זאָג געגעבען.

אזוי האָבען זיי געשפּאצירט ביז דער מאָרגען שטערען איז שוין אויפגעגאנגען. פון מזרח האָבען שוין אָנגעהויבען אַרויסשיסען די ערשטע שפּראָצען אויף טאָג, און עס האָט זיך דערהערט דאָס קרעהען פון די ערשטע הענער, אָנזאָגענדיג, אַז אַ נייער טאָג קומט אָן, און וועט באגיסען די וועלט מיט העלע ליכט. אין הארצען האָט זיך ביי אסתר'ן שוין געטוליעט אַ ליבער פונק, און זי איז געווען אביסעל אנטוישט אין בערלען, וואָס דאָס ריין פערזענליכע האָט ער אינגאנצען אויסגעמידען, כאָטש זי האָט געפיהלט אז אינגאנצען גלייכגילטיג איז ער צו איהר ניט.

די ארבייט איז אסתר'ן ניט געפאלען שווער. זי האָט אין דערהיים, נאָך אַלס קינד, באארבייט אַ שטיקעל גאָרטענדעל ארום זייער הויז אין זשיטניק, און אָפּגעלעבט האָט זי אויך אין מאָריסוויל אויף דער קאָלאָניע, ארבייטענדיג אין גאָרטען און אין פעלד. איצט, נאָכדעם ווי זי האָט זיך ווידער אַרויסגעריסען פון נויאָרק,

וואָס זי האָט געהאסט פאר דעם רעש און פוסטען טומעל, איז איהר ליב געווען די שווערע ארבייט ארום גאָרטען און אין פעלד.

צו געהן לעבען דעם פּיאזש און אויפגראָבען די טרוקענע ערד, ערטערווייז פארשטיינערט, איז געווען ביי איהר א גאנץ נאַטירליכע זאך. דער שוויים פון געזיכט האָט זיך געגאָסען, אָבער יעדער שפּאן ערד וואָס זי האָט אויפגעגראָבען איז איהר געוואָרען אזוי נאָהענט און אייגען, אַז זי האָט געקוקט אויף דעם, ווי אויף דעם גרעסטען וואונדער.

יאָסעל איז ארויסגעקומען צו איהר אין דער מיטינג שטונדע אין פעלד אריין, און ער האָט זי דערזעהן ווי זי איז איינגאנצען אַן איבערגעביטענע, ניט מעהר יענע פארצאָרענטע טאָכטער זיינע, וואָס האָט אין נויאָרק געוועלקט פאר דער צייט, געלעבט אָהן אַ ציעל, אָהן אַן אויסזיכט, מיט קיין זאך ניט צופרידען, און איצט, אַ נייער מענש. אויסגעטהון פון די שטאָדטישע בגדים, נאָר לייכטע ארבייטס קליידער, פארדרעהט אַן אבאיע ארום די האָר אויפ׳ן קאָפּ, אַ בילד פון אַ דאָרפישע טאָכטער, און די הויט פון געזיכט האָט זיך שוין געברוינט אונטער דער היץ פון מזרח זון, און די בלויע אויגען האָבען שוין ווידער פארמאָגט אין זיך דאָס אמאָליגע שפּילעוודיגקייט, און די ליפּען האָבען צופרידען געשמייכעלט.

נו, טאָכטער, וואָס זאָגסטו איצטער? שעהן צו לעבען אין ארץ ישראל! — האָט דער פאָטער אַ גליקליכער געשמייכעלט צו איהר, און איהר א קוש געגעבען.

— יאָ, זעהר שעהן! עס איז מיט מיר ווי עפּעס א וואונדער געשעהן! — האָט אסתר פאר איהם דאָס הארץ געעפענט. זי איז געווען איבערפולט פון דער נעכטיגער איבערלעבעניש, און דער עיקר פון דעם שפּאציר מיט בערעלען, און זי האָט געמוזט זיך טיילען מיט עמיצען.

— ווי איז צוגעגאנגען נעכטען דער נשף? — האָט דער פאָטער זיך ביי איהר נאָכגעפרעגט, ווייל ער האָט געוואָלט דערגעהן ביי איהר, ווי אזוי זי האָט נעכטען פארבראכט.

— זעהר פיין, — האָט אסתר דערצעהלט, — בערעלע איז געווען דער יושב ראש, יוחנן האָט גערעדט זעהר שעהן ווי אלע-

מאָל, און דערנאָך האָט בערעל רעציטירט און געזונגען ביאַליק׳ס און אייגענע שירים. מען האָט געטאנצט די האָרא, און דערנאָך איז מען אוועק שפּאַצירן ארום די בערג, און אז מען האָט זיך צוזונגען זיינען די שאַקאַלען איינגעשטילט געוואָרען, און עס האָט זיך געפיהלט אז די בערג ווערען ווי באַלעבאַט, נעמען אָן פאנטאסטישע געשטאלטען, איך זאָג דיר, דאָס איז עפּעס אזא מאָדנע זאַך אז דאָס לאָזט זיך גאָרניט איבערגעבען אין ווערטער. — האָט אסתר א באַגייסטערטע גערעדט.

— עס לאָזט זיך ניט. — האָט יאָסעל געשפּאַסט, — און פונדעסטוועגען האָסטו דאָך דאָס איבערגעגעבען. . . — האָט ער זיך צולאַכט. — נו, נו, איך פארשטעה שוין, אז מען שפּאַצירט מיט א פּאָעט, ווערט מען א פּאָעטעסע. דאָס האָט דיך שוין בערעל מן הסתם אָנגעשטעקט מיט זיין ליבע צו דער ערד, צו די בערג און צו דעם גאנצען ישוב, הא, אסתר? דו ביזט שוין באַלד א טאָכטער פון דעם אָריענט !

— וואָס זשע איז די עוולה, טאַטע? וואָס קען דאָ פּאַסירען? אוודאי איז מיר דאָ א סך ליבער צו זיין ווי אין נויאָרק. דאָרט לעבט יעדער פאר זיך, איינזאם, אָפּגעזונדערט און עגאָאיסטיש. א חילוק אביסעל פון דעם פארם לעבען אין מאָריסוויל ביז דגניה און מרחביה, וואָס זאָגסטו, טאַטע ? געדיינקסט ? דאָרטען האָבען מיר געהאַט אינטריגעס פון דעם ערשטען טאָג אָן, און דערנאָך ביליגע ספּעקולאַציע מיט מעקלעריי, מיט ריעל עסטייטניקעס און דאָ? לעבען אלע פאר איינעם, מען פּלאַנעוועט, מען ארבייט. מען חלומ׳ט. טאַטע — האָט זי אויסגערופען א באַגייסטערטע, זאָג דיר וואָס דו ווילסט, עס איז שעהן אזוי צו לעבען, עס איז אַ צויבערלאנד, וואָס לאָקט אַלעמען אריין, און האלט ווי פארכישופט.

— זעה נאָר ווי פארשוויצט דו ביזט, טאָכטער! — האָט יאָסעל ארויסגענומען זיין טיכעל און איהר געגלעט איבער׳ן פּנים מיט פאָטערליכער צארטקייט.

—נשקשה, זיי רוהיג, עס וועט מיר גאָרניט שאַטען. עס איז מיר גוט און ניחאָ די שווערע ארבייט. שטעל דיר פאָר, אז עס וועט אָנקומען דער סעזאָן פון שפּריי רעגען, און דאָס פעלד וועט אָנהויבען גרינען, און דערנאָך צו שפּראָצען, און מיר וועלען

אַרויסקומען אַהער, און איך וועל דערזעהן, אַז די ערד וואָס איך האָב אויפגעאַקערט, שפּראָצט שוין, גרינט, און וועט מיט דער צייט ברייננען פרוכט, וויפיל נחת און פרייד וועט דאָס דאָזיגע פעלד מיר געבען. מיר דאכט זיך אַז קיין גרעסער גליק קען גאָר אין דער וועלט ניט געבען! — האָט אסתר פאַרענדיגט.

— אַ שאָד די צעהן יאהר, וואָס מיר האָבען זיך אָפּגעפּלאָגט אין אמעריקע — האָט יאָסעל איהר צוגעגעבען — מיר וואָלטען שוין איצטער געווען לאנג פאַרגעסען אין אַלע אונזערע צרות.

— מן הסתם דאַרף אַזוי זיין, — האָט אסתר פילאָזאָפירט. עס איז נויטיג געווען אַז מיר זאָלען פאַרזוכען דעם טעם פון אַ גלות אמעריקע, כדי מיר זאָלען איצטער וויסען ווי אָפּצושעצען אונזער לאַנד. ערשט איצט, ווייסען מיר דעם אונטערשייד פון אַמעריקאַנער גליקען, ביז שווערע ארבייט אין אן אייגען לאַנד. דו הערסט טאַטע, ווען איך בלייב זיצען פאַר'חלום'ט נאָך דער אַר-בייט אין אַ פאַרנאַכט אין דרויסען, און מיין בליק פאַלט אויף דעם וויסטען עמק, ווי ער ליגט נאָך פאַרשטיינערט, וויסט ווי אַ מדבר, און פון די בערג שפּרייט זיך אויס אַ בלויער אַזור, און וויקעלט אַלץ איין אין אַ פאַרנעפּעלטען שלייער, נעמט מיך אַרום אַזאַ פאַרדרוס צו די אַלע מיידלאַך און בחורים אין די אמערי-קאַנער שוויץ פאַבריקען, וואו זיי לעגען אַוועק זייער געזונט און דאָס גאַנצע לעבען אויף וואָס? צו פאַרדינען אַ שטיקעל ברויט מיט אַ בגד. אין דער אייגענער צייט וואָס ווען זיי וואָלטען גע-קומען אהער, וואָלט יעדער איינער פון זיי געהאַט פאַר זיך אַן אינהאַלט אין לעבען, און וואָלט עפּעס אויפגעטהון ניט נאָר פאַר זיך נאָר פאַר'ן צוקונפטיגען דור, פאַר דעם גאַנצען אידישען פאָלק.

— טאָכטער מיינע, — איז יאָסעל צוגעפאַלען צו איהר, זי געגומען קושען. — איצט בין איך שוין זיכער, אַז דו ווערסט אַ פּאָעטעסע. זעה נאָר ווי דו רעדסט. איך האָב שוין דיך ניט געזעהן אין אַזאַ גוטער שטימונג זינט מיר האָבען פאַרלאָזען זשיטניק. מיר דאכט זיך, אַז מען וועט איננגיכען דיך שוין אויך מעגען שי-קען קיין אמעריקע צו רעדען צו אידישע אַרבייטער פרויען. דו האָסט שוין אויפגעכאַפּט די היגע סביבה, און דו ביזט שוין אַליין געוואָרען אַ גאַנצע רעדנערקע, אַ פּאָעטעסע. פיין, זעהר פיין!

— נו, איצט, געה געזונטערהייט. דער טאָג שטעהט ניט, אר-בייט איז דאָ א סך, — האָט אסתר איהם אַ קוש געגעבען, זיך צושמייכעלט, און ווידער אריינגערוקט דעם פיאזש אין דער האר-טער ערד, מיט אלע כוחות, און זיך ווידער גענומען צו דער אר-בייט.

— וועסט גריסען אלעמען, און זיי דערצעהלען, אז מיר איז גוט.

יאָסעל איז אַוועק צוריק, און פון דערווייטענס האָט ער נאָך געהערט ווי אסתר'ס קלינגענדיג קול טראָגט זיך איבער דעם עמק ביי דער ארבייט אין פעלד:

— כ'האָב פארגעסען אלע ליבסטע,
כ'האָב פארלאָזט מיין אייגען הויז
כ'האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבען,
טראָג מיך, ים, צו מיין מוטער'ס שוים.

---

און דו מערב ווינט געטרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מיין הארץ מיט אָדלער פליגעל,
זוכט שוין לאַנג צו איהם אַ וועג.

---

ברייננג מיך נאָר אהין בשלום,
נאָכדעם פליה זיך דיר צוריק,
גריסען זאָלסטו אלע ליבסטע,
און דערצעהעל זיי פון מיין גליק.

---

ניט פיהלענדיג די שווערקייט פון דער פיזישער ארבייט האָט זי ניט אויפגעהערט צו טראכטען:

— יהודה הלוי, איינער פון די גרעסטע דיכטער פון דער שפּאַ-נישער גאָלדענער עפּאָכע, האָט אַ לעבן אָפּגעחלומ׳ט פון ארץ ישראל, געזונגען וועגן לאַנד, נאָר ניט באַשערט געווען איהם צו לעבן אין לאַנד און די אַראַבישע רוצחים האָבן זיין לעבן אויסגעלאָשען אין דעם מאָמענט ווען ער איז לאַנד אַריינגעקומען און אין עקסטאַז צו דער מוטער ערד צוגעפאַלען, קושענדיג די ערד, איז אַן אַראַבער אָנגעפאָהרען איז איהם אַריבערגעפאָהרען און זיין לעבן אויסגעדריקט אַזוי אַכזריות׳דיג. אָבער עס איז גוט צו לעבן, און ווען נויטיג אויך צו שטאַרבען פאַר אַזאַ לאַנד. — האָט זי ווייטער געטראַכט.

בערעל איז איהר ווידער אַרויפגעקומען אויפ׳ן זינען, אָבער אין דעם אויגענבליק האָט זי זיך אַליין גענומען מאַכען פאָרוואורף.

— ניט שעהן צו זיין אַזוי עגאָאיסטיש און טראַכטען וועגען אייגענעם תכלית. בערעל איז אַ דיכטער, און ער ווידמעט זיין גאַנצע ענערגיע פאַר ארץ ישראל, און מען דאַרף איהם פון דער פאַראַנטוואָרטליכער אַרבייט ניט אָוועקרייסען. זי האָט דערנאָך ביי זיך אין האַרצען באַשלאָסען, אַז פּונקט ווי זי האָט מפקיר געווען צעהן יאָהר אין אַמעריקע, און דערשטיקט איהר ליבע צו יוחנ׳ן, אַזוי וועט זי פון היינט אָן זיך אויך האַלטען קאַלט פון בערלען. וועט ניט זוכען מעהר זיינע לאַסקעס, וועט מאַסקירען איהרע געפיהלען, און אויך נעמען לעבן מיט אַ אידעאַל ווי עס לעבען אַלע אַרבייטער דאָ.

נאָך דער אַרבייט, ווען אַלע האָבען זיך אַרומגעוואַשען, און מען האָט זיך געזעצט עסען אין דעם גרויסען צימער אַרום דעם ריין אָפּגעוואַשענעם הילצערנעם טיש, מיט די פיס אונטער זיך, האָט זי בכיוון זיך אַוועקגעזעצט לעבען חיה שרה׳ן און ניט לע-בען בערלען.

נאָר חיה שרה האָט געלאָזט פאַלען אַ וויציגע באַמערקונג:

— אסתר, דו ביזט ברוגז מיט בערעלען, וואָס דו ווילסט לעבען איהם ניט זיצען ?

שפּאַסיג האָט אסתר געענטפערט :

— אוודאי בין איך ברוגז. איך רעד אַפילו צו איהם מעהר ניט.

— אַ שעהנער וויץ. מיר ווייסען דאָ ניט פון אַזעלכע שטיקלעך ווי רוגז, — האָט חיה שרה ווייטער גערעדט, — דאָס איז אַ גלות פּראָדוקט, ניט דאָ.

— אַז ער האָט מיר נעכטען אויפ'ן שפּאציר ניט געוואָלט מאַכען קיין קאָמפּלימענטען. . . — האָט אסתר זיך ניט אויפגע-הערט צו וויצלען.

— געטראָפען דאָס אָרט, — האָבען אַלע געלאַכט, — אַז מען וויל קאָמפּלימענטען, געהט מען קיין אמעריקע. דאָ איז ניטאָ קיין צייט פאר אַזעלכע קלוגע זאכען.

— נו, בין איך ברוגז.

בערעל איז געזעסען, געקוקט אויף איהר, און געשמייכעלט. ער האָט זיך ניט וויסענדיג געמאכט. פונקט ווי דער גאנצער שמועס וואָלט זיך ניט גערדעהט אַרום איהם.

נאָך ביי זיך האָט ער געטראכט: אַ מאָדנע מיידעל. אַזאַ קורצע צייט אין לאנד, און איז שוין ווי איינגעוואקסען געוואָרען, איבערגעבען דער ארבייט און דער ווירטשאפט. קיין זאך איז איהר ניט צו שווער, און ווי שעהן זי באנעמט די גאנצע אידייע, און מיט וויפיל איבערגעבענקייט זי טהוט יעדע זאך. ער האָט געוואוסט אז ער איז ניט גלייכגילטיג צו איהר, אבער ער האָט דאָס געזוכט צו באהאלטען אין זיך, מאַכען פון דעם אַ סוד, אַזוי לאנג ווי דאָס וועט זיך לאָזען.

יאָסעל, דער שומר, מיט דער איין האנט, וועלכער איז תמיד געוועזען זעהר אַ בארעדעוודיגער, און ווען מען איז פארטיג געוואָ-רען מיט דעם עסען, האָט ער אַ זאָג געגעבען:

— קינדער, איך האָב פאר אייך זעהר אַן אינטערעסאנטע מעשה צו דערצעהלען, אָבער איך וועל אויסווארטען ביז די חברות וועלען ארויסקומען אין גאָרטען, וועל איך אייך דערצעהלען אַ מאָדנע געשיכטע, פון וועלכער איהר וועט אויפשטעלען מויל און אויערען.

אסתר וועלכע האָט זיך אויפגעהויבען די ערשטע מיט אַ פּאַק טעלער פון די טישען, האָט אַ זאָג געגעבען:

— איהר וועט דאָך אָבער אויסוואַרטען, ביז איך וועל צו-ריקקומען פון דער קיך, האַ?

— וואַרטען, זיכער וועל איך וואַרטען! — האָט דער שומר צוגעשטימט, און ער האָט זיך דער ערשטער אויפגעהויבען. אַלע וועלכע האָבען ניט געדאַרפט טהון די אַרבייט אַרום דעם געשיר אין קיך, זיינען איהם נאָכגעגאַנגען, און דער עולם האָט זיך אָנ-געהויבען אויסזועצען אין אַ רעדעל, אַרום יאָסלען, וועלכער האָט ליב געהאַט אַלעמאַל זיך אויסצוציהען אין דער לענג, אַזוי אַז ער איז געבליבען ליגען אויף דער זייט וואו עס האָט איהם געפעהלט די האַנט.

די זון האָט שוין געהאַלטען ביים אונטערגעהן, און די לעצטע גילדערנע שטראַהלען האָבען זיך געבראָכען פון אונטער די בערג, און באַגילדעט די שפּיצען פון די בוימער אין גאָרטען, אַלעמענס אויגען זיינען געווען געווענדעט צום מערב פון וואַנען עס האָבען זיך געגאָסען זון שטראַהלען איבער אַלעמענס פּנים׳ער. אַלע זיי-נען שטיל געוואָרען, עס האָט זיך נאָר אויסגעוויזען אַז די בערג רעדען, דערצעהלען פון שווערער אַרבייט פון אַ גרויסען חלום, וואָס עס טראָגען אין די הערצער, די אַלע, וועלכע קומען אַהער פון אַלע עקען וועלט, נאָר ביי אַלעמען אין האַרצען וועבט זיך אַ גרויסער חלום, וואָס ציהעט זיך שוין אַזוי לאַנג, דורות לאַנג, נאָך פון דער צייט ווען דאָ איז געווען אַמאָל אַן אַלט אידיש פאָלק, האָט דאָ אָנגעהויבען זיין פאַרצווייגטע געשיכטע, און איצטער זיי-נען די אייניקלאָך פון די אַמאָליגע דורות צוריקגעקומען און ביסלעכווייז באַלעבען זיי דעם עמק, און צושניידען אפילו די בערג, באַהויכען זיי ווידער מיט אַ לעבעדיגען גייסט, און זיי שפּינען צונויף דעם — עס וועט קומען אַ טאָג — מיט דעם — אַמאָל איז געווען. . . .

אסתר איז אַרויסגעקומען פון קיך די לעצטע, און ווען זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגען, האָבען איהרע האָר נאָך אויפגעכאַפּט דעם לעצטען זון-שטראַהל, וואָס האָט זיך געפּלאַנטערט אַרום איהרע האָר ווי שטיפעריש, עס איז שטיל געוואָרען, און דער שומר האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען:

— צווישען די נייע שומרים האָבען מיר היינט אַריינגענומען

א מאָדנעם בחור, א פוילישער יאט. אַ יונג, ווי אַ דעמב. הויך, ברייט, מיט פּלייצעס ווי אן אָדלער, און מיט א קאָפּ א משונה'-דיגען, ווי א צוריצטער ליב, ווייט פון שעהן, א פאטלע האָר פארפּלאָנטערטע, ניט צוקעמט, איברים גרויסע, כמעט מגושמ'-דיגע, און דער עיקר, הענט און פיס, בערישע, אז ער באווייזט אייך אַ לאפּע, דערשרעקט איהר זיך, און אז ער גיט אַ שטעל אנידער א פוס אויף אַ פּלאץ, האָט איהר מורא, אז די ערד אונ-טער איהם זאָל ניט איינגעזונקען ווערען. — יאָסעל האָט זיך צו-לאכט.

— וואָס זאָגט איהר אויף אַזאַ בחור, הא?

— ווער איז ער? — האָבען אַלע מיט נייגעריגקייט גענומען זיך צופרעגען, האָבען אנגעשטעלט מויל און אויערען.

יאָסעל האָט ווייטער גענומען דערצעהלען:

ער קומט פון ווארשא, פוילען. א בראָדיאגע, קען ניט לייענען, ניט שרייבען, ער האָט זיך ארומגעוואלגערט יאהרענלאנג ארום די אידישע רעדאקציעס, און ער קען זיך מיט סאָקלאָוו'ען, מיט פּרצ'ן, מיט גאָמבערג'ן, מיט אַלע גדולים, מיט אלע ציוניסטען, און די ציוניסטען האָבען פון איהם גרויסע, געברענטע צרות, מחמת ער איז אַ פּועל ציון, אָבער אַזוי איינער פון די פּועלי ציון, חסידים, וואָס זיינען גרייט צו לויפען אין פייער און אין וואסער. און דאָס מעגט איהר איהם גלויבען.

— און אז מיר פרעגען איהם וואָס ער איז געקומען קיין ארץ ישראל, ענטפערט ער:

— עטץ מאַינט, אַז עס איז ענקס רעץ איסרועל, זאָג עך אַך, אז עטץ מאַכט אַ גרויסען טועס. עס איז די פּועלי ציונס ערעץ איסרואל, און יעדער גוטער פּועל ציון דארף קומען אין לאַנד, און אָנפיהרען מעלכומע מיט די אראבער און מיט די געמאַינע ציונים-טען. — איהר הערט אַ לשון? באַהיט זאָל מען ווערען. זינט איך לעב האָב איך נאָך אַזאַ ווילדע בריאה ניט באגעגענט, — האָט יאָסעל דער שומר פארענדיגט.

דער עולם האָט געלאכט, און מען האָט גענומען זיך נאָכמעהר נאָכפרעגען אויף דעם בחור, ווער ער איז.

— ער הייסט חונע — און ער זאָגט, אַז מען קען איהם איבער־ אַ שטיק וועלט, און ער האָט באַוויזען אַ קאַרטעלע וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון וואַרשאַ, און עס איז אויפגעדרוקט אויף דעם קאַרטעלע — חונע דער באַוואוסטער.

— מן הסתם אַ צודרעהטער אַביסעל, — האָט בערעל געלאָזען פאַלען אַ באַמערקונג, נאָר יאָסעל האָט אָפּגעשלאָגען זיינע רייד.

— ניט קיין צודרעהטער, נאָר איינער פון יענע פּראָסטע ברואים, וואָס אמאָל וואָלט מען זיי אָנגערופען — גולם. — אומ־געלומפּערט אין אויסזעהן, נאָך מעהר אומגעלומפּערט אין זיין אויסשפּראַך און אין הולך. אָבער די פּאַרטיי איז ביי איהם דאָס לעבען מיט דער נשמה, און אויף מסירת נפש וועט ער געהן, ווען מען דאַרף אידען אַרויסנעמען פון אַ צרה. און מיר האָבען איהם צוגעשריבען צו דעם — השומר — און מיר האָבען איהם געגע־בען דוקא אַן אָרט וואָס איז לעבענס געפאַהר, און האָבען עס איהם געזאָגט האָט ער זיך ווילד צולאַכט, און אַ זאָג געגעבען:

— און מיט כוליגאַנעס צו באַרען זיך איז צימעס עסען? און מיט פּוילישע שליאַכטעס צו ראַנגלען זיך, בעת זיי זענען שיכור און ברעכען טאָפּליעס ביי אידען איז אַ מאַיאַנטעק? נישקושע, לאָזט עס צו חונען. . . חונע האָט ניט מוירע פאַר קיין אַראַבער, געץ מיר נאָר אַ טאַטעל. . — איהר הערט אַ „שפּייער" איז ביי איהם אַ טאַטעל. . .

— עך וועל מיט זיי לערנען בולעק. . .

דער עולם האָט אָנגעקוואָלען, די גאַנצע מעשה האָט זיי אויס־געזעהן ווי אַ צוגעטראַכטע, אָבער יאָסעל האָט זיי דערצעהלט אַז ער האָט איהם איינגעלאַדען אַהער, און ער וועט מן הסתם באַלד אָנקומען, ווייל זיין שמירה הויבט זיך ערשט אָן צעהן אַ זייגער אויפדערנאַכט, און אַז ער וועט קומען זיך באַקענען מיט דעם עולם.

— נאָך איין זאַך — דערצעהלט יאָסעל ווייטער, — האָבען מיר אין דעם פאַרשווין דערקענט. — ער האָט אַן אָפען מויל. און אַ חוש פאַר הומאָר. ער דערקענט מענשען און איז זיך אַ גרוי־סער מבין, ער קען פיין אַריינזאָגען, און אפילו שטעלען יענעם אין

אַ גרויסער פארלעגענהייט, אָבער ער מיינט גאָר ניט. אָט ווי אַ קינד. עס זאָגט אַ חכמה און אַ רגע שפּעטער אַ גרויסע נאַרישקייט. קיין טעאָרעטיקער איז ער ניט. נאָר אַז מען דאַרף איהם איז ער דאָ, און ער איז גרייט לויפען, פליהען, טהון, און ברייננגען נוצען, און דער ישוב דאַרף אַזעלכע בחורים, אפילו ווען זיי זאָגען אמאָל אַ נאַרישקייט.

מיטאמאָל האָבען זיי באמערקט ווי פון דערווייטענס שפּאנט עמיצער אָבער ניט ווי מיט מענשליכע פיס, נאָר ווי ער וואָלט געשלעפּט מיט זיך צְוויי שווערע קלעצער און איידער ער איז צו-געקומען נאָהענט, זיינען אלעמענס אויגען געווען אָנגעשטעלט צו דער ריכטונג פון וואנען ער האָט געשפּאנט, וואַרפענדיג מיט די הענט אין דער לופטען, ווי ער וואָלט געאַרבייט מיט אַלע איברים וואָס שנעלער אָנצוקומען.

ביי דעם עולם איז שווער געווען איינצוהאלטען זיך, ניט אַרויסצושיסען אין אַ געלעכטער, נאָר יאָסעל איז אַלעמען פאר-לאָפען דעם וועג, און נאָך איידער ער איז געשטאנען אנטקעגען דעם עולם, האָט יאָסעל אויסגערופען.

— קומט אהער חבר. באקענט זיך מיט די חברים און חברות. דערלאנגענדיג אַלעמען די הענט. האָט ער אַ זאָג געגעבען:

— יאָך בין חונע דער באוואוסטער, און איז אוועקגעפאלען ווי אַ סנאָפּ, געאָטהעמט שווער. און ניט וואַרטענדיג אויף קיין איינלאדונג האָט חונע זיך צורעדט:

ס'געפעלט מיר ניט, אַזוי פריה און עטץ זיצט שוין אויסגע-זעצט ווי די פּריצים. . . עטץ האָט שוין קיין אַרבייט מעהר ניט. עטץ זענט ניט קלאָין צו אַרבעטען ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אריין. פּריצים גאָר. האָסטו געהערט? פּועלי ציון קומען אין ארץ ישראל און לעבען אויף לעבקע פּעטשינקעלאך. . . לונג און לע-בערלאך. הא?

— חבר חונע, וואָס איז מיט אייך? — האָט איהם יאָסעל צו-גערופען צו זיך? דאָ זאָגט מען ניט קיין מוסר, מוסר זאָגט מען אין די ישיבות אין צפת, דאָ זיינען אַלע חברים.

— נישקושע. כאוואירים מעגען אמאָל הערען דעם עמעס...

נישקושע. מיך שרעקט מען ניט איבער מיט כאוואירים. עך אליין
בין אויך פון די ערשטע פוילישע פּע פּע עסניקעס, און דערנאָך
פון די ערשטע פּועלי ציון, וואָס איז? האָטץ ניט מוירע עך וועל
קאינעם ניט אויפעסען. . . און אז כאוואירים איז וואָס? דאַרף
מען זיך פוילען און ווארפען די ארבעט אין מיטען טאָג?

— קומט אַהער, זעצט זיך אַוועק. חבר חונע, דערצעהלט אונז
עפּעס פון דער רייזע, פון פּוילען. פון וואנעט קומט איהר, וואָס
הערט זיך? האָט יאָסעל נאָך אַלץ איהם געזוכט איינצוצאַמען.
אָבער חונע האָט ניט געלאָזט רעדען:

— עטץ וועט קומען מירצעשעם שבת עמיר שמיעסען. עך בין
געקימען, מען זאָל מיר דערצעהלען, פארוואָס הארגעט מען דאָס
אינדזערע חברים, די שאָמרים? פּארוואָס האָבען מיר געקענט
אין פוילען האָבען א שטאַרקע שמירה און אָפּגעשטעלט פּאָגראָ-
מען, און דאָ קענען מיר זיך ניט ספּראווען מיט עטליכע וויסטע
פינצטערע אראבער!

— חונע, רעד ניט. דאָ רעדט מען ניט, נאָר מען געהט און
מען טוט! — האָט יאָסעל א זאָג געגעבען.

— עט מען טון! עטץ עט זעהן ווי אזוי מען טוט! — איז
חונע ווילד געוואָרען. — מעט זיי גיבען די ערד צו קייען, מעט
זיי מאַכען מיט א קאָפּ קערצער, עט מען זיי, וואָס מאַינט עטץ —
מען רעדט ניט! אז מעט רעדען עט מען אין אייך אַריינרעדען!

— וואָס מאַינט עטץ בין עך געקימען אַהער האָניק לעקען? עך
בין געקימען טון ארבעט, בין עך געקימען, ניט קיקען ווי די
פאַיגעלאך פליהען. שבת וועט עטץ קיקען אף די פייגעלאך!

ער איז דעם עולם אזוי שטאַרק געפעלען, אז מען האָט אָנ-
געהויבען אפּלאָדירען פּונקט ווי מען אפּלאָדירט א קינד, ווען עס
זאָגט א געלונגענע חכמה און ווייסט אליין ניט וואָס עס האָט
ארויסגעזאָגט.

— עך וואיס, עך וואיס, אפּלאָדירען קענט עטץ אַלע. קענט
עטץ האַלטען אן אקער? קענט עטץ גיבען קלעפּ מיט קילעקעס,
סטוסעקעס און שטאַינער אין קאָפּ אריין, אַז מען זאָל פארזאָגען
א צענטען מיט אייך צו פארטשעפּען? פּארוואָס שטעלט איהר ניט

אָן קיין זעקס שומרים אויף איין אראבער און לעגט זיי ניט אוועק ווי די מייז. וועלען זיי פארזאָגען א צעהנטען אז זיי זאָלען ניט ציקימען צו קיין אידישער קאָלאָניע, האַ?

עס איז געפאַלען נאָך אַ גרעסערער אפלאָוז, און צוליב חונען האָבען די ווייבער אַרויסגעטראָגען כיבוד, מען האָט געגעסען אָראנזשעז, און מען האָט גענומען אביסעל וויין, און דערנאָך איז מען אוועק טאנצען די האָרא. עס איז פון זיך אליין געוואָרען יום טוב.

נאָר אין מיטען טאנצען די האָרא איז פון אונטער א בערגעל געפאלען אַ שטיין, און איז גראָד געפאלען גאנץ נאָהענט צו דער ריכטונג אין וועלכער חונע איז איצט געשטאנען. גראָד האָט דער שטיין דאָס מאָל קיינעם ניט באשעדיגט.

חונע האָט ביי קיינעם ניט געפרעגט. און פלינק ווי א וויכער האָט ער זיך אוועקגעלאָזען לויפען צו דער ריכטונג פון וואנען דער שטיין איז געפאלען, און ניט אויסרעדענדיג קיין וואָרט איז ער פארשוואונדען געוואָרען.

דאָס טאנצען האָט אויפגעהערט. אלע זיינען געוואָרען אומ-רוהיג, אָבער ניט צושראָקען, פאר זיי איז עס קיין נייעס ניט געוועזן, אז דורכגעהענדיגע בעדואינער זאָלען אין „גוטען מוטה״ אַ ווארף טהון אַ שטיין אויף אַ אידיש געצעלט, און שפּרייזען ווייטער.

— אַ מאָדנער בחור, האַ? — האָט יאָסעל אַ זאָג געגעבען צי בערלען, האָסט שוין אמאָל געזעהן אַזא שלאק אין דיין לעבען?

— אַ ביטערער יונג. מען וועט איהם דארפען האלטען אין צוים. ער איז ווילד און שפּרינגט ווי אַ ווילדער אָקס.

— קיין בייז ניט.—האָט יאָסעל געענטפערט. — ער מיינט דאָך אוודאי גוט. אַ געטרייער שומר וועט ער זיין, און אויף מסירת נפש איז ער אויך גרייט צו געהן.

ארום האלב נאָך ניין, אַ האלבע שעה, איידער חונע האָט גע-דארפט איבערנעמען די שמירה, איז ער געקומען צוריק. דאָס העמד אויף איהם איז געווען צופליקט אויף שטיקער, אויפ'ן

שטערען איז געווען אַ פרישער צייכען פון אַ ראַנע, און אַ פלעק פארגליווערטע בלוט.

אסתר האָט ארויסגעבראַכט אַביסעל וואַסער און אַ טיכעל, האָט איהם ארומגעוואַשען די ראַנע.

חונע האָט געלאַכט:

— עסיץ דאַרפט זעך ניט שרעקען. עך וועל ניט שטאַרבען, אָבער די צוואָי באַנדיטעלעך וועלען שוין פאַרזאָגען אַ צענטען. די אויגען האָב עך זיי אינטערגעקלאַפּט? די גדערים וועל עך זיי אַרויסלאָזען אַז עך וועל זיי נאָכאַמאָל זעהן וואַרפען שטיינער...

און אין גרוים איילעניש האָט ער דערצעהלט:

— ווי די מייז אין די לעכער הינטער אַ קלאָין פּיצעל בערגעל זענען זיי געלעגען פאַרשטעקט צוויי פּיצלאַך שנעקישע אַראַבטשי-קעס. בין איך צוגעקראָכען שטילערהייט, און — דאַוואָי וואַרגען, אַרום די העלדזלאַך, האָט זיך איינער אַרויסגעריסען און מיר דער-לאַנגט מיט אַ קניפּעקעל. אַ פּיצעל מעסערעל אַ-דאָ-אָ — אויפ'ן שטערען, אָבער אַז איך האָב איהם ווידער אַריינגעכאַפּט אין מיינע לאַפּעס און גענומען איהם דישען פאַר'ן העלזעלע, און ער האָט שוין גענומען כאָרכלען, האָב איהם אויפגעהויבען און דער-לאַנגט איהם אַ בוכצע אין דעם צווייטען אַראַבטשיק, אַז זיי האָבען געמיינט אַז זיי וועלען באַידע דאַרפען אויפקלייבען די צייהן, האָבען זיי גענומען לויפען. אָבער לויפען ווי די שטשו-רעס. . . האָב איך געזעהן. אַז מען טאָר זיי ניט לאָזען אויפהוי-בען קיין קאָפּ, נאָר דערלאַנגען, אָבער אַזוי דערלאַנגען אַז זיי זאָלען דערזעהן דעם טאַטען פון יענער וועלט, אַ ריח אין זייערע הינטישע נשמות. . . שטאַינער וועט מען גאָר וואַרפען, ניט ביי חונען, ניין, גיטער ברידער. ניט געטראָפען דאָס אָרט ! . . .

אָפּגערעדט אויף גיך, האָט ער אַ זאָג געגעבען:

— ני כאַוואַירים. איצט וועט מען גאָין אַביסעל אָן אַרבעט טון. מעט זעך שוין זעהן שבת. שבת עט מען טאַנצען אַ האָרא.

און ער איז אַוועק ווי אַ וויכער געטראָגען אויף די פליגעל פון אַ שטורעם ווינט, און עס האָט אויסגעזעהן זעהר קאָמיש ווי ער שלעפּט בערישע צוויי פיס ווי ער וואָלט געטראָגען קלעצער ניט קיין שיך.

אסתר איז גאָר געווען ענטציקט פון איהם.

— אָבער, עס געפעלט מיר, וואָס ער איז ניט קיין פוילער, ניט קיין איבערגעשראָקענער, און ער האָט געכאפט א פיינעם שניט אויף דעם שטערען אויך.

— ניט געפעהרליך. — האָט בערעל זיך געוויצעלט. מיט אזא שניט לעבט מען. און ווי זאָגט חונע אליין — אז מען באַרעט זיך מיט פוילישע כוליגאנעס האָט מען שוין אין ארץ ישראל ניט וואָס איינצושטעלען. . . עס איז כדאי זיך צו שטעלען אנטקע-גען. . . — מיר לעבען עס דאָ אלע דורך. מיר ווייסען קיינמאָל ניט ווער עס וועט מאָרגען קריגען א וואונד, אָדער טאַקע אמאָל באצאָהלען מיט דעם לעבען.

דער פריהמאָרגען איז געווען א צורודערטער.

חונע איז געקומען צוקריכען אויפ'ן בויך, ווי א ווילדע חיה. די אויגען זיינען ביי איהם געווען פארלאָפען, פון דעם מויל האָט געיושעט דאָס בלוט, די צייהן, געל און פארברוינט, פארזאָטען מיט'ן בלוט, און ער איז אוועקגעפאלען אין גאָרטען, ניט ווייט פון דער שוועל פון דעם געצעלט, ווי א סנאָפּ.

— מי שם? (ווער איז דאָרט? —) האָט בן יצחק דער ערש-טער דערהערט זיינע טריט, און האָט שוין רוהיג ניט געקענט איינליגען אויף זיין געלעגער, און ער האָט גענומען וועקען חיה שרה'ן.

איציק איז דער ערשטער ארונטערגעשפּרונגען מיט דעם „שפּייער" אין דער האנט, גרייט אויף דאָס ערגסטע, און ווען ער איז ארונטערגעקומען און דערזעהן דאָס בילד — איז ער געוואָרען אויסער זיך פאר גרויל.

חונע האָט גע'חלש'ט, און איז געווען פארביי!

— חונע, וואָס האָט פאסירט! דערצעהל!

אויף איציק'ס קולות איז ארונטערגעלאָפען חיה שרה און אסתר, און עס האָט גענומען רודערען אין דער קאָלאָניע, ווי אין א צייט פון א מהומה. עס איז געווען פארשטענדליך, אז די נאכט איז פאָרגעקומען א געשלעג צווישען חונען מיט די אראבער.

חיה שרה האָט חונען דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער, און אסתר איז געקומען צולויפען מיט אַ שיסעל וואַסער, און האָט איהם ארומגעוואַשען, און אין אַ ווײַלע ארום, ווען חונע האָט ווידער געעפענט די אויגען, און איז געקומען צו זיך, איז שוין דער גאַנצער עולם געשטאַנען אַרום איהם אין גאָרטען. עס איז שוין געווען אין דער פריה, און אַלע האָבען דערפיהלט, אַז מען איז איבערגעקומען אַ גרויסע געפאַהר.

חונע האָט אָנגעהויבען דערצעהלען:

— עטץ זענט הוזען צושראָקענע ניט קיין כּאוואירים! יאַך האָב אַך געריפען, געשריען מיט ווילדע קולות, און עטץ זענט גע-שלאָפען ווי די סנאָפּעס. . . עטץ וואַיסט ניט וואָס פאַר אַ מער-דער ענק האָבען אין פּאַלעסטינע. עס איז דאָך גאַזלעוואָיע, יאַך זאָג אַך, עטץ וואַיסט ניט, אַז ווער און וויסט איז צו אַך. . . עטץ עט ניט קענען קאָנטשען פּאַלעסטינע און עס מאַכען פאַר אינדזער האַים, ביז אינדז עמער ניט פאַרטיג ווערען און אַוועקשיקען די אַראַבישע מערדער אויף יענער וועלט!

דערנאָך האָט איהם אסתר געבראַכט אַ פרישע גלאָז מילך, און איז צוגעשטאַנען צו איהם:

חבר חונע, דערצעהלט, וואָס איז דאָרט געשעהן?

— שבת עט מען הובען צאַט. עט מען זעך אויסזעצען אין גורטען, און מע'ט דערצעהלען. . . — האָט חונע אַ זאָג געגעבען. — איצט דאַרף מען שוין צונויפריפען די כּאוואירים און האָבען מיט זיי אַ קאָנפערענץ. מ'עט דאַרפען אָפּטראַבען האַנט באַנאַכט אַ גאַנצע טשאַיקע אַראַבער. וואַל יאַך האָב — מיט זאַי געהאַט אַ מלחמה, און האָב אײַנעם פון זאַי דערשטיקט אויף טויט, דעם מאַמזער, ווייל ער איז אַ ווילדער. אַ גזלן, און ער וואַרפט זעך מיט אַ מעסער.

פון חונע'ס רייד, האָבען אַלע פאַרשטאַנען, אַז די אַראַבער ווייסען, אַז ער האָט איינעם אַוועקגעלעגט, און אַז חונע אליין גרייט זיך, אַז די אַראַבער וועלען קומען נעמען נקמה.

מען האָט אויפגעוועקט יוחנ'ן, און מען האָט אָנגעהויבען טראַכטען וועגען פּלענער, ווי אַזוי צו פאַרטאָפּלען און אויב נוי-

טיג צו פארדרייפאכען די שמירה, די וואך ארום דעם אידישען ישוב.

פון יענער נאכט אָן האָבען אָנגעהויבען צו פאלען אויך אי-דישע קרבנות אין אַ גרעסערער צאָהל, און עס האָט זיך אָנגעהוי-בען שרייבען דאָס ערשטע בלוטיגע קאפיטעל אידישע געשיכטע אין ארץ ישראל, ווי עס איז שפּעטער אָנגעדייטעט געוואָרען אין דעם בוך — יזכור, געשריבען לויט די היסטאָרישע פּאסירונגען אין יענע בלוטיגע טעג.

---

## ערב דעם גרויסען וועלט חורבן

דער קאמף מיט דער רוסישער רעגירונג האָט אָנגענומען אָפענע, דרייסטע ווענדונגען. עס זיינען געפאלען קעפּ אין די רע-גירונגס קרייזען דורך די אָפטע אטענטאטען פון רעוואָלוציאָנערען.

עס זיינען אויך געפאלען קרבנות אין ארץ ישראל, דורך די הענט פון די ווילדע אראבער.

עס איז אנטשטאנען א מאָמענט ווען די גאנצע וועלט געשיכטע האָט געדארפט רעווידירט ווערען. יוחנן איז געזעסען און גע-טראכט.

— מיר האָבען געגרייזט אין דער ארבייט און אין די פּלענער.

— קיינער רייסט זיך אינגאנצען ניט אָפּ פון דעם שורש צו וועלכען ער איז צוגעבונדען דורך דער געשיכטע און דורך דעם בלוט וואָס עס פליסט אין זיינע אָדערען. דאָס בלוט פון פריהער-דיגע דורות, וואָס האָבען אויך געהאט אידעאלען, פאר וועלכע זיי האָבען מלחמה געהאלטען. ניט מעהר, עס בייט זיך די פּע-ריאָדע, עס קומט אָן א נייע צייט, און זי שטעלט ארויס אַנדערע פאָדערונגען, און עס רוקען זיך אָן נייע אָנהענגער, און כאפּען אויף פרישע חלומות, וועבען זיי אריין אין די געשעהענישען, און שמידען אויס נייע אידעאלען.

ער האָט צוגערופען שלומ׳ן, און איהם אַ זאָג געגעבען.

— מיין קינד, איך בין אלט. מיין מיסיע איז געווען אויפ-

צוגראָבען דעם באָדען, און פארזעען די קערנדלאך פאר א צו-קונפט. די צוקונפט איז א גלאָררייכע. עס איז אין דיינע הענט, און אין די הענט פון יענע וועלכע וועלען לעבען מיט דיר אין דיין צייט ווייטער צו שפינען דעם אידישען פאָדעם, און צו קעמ-פען פאר דער באפרייאונג פון אונזער פאָלק אין אלע לענדער, און אריינצוברייננגען אזוי פיל אידען ווי עס וועט נאָר מעגליך זיין קיין ארץ ישראל.

— אָבער איידער דאָס וועט געשעהן, וועט קומען א גרויסער חורבן אויף דער וועלט. לאנדקארטעס וועלען זיך ענדערען, גרע-נעצען וועלען זיך איבערבייטען. קרוינען וועלען צושמעטערט ווערען, אלע קייטען וועלען צוריסען ווערען, און ווען דער שטורם וועט פאָריבער, וועט זיך ווידער אויסלייטערען דער אידישער הימעל. עס וועט פריי ווערען דאָס אידישע פאָלק פון דער שרעק-ליכער פארקנעכטשאפט, און עס וועט אויך אויפשיינען א ליכ-טיגער פריהמאָרגען פאר אונזער פאָלק. נאָר ביז דאן, מיין קינד, גרייט זיך פאר אונז א שרעקליכע צייט, און מען וועט מוזען זיך שטאַרקען און ניט פארצווייפלען.

— די מלחמה וואָלקענס, ווערען אזוי מורא'דיג געדיכט, און איך הער שוין דאָס אָנקומען פון א וועלט שטורם, וואָס האָט נאָך צו זיך קיין גלייכען ניט געהאט אין דער געשיכטע.

וואָס דער אויסגאנג פון דער וועלט מלחמה זאָל ניט זיין, קען מען אָבער איין זאַך שוין זעהן פאָרויס:

— אונזער פאָלק וועט נאָך מעהר צוריסען ווערען, און עס וועט דארפען קעמפען אויף אלע שלאכטפעלדער. עס וועט קעמפען ברודער געגען ברודער, אָבער עס וועט מוזען געשעהן! דאן וועט קומען דער טאָג, און די פעלקער וועלען זיך זעצען צום רונדען טיש און צוטיילען מיט דער וועלט, וועלען מוזען קומען אידישע פארטרעטער, און אויפמאָהנען זייער חלק ניט פון דעם רויב, ניט די קרוינען, נאָר א שטיקעל באָדען פאר זייער באשטאנד, און אן אייגענע געזיכערטע היים פאר זייערע קינדער. די דאָזיגע היים, דארף זיין אונזער לאנד, ארץ ישראל. וועלען מיר האָבען ריכטיגע שטאטסמענער, וועלען זיי וויסען ווי צו באשטעהן אויף דער דאָ-זיגער פאָדערונג, און זיי וועלען באאיינפלוסען די שטאטסמענער

פון דער ליבעראלער וועלט, און ענדליך וועלען אידען האבען אי־בערגעריסען אויף אייביג די גלות־קייטען, און דערנאך וועט זיך ערשט אנהויבען די דריטע עליה נאך ארץ ישראל. עס וועט ווידער קומען א נייער חלוץ, אינגאנצען א פרייער, און ער וועט שרייבען דאס אמת גרויסע, גלארייכע קאפיטעל געשיכטע, פול מיט העראאישקייט און מיט מוט.

— איך זעה דאס אנקומען פון אזא צייט. זיי שטארק, און מאך זיך גרייט.

ווי אין א טראנס איז שלום געזעסען. עס האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער האט איצטער פון דעם אלטען געהערט א נבואה, ווי דאס וואלט געקומען פון די הויכע בערג, וועלכע זיינען געווען אנגעלאדען מיט מיסטעריע.

---

יוחנן איז געבליבען אין בעט. ארום איהם זיינען געזעסען פארזאמעלט אסתר זשיטניקער און בתיה. שלום און בערעל איינ־בינדער. רוהיג, ווי א צייטיגער בוים, וועלכער האט זיך איינגע־ווארצעלט, צובליהעט, און אויסגעלעבט ביז זאטיגקייט, האט ער אויסגעזעהן גאנץ צופרידען, און ער האט אין א שטילען טאן א זאג געגעבען.

— איך בין גרייט צו געהן פון דער וועלט. מיין ארבייט איז געענדיגט. קיינער בלייבט ניט אויף אייביג, חוץ אין דער געדע־כעניש ביי די מיט וועמען ער האט צוזאמענגעארבייט. די ארבייט אליין, ווערט איבערגעגעבען צו די ווייטערדיגע דורות.

משה איז געווען גוט אין זיין צייט: נאך איהם איז געקומען א יהושע. איך האב געטהון וואס איך האב געקענט אין מיין צייט. איצט איז מיין צייט אויך אריבער. אבער דאס לאנד וועט שריי־בען נייע בלעטער אין אונזער געשיכטע. די בלעטער וועלען נאך מעהר ווי ביז איצט ווערען געפארבט מיט אונזער בלוט. זאלט איהר עהרען און געדיינקען אונזערע העלדישע זיהן און טעכטער, וואס וועלען געהן פון דער וועלט מיט מסירת נפש, פאר קידוש הארץ. פאר אונזער לאנד און פאר אונזער פאלק."

די זון ביים פארגעהן האט זיך געצונדען צונטער רויט, און

איהרע לעצטע שטראהלען האָבען געפלאמט איבער'ן האָריזאָנט. פון דער ווייטען האָט זיך געהערט דאָס געזאנג פון א נייער גרופע עולים, וואָס זיינען געוועזן ניט לאנג אין לאנד. זיי* האָבען פארענדיגט א טאָג ארבייט אין עמק און פון גאָרטען און פון פעלד, האָט זיך צושאלט א געזאנג:

ארצה עלינו, ארצה עלינו, ארצה עלינו!
כבר חרשנו, וגם זרענו. אבל עוד לא קצרנו!

---

אהיים אָנגעקומען, לאנד איינגענומען,
גלות אויף א היים פארביטען.
זומפען פארשאָטען, שלאנגען צוטראָטען.
צרות א וועלט אויסגעליטען!

---

אויף שטעגען און וועגען
אין היצען און רעגען,
געפאהרען מיר געהען אנטקעגען!

---

מיר שפרייטען געצעלטען,
אין ווינטען און קעלטען,
בויען מיר שענערע וועלטען!

---

מיר גראָבען שאָסייען מיר פלאנצען אלייען,
מדבר מיט בלומען מיר זעען!
לאנג שוין צואקערט, לאנד שוין פארזעעט,
אָבער נאָך ניט געשניטען, אָבער נאָך ניט געשניטען!

— די רעליגע פון ארבייט דורך געזאנג. — דאָס זיינען געווען די לעצטע ווערטער זיינע, און דערנאָך האָט ער שוין קוים באַווי־זען אין זיך צו שעפּטשען מיט דעם לעצטען אָטהעם.

— שמע ישראל ד׳ אלוהינו ד׳ אחד.

(ע נ ד ע)

ברוך — — — שהחינו !



דאָס 2-טע בוך איז געווידמעט צו טילי און טשאַרלס גאָלד.